אײפּטאָן סינקלער

# פּעטראָלעאום

ר אָ מ אַ ן

ייִדיש: א. ערליך

צװײטער באַנד

פֿאַרלאַג ש. גאָלדפֿאַרב װאַרשע

1929

## קאַפּיטל דרייצען

# דער מאָנאַסטיר.

### I

בוני האָט זיך געפּלייסט קלאָר צו מאַכן דאָס פּראָבלעם „פּראָלעטאַריאַט און קאַפּיטאַל", ער האָט איינגעזען, אַז דאָס איצטיקע סיסטעם וועט נישט קענען שטענדיק דויערן, אַז נישט אייביק וועלן די אוצרות און רייכטימער פון אַ לאַנד קענען געוואָרפן ווערן אויף דער אַרענע, כּדי עקספּלואַטירט צו ווערן אין קאַמף פון די גיריקסטע. און האָט מען זיך געפרעגט: ווער קען ענדערן דאָס סיסטעם; אַזוי איז איצט געווען נאָר איין ענט-פער: די גרויסע מאַסע פון אַרבעטער, וועלכע ווייסן, אַז רייכ-טום ווערט דערוואָרבן נאָר דורך אַרבעט. די לאַגע פון די פּראָלעטאַריער אָבער איז געווען אַזעלכע, אַז זיי האָבן נאָר דע-מאָלט געקענט עפּעס דערגרייכן, ווען זיי האָבן זיך פּאַראייניקט. זיי זענען געוואָרן אויף אַזאַ אופן געצוווּנגען, צי זיי האָבן עס געוואָלט, צי נישט, אַוועקצושטעלן זיך אַלס ציל דעם אידעאַל פון ברידערלעכקייט און סאָלידאַריטעט.

דאָס איז געווען די גרונט לערע פון אַלע „ראַדיקאַלע", און בוני האָט זי אָנגענומען מיט פרייד, ווייל ער האָט אין איר גע-

זען דעם אויסוועג פון דעם כאָאָס פון דער געלטוועלט און מלחמות.

דער פּראָלעטאַריאַט מוז זיך אָרגאַניזירן, די אינדוסטרי איבערנעמען און זי אַנטשפּרעכנדיק די אינטערעסן פון אַלעמען, פון ס׳ניי איבערבויען. די טעאָריע איז געווען אַ פּשוטע, אַ פּאַרטרויענסווערטע; אָבער בּוני האָט געמוזט אַנערקענען, אַז די ווירקלעכקייט איז פיל מער קאָמפּליצירטער. די שעפער פון דער נייער געזעלשאַפט האָבן זיך נישט געקענט אייניקן צווישן זיך, נישט איבער דעם בויפּלאַן און נישט איבער דעם, ווי אַזוי מען זאָל דאָס אַלטע אָפּראַמען.

זיי זענען געוואָרן צעשפּאָלטן אויף פאַרשידענע לאַגערס און אַוועקגעשענקט אַ גרויסע טייל פון זייערע כּוחות אויף די שטרייטן צווישן זיך. מען האָט געקענט מיינען, אַז ווייניקסטנס דרום־קאַליפאָרניע באַזיצט די אַרבעטער־באַוועגונג גענוג פיינט אין דער געשטאַלט פון דעם אַרבעטער־פאַרבאַנד מיט זיינע שטרייקבּרעכער, פּראָוואָקאַטאָרן, שפּיאָנאַזש־אַגענטורן, מיט זיין סיסטעם פון שוואַרצע ליסטעס, פאַרפאָלגונגען, געדונגענע פּאָליטיקער און געזעצן צו דעם נישט גונסטן פון די אַרבעטער. אָבער לײַדער, זענען די ייִנגע ראַדיקאַלן נישט געווען אין דער מיינונג, זיי האָבן זיך געמוזט אַרומרייסן צווישן זיך.

איצט זענען אַלע געווען פיבּערדיק אויפגערעגט פון דער רוסישער רעוואָלוציע. דאָס דאָזיקע אויסערוויינלעכע געשעעניש, האָט אויפגעטרייסלט די אַרבעטער־באַוועגונג אויף דעם גאַנצער פעלד. צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע האָט דער פּראָלעטאַריאַט איבערגענומען די רעגירונג. ווי אַזוי וועט ער זיין מאַכט אויסנוצן? די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט האָט, פאַרשטענדלעך, פאַרשפּרייט שוידערלעכע לעגענדעס איבער רוסלאַנד, אָבער די סאָוויעטן זענען געבליבן ביי דער מאַכט, און יעדער טאָג, וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן, האָט געהייסן אַ נייע מפּלה פאַר דער פּרעסע־קאָמפּאַניע. די אַרבעטער קענען אַזוי אַרום רעגירן! די אַרבעטער רעגירן! אוממעגלעך!

אויף דער גאַנצער וועלט האָט זיך די אַרבעטער־באַוועגונג

גונג צוטיילט אויף צוויי לאַגערס, פון וועלכע איינער איז גע-
ווען אין דער מיינונג, אַז אויך אין זייער לאַנד קאָן מען פאָלגן
דעם ביישפּיל פון די רוסן און אַז מען דאַרף דעם פּראָלעטאַר-
יאַט דערצו אָרגאַניזירן און פאָרברייטן, און איינער איז געווען
אין דער מיינונג, אַז צוליב דעם אָדער יענער גרונט, וואָלט
יעדער ענלעכער פּרוּוו געווען אַ שגעון. די דאָזיקע געוואַלטי-
קע שפּאַלטונג האָט זיך אַרויסגעוויזן אין יעדער פּאַרטיי, אין יע-
דער וועלט-אַנשויאונג. די סאָציאַליסטן האָבן זיך געשפּאָלטן אין
אָנהענגער און אין קעגנער פון דעם רוסישן ביישפּיל, פּונקט אַזוי
האָבן זיך אויך געשפּאָלטן די אַנאַרכיסטן. אפילו די פּאַריינספּי-
רער זענען געווען פון פאַרשידענע מיינונגען: אייניקע האבן גע-
וואָלט די סאָוויעט-רעגירונג לאָזן צורו, אנדערע האָבן זי געוואָלט
מיט דער הילף פון די קאַפּיטאַליסטן אומוואַרפן.

פאַר בוני איז דער דאָזיקער קאַמף פאַרקערפּערט געוואָרן
אין דער פאַמיליע מענציעס. מענציעס פאָטער, אַן אַלטער איי-
ראָפּעישער סאָציאַלדעמאָקראַט, איז געווען אַ מיטגליד פון דעם
קאָנפעקציע אַרבעטער פאַריין. פון די זעקס קינדער זענען צוויי
טעכטער געווען געראָטן אין דער מוטער, אַן אַלטמאָדישע אָר-
טאָדאָקסישע יידישע פרוי, וועלכע האָט געטראָגן אַ שייטל,
געהאַלטן און אָפּגעהיטן אַלע יום-טובים, און פאַר די קינדער,
וועלכע האָבן אין אַמעריקע דעם גלויבן און די עלטערן אָנגע-
ווירן, געבעטן און זיי באַווייגט. רחל און דער לעצטער זון
יעקב זענען געווען ווי דער פאָטער סאָציאַליסטן. די איבעריקע
צוויי ווידער, זשעאָ און איקיי, האָבן געהערט צו דעם לינקן
פליגל און זענען געווען פאַר דער דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט.

# II

בוני האט באקומען א בריוו פון רחלען:

„ליבער הער ראס,״—זי האט אים שטענדיק אזוי גערופן אין קעגנזאץ צו אלע אנדערע שטודיום-קאלעגן, כדי אפצוהיטן איר פראלעטארישע ווערדע קעגנאיבער איינעם, וואס שטייט געזעלשאפטלעך העכער פון איר,—„מיר זענען ווידער אין דער היים, נאכדעם ווי מיר האבן אין קאליפארניע פלאמען געריסן. די צווייטע וואך וועלן מיר גיין ווייטערויבן רייסן. איר האט אמאל געזאגט, אז איר וואלט גערן בייגעווינט א פארזאמלונג פון די היגע סאציאליסטן, מארגן אוונט קומט פאר אין דעם זאל פון די באקליידארבעטער א וויכטיקע פארזאמלונג. מיין פאטער און מיינע ברידער וועלן אויך ארייבקומען און זיך פרייען צו באקענען מיט אייך.״

בוני האט איינגעלאדן דעם פאטער מענציעס מיט די פיר יינגע יידישע סאציאליסטן אויף א מיטאג פאר דער פארזאמלונג, ער האט זיי געפירט אין אן עלעגאנטן רעסטאראן, וועלנדיק דערמיט ארויסווייזן זיי כבוד,—אז זיי וועלן זיך אפשר דארט פילן נישט גוט צוליב זייער קליידונג און טיש מאניערן, אויף דעם געדאנק איז ער נישט געפאלן.

בוני האט נישט געטראפן רחלן אלס א פארבלאזע, שוואך ארבעטנדיקע מיידל. זי האט געהערט צו יענעם אריענטאלישן

טיפ, וועלכער האָט געקענט עטלעכע וואָכן רייסן אויבס אויף דער זון, נישט מאַכנדיק זיך דערביי קיין זאָרגן וועגן דער פאַרב פונם פנים. אויף אירע באַקן האָט געלייכט דער זונאויפגאַנג, אין איר גייסט האָט געגליט די זון און צום ערשטן מאָל איז בונין איינגעפאַלן, אַז דאָס מיידל זעט אייגנטלעך אויס זייער אינטע-רעסאַנט.

רחל האָט בונין דערציילט אירע איבערלעבענישן, וועלכע האָבן אויסגעזען בונין אויסערגעוויינלעך ראָמאַנטיש. מערסטנטייל מענטשן, וועלכע האָבן ליב צו חלומען אפילו ביי דעם ליכט פון טאָג, זעען זיך גערן אַלס אַ זון און יורש פון אַ נאַפטמאַגנאַט אויף וועלכן עס רעגענען אַראָפּ מיליאָנען דאָלאַרן און וועלכער האָט בכּוח אויסצופירן און פאַרווירקלעכן אַלע זיינע קאַפּריזן און פאַרלאַנגען, אָבער בוני האָט געהאַט אַנדערע טרוימען, אים האָט זיך אויסגעוויזן הערלעך דאָס צרומפאָרן אין אַן אַלטן פאָרד-אויטאָ. וועלכן מען דאַרף אַלעמאָל רעפּערירן צוזאַמען מיט יונ-גע מענטשן, צו שלאָפן אין אַ געצעלט, וועלכעס דער ווינט צע-וויִט, צוזאַמען מיט מעקסיקאַנער, יאַפּאַנער און אינדיאַנער אויבס צו רייסן און אַלע וואָך אַ פּאָסטאָנווייזונג אויף צען דאָלאַר אַהיימצושיקן.

דער פאָטער מענציעס איז געווען אַ קרעפּטיקער מאַן מיט בלאָנדע, געלאָקטע האָר און אַ ברייטער ברוסט, וועלכע איז דאָך פונם שטענדיקן זיצן איינגעבויגן געווען, אַ ביסל איינגע-פאַלן. דעם סאָציאַליסטישן זון יעקב האָט בוני געקענט אַלס אַ שמאָל-ברוסטיקן בלאַסן סטודענט און האָט איצט אויסגעפונען, אַז דאָס לעבן אויף דער פרישער לופט האָט זייער גוט געווירקט אויף אים.

די צוויי אַנדערע זין, די וואָס פונם „לינקן פליגל", זע-נען געווען באַרעדעוודיק און עגאָאיסטיש; זיי האָבן אָפּגעשטויסן פון זיך דעם אויסגעאיידלטן בונין, וועלכער איז איז נישט גע-ווען גענוג פאַרשטענדיק כּדי צו באַגרייפן, אַז די ביידע קומען זיך צונויף דאָס ערשטע מאָל אין לעבן מיט א יינגן פּלוטאָ-קראַט און האָבן געוואָלט מיט אַלע מעגלעכקייטן אָפּהיטן זייער

פראָלעטאַרישע אומבאַרירלעכקייט און ווערדע.

קיינער דאַרף נישט זאָגן, אַז זיי פילן זיך נישט גוט אין זיין קעגנוואַרט! אויסערדעם זענען זיי צוליב זייער פּאָליטישער איבערצייגונג געווען צעקריגט מיט די איבעריקע מיטגלידער פון דער פאַמיליע און קוים גערעדט מיט זיי.

נאָך דעם מיטאָג זענען אַלע אַוועק אין דעם פאַרזאַמלונגס זאַל, וועלכער איז געווען פול פון אויפגערעגטע מענטשן. עס איז אויסגעוועלט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט דער טאַקטיק פון דעם באַצירק און דער דאָזיקער קאָמי- טעט האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל דעם לינקן פליגל אויסשליסן. די מינדערהייט האָט אַריינגעטראָגן אַ קעגנ- פאָרשלאָג, אַז אַלע אַנדערע זאָלן אויסגעשלאָסן ווערן. בוני האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט און זיך געפלייסט מיט אַלע כּוחות נישט צו אַנטוישן זיך אין דער ראַדיקאַלער באַוועגונג. די מענטשן דאָ האָבן אַזוי געליאַרמט און בוני האָט אַזוי ליב גע- האַט די רו!

„איך האָב נישט דערוואַרט קיין גוטע מאַניערן פונם פּראָ- לעטאַריאַט,״—האָט ער געטראַכט ביי זיך,—„איך נישט קיין גוטן ענגליש, אָבער פאַרוואָס זאָלן זיי אַזוי הויך ליאַרמען און זיך מיט די פויסטן דראָען? קענען זיי גאָרנישט דעבאַטירן צווישן זיך איבער די אַרבעטער-פראַגן, נישט זידלען זיך דערביי מיט אַזעלכע ווערטער, ווי אַרבעטערפאַררעטער און געלער הונט?״

בוני האָט זיך צוגעקוקט צו די אַרבעטער פון אַנגלי סי- טי אין איינעס פון זייערע קריטישסטע מאָמענטן, און די אַר- בעטער האָבן גאָרנישט געקלערט זיך צו באַווייזן פאַר יינגן מאַן מיט זייערע געזעלשאַפטלעכע מאַניערן.

אָט איז דער פאָטער מינציעס אַרויפגעקלעטערט אויף דער טריבונע און געשריגן צו זיינע אייגענע זין, אַז זיי זענען אי- דיאָטן, אויב זיי גלויבן, אַז מען וועט אין אַמעריקע קענען דורכ- פירן די מאַסנרעוואָלוציע.

„פאַרוואָס איז עס געקומען אין רוסלאַנד צו אַ רעוואָלו- ציע? ווייל דאָס גאַנצע לאַנד איז דורך דער קריג געגאַנגען צו

גרונט. אָבער עס וועט באַדאַרפן פּאָרקומען אַ צעניעריקער קריג כדי מען זאָל דעם קאַפּיטאַליסטישן קלאַס אין אַמעריקע צו אַזאַ צושטאַנד ברענגען. און וואָס טוט איר, יינגע נאַראָנים, דער־ווייל? איר גיט איבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין די הענט פון דער פּאָליציי! זי האָט אויך דאָ אירע שפּיאָנען, און גראָד די דאָזיקע שפּיאָנען זענען די הויפּטפירער פון אייער אידיאָטי־שער, לינקער באַוועגונג!"

בונין האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די ווערטער זענען גאַנץ פּאַרנונפטיק, די אונטערנעמער פון אַנגלי סיטי האָבן דאָס גע־וואָלט, אַז די סאָציאַליסטן זאָלן צו ווייט אַוועק, וועט מען זיי קענען לייכטער צעשמעטערן. האָט מען אָבער דאָס געזאָגט די יינגע עקסטרעמיסטן, אַזוי איז עס געווען גלייך מען זאָל האַלטן אַ רויטן טוך פאַר דער נאָז פון אַ בוק.

„ווי"—האָט איקיי מענציעס געשריגן צוריק צום פּאָטער,— „איר רעדט פון דער פּאָליציי? וואָס טוען אייערע געליב־טע סאָציאַלדעמאָקראַטן איצט אין דייטשלאַנד? זיי האָבן נאָך אַריבערגעשטיגן דער פּאָליציי און צעשאָסן די קאָמוניסטישע אַר־בעטער לטובת די קאַפּיטאַליסטן! און איר נעמט אָן פּאָסטנס פון די קאַפּיטאַליסטן און ווילט די אַרבעטער איבערקויפן מיט אַ לויב־העכערונג פון צוויי סענט אַ שעה!"

עס איז אַלזאָ אין אַנגל סיטי, ווי אומעטום, געקומען צום גרויסן קראַך. די רויטע האָבן זיך צוריקגעצויגן און האָבן זיך שפּעטער געשפּאָלטן אויף דריי פאַרשידענע קאָמוניסטישע גרופּעס, זשעאַ און איקיי זענען אַוועקגעגאַנגען פון דער היים און געלעבט מיט צוויי אַרבעטער־מיידלעך, וועלכע האָבן געהאַט די זעלבע פּאָליטישע איבערצייגונגען.

בוני אָבער איז געווען צעמישט פון דעמאָלט אָן: דאָס לעבן איז שרעקלעך קאָמפּליצירט, און עס איז אַזוי שווער דאָס גליק צו געפונען!

# III

איינמאָל אין אַ זונטיק האָט געקלונגען דער טעלעפאָן ווערנאָן ראָסקאָע האָט גערופן דעם פאָטער. בוני איז צופעליק צוגעגאַנגען דער ערשטער צום טעלעפאָן און דערהערט די קרעפּטיקע שטים:

„האַלאָ, ווי גייט עס דעם יינגן באָלשעוויק? הערט, יִם יוניאָר, איר ווילט דאָך מיר באַזוכן? פאַרוואָס נישט איצט? אַנאַבעלע רוט זיך אויס פון די ליידנשאַפט, זי וועט זיך פרייען מיט אייך צו באַקענען, ווי טראַסי איז דאָ און הערוויי מעבינג און אויף זונטיק וועלן נאָך קומען. קומט, אייער אַלטער וועט אייך שוין זאָגן ווי אַזוי איר זאָלט פאָרן.“

בוני האָט איבערגעגעבן דעם פאָטער, אַז ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג און הער ראָס האָט געמיינט, אַז הער ראָסקאָעס באַלעבאַטישקייט איז אַזוי איינגעאָרדנט, אַז בוני מעג זיך מיט דעם באַקענען. אַנאַבעלע עמס, די פילמשוישפילערין, ווערט אָנגערופן פון ראָסקאָעס מענטשן מעטרעסע, אָבער עס איז נישט געווען ריכטיק, ווייל אַנאַבעלע האָט אים באמת זייער גערן געהאַט, געזאָרגט פאַר אים און מיט אַלע זיינע פריינט געווען באַקאַנט; ס'איז געווען גלייך ווי די ביידע זאָלן האָבן זיין פאַרהייראַטעט. נאָר ס'איז נאָך געווען אַ ווירקלעכע פרוי ראָסקאָע, וועלכע האָט מיט אירע 4 זין געוווינט אין שטאָט. פרוי ראָעקאָע האָט געפירט אַן אויסערגעוויינלעך געזעלשאַפטלעך לעבן און האָט אויך-

געוואָלט אַז ווערנא זאָל דאָס טון. אַמאָל איז פרוי ראָסקאָע געקומען אין דעם „מאָנאַסטיר״, אַזוי ד׳האָט געהייסן די ווילע, אָבער, פאַרשטענדלעך, קיינמאָל נישט, ווען פריילן אַנאַבעלע איז געווען. דער פאָטער האָט געמיינט, אַז די ביידע האָבן זיך זייער סיסטעם, נישט צו טרעפן זיך. פריילן עמס האָט באַזיצט בשכנות פון דער צעטליע אַן אייגן הויז און דער „מאָנאַסטיר״ איז געווען נישט מער ווי אַן אָרט, וווהין די באַקאַנטע זענען איינגעלאַדן געוואָרן אין דער סוף וואָך.

ווען בוני איז אָנגעקומען צום מיטאָג, איז שוין געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסע געזעלשאַפט. אייניקע האָבן געטראָגן אָוונט-טואַלעטן, אַנדערע ספּאָרטקאָסטיומען אָדער סאַקאָנצוגן, ווי דער באַלעבאָס. ראָסקאָע האָט גערעדט מיט פריד אָרפאַן איבער פּאָליטיק, זיי האָבן גערעדט פון דעם קלאַפּ, וואָס זיי האָבן געוואָלט געבן דער דעמאָקראַטישער פאַרטיי. ראָסקאָע האָט גערעדט; דער אַנדערער איז געווען אַ מערקווירדיק, שווייגנדיק, באַשעפעניש, הויכגעוואַקסן און מאָגער, מיט אַ קנאַכיקן, פערדישן שאַרבן. אָרפאַן האָט געהאַט זעלטענע, גרוי-גרינע אויגן, וועלכע האָבן צייטנווייז געקוקט פאָלקאָם ליידיק, ער האָט געקענט שעהנלאַנג שווייגנדיק אויסהערן אַנדערע, און מען ד׳האָט געקענט מיינען, אַז אויך זיין קאָפּ איז פאָלקאָם ליידיק, דאָך אין קעגנטייל: ער איז געווען דער פירער פון אַ גאַנצער קייט פון באַפּטאונטערנעמונגען און הער ראָס האָט באַהויפּטעט, אַז ער איז אַזוי שאַרף ווי שטאָל. אויך בעסי בערי האָט זיך דאָ געפונען, ווייל עס האָט געהערט צום גוטן טאָן, איינצולאַדן איר צוזאַמען מיט אָרפאַנען. ער האָט פינאַנסירט אייניקע פון אירע פילמען, און זי האָט געצאָלט דערפאַר דעם געוויינלעכן פּרייז, די דאָזיקע פאַרהעלטעניש איז נישט געווען אַזוי בכבודיק ווי די פון ראָסקאָעס מיט אַנעבעלען, ווייל בעסי איז געווען פאַרליבט אין איר דירעקטאָר און דער איז נאָך היינט געווען פאַרליבט אין איר; די דאָזיקע צוויי מענער זענען דעריבער נישט געווען קעגנזייטיק פריינטלעך געשטימט. בוני האָט באַמערקט, אַז אַנאַבעלע האָט די ביידע קאָנקורענטן טאַקטפול

אוועקגעזעצט אין ביידע זייטן טיש,

זיי דהאָבן זיך געפונען אין אַן ארט קאַטעדראַלע, אין דעם אַזוי גערופענע „רעפלעקטאָריום". בוני האָט געהאַט דעם ערנפלאַץ רעכטס פון דער רייצנדיקער אַנאַבעלע, וועלכע דהאָט זיך איבערגעטון אַלס אַ ווייסע הערצאָגין. לינקס פון איר איז געזעסן פערי דושען, דער פראָדוקציע שעף פון איר פילם-געזעלשאַפט. ער האָט זיך אונטערגעהאַלטן וועגן אַ ביייעם פילם, פון וועלכן ער האָט מיטגעבראַכט צוויי סצענעס, נעבן אים איז דער פלאַץ געבליבן ליידיק, עפּעס אַ דאַמע האָט זיך פאַרשפּעטיקט. בוני איז נאָך געווען צו יינג, כדי צו וויסן אַז גרויסע פערזענלעכקייטן מאַכן בולט זייער וויכטיקייט דורך דעם, וואָס זיי פאַרשפּעטיקן זיך. ער איז דאָ צום ערשטנמאָל זיך צונויפגעקומען מיט שוישפּילערינס, ווי אַזוי האָט ער געקענט וויסן, אַז זיי שפּילן צייטנווייז אויך אַ קאָמעדיע אין לעבן?

# IV

אפשר קענט איר דעם מאָנומענטאַלן פילם: „דער קעניג פון עטרוכיען״ און דערמאָנט אייך די סצענע, ווען די סקיטי־שע שקלאַפין האָט געזאָלט באַפרידיקן דעם ווילן פון אַ צעבאַ־לעוועטן סיבאַריט און זי איז געוואָרן איבערגעגעבן אונטער דער השגחה פון צוויי פעטע יעוונוכן? מיט וואָס פאַר אַ הער־לעכן צאָרן זי קראַצט און בייסט און שלאָגט זיי ביידע!

אירע קליידער זענען צעריסן געוואָרן און מען האָט אַרויס־געזען אַזוי פיל פון איר שלאַנקן און בויגעוודיקן לייב, וויפל נאָר די צענזור האָט דערלויבט. די סצענע האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג און אַ סך פילם־אונטערנעמערס האָבן געוואָלט וויאָלאַ טראסי — דער אַקצענט ליגט אויף דער י — אַנגאַזשירן. איצט האָט זי געשפילט „די כלה פון טוטאַנקאַמען״, אַ פאַרפירעשע געשטאַלט מיט טיפע, געהיימניספולע, שוואַרצע אויגן און מיט אַן אומדערגרונטלעכן שמייכל, ווי די פירטויזנט יאָר פון דער געשיכטע. איצט איז זי ווי פונם לייוונט אַראָפּ גלייך אין דעם רעפּלעקטאָריום פון דעם „מאָנאַסטיר״. דעם עגיפּטישן קאָסטיום האָט זי פאַרביטן אויף אַ שוואַרץ סאַמעטענעם, לויט די פאַריזער מאָדע, אַרום דעם האַלז האָט זי געטראָגן שוואַרצע פּערל, דער דינער ד׳האָט צורעכט געמאַכט די שטול, אָבער זי ד׳האָט זיך נישט אַנידערגעזעצט, די הויז־פרוי האָט פאָרגעשטעלט:

„העַר ראָס, פּריילן טראַסי".

וויאָלאַ אָבער איז נאָך אַלץ געשטאַנען, איין האַנט אויף דער שטול אָנגעלענט און געשמייכלט צו בונין, וועלכער האָט צוריקגעשמייכלט, עס איז געווען אַ פּרעכטיקע פּאָזע. טאָטי פּאָלעי, וויאָלאַס דירעקטאָר, וועלכער האָט זי אַהער געבראַכט, האָט פּלוצים אויסגעשריגן:

„דרייען!"

אַלע האָבן געלאַכט, „ווי" אַליין צום אויסגעלאַסנסטן; זי האָט אַרויסגעוויזן דערביי צוויי רייע שניי-ווייסע פּערלדיקע ציין, אַזעלכע גלייכע ווי אירע שוואַרצע פּערל, נאָר פּאַר דעם פילם פיל מער ווערטפולע.

אַנאַבעלע עמס איז געגאַנגען אין לעבן פאָרויס, נישט זאָגנדיק אויף קיינעם קיין שלעכטס, ווי טראַסי איז געווען אַן אַנדערע.

זי האָט געהאַט נישט נאָר קאָמפּסלוסטיקע הענט, נאָר אויך אַ קאָמפּסלוסטיקע צונג און איר געשפּרעך האָט בונין דער-צערנט, האָט מען גערעדט צום ביישפּיל פון אַ נייער אַרטיסטין.

„זי קליידט זיך אויסגעצייכנט," — האָט אַנאַבעלע מילד באַמערקט.

„יאָ, אויסגעצייכנט"—האָט געענטפערט ווי—„זי האָט אפילו אויסגעקליבן אַ הונט, וועלכער פּאַסט זיך מאָלקאָם צו איר גע-זיכט".

דער שמועס איז אַריבער חעגן דעם נייעם פילם „די אַל-טע ווײַנפאַס", וועלכע האָט אָפּגעקאָסט אַ מיליאָן דאָלאַר. די דראַמע האָט דערוועקט אין יעדן צערטלעכע דערינערונגען פון זיין קינדהייט און אַרויסגערופן טרערן.

„דאָלי דיאַנע, וועלכע שפּילט די ראָל פון דעם אומשול-דיקן, דורך דעם רייזנדן פאַרפירטן דאָרפסמיידל, איז ווירקלעך אויסגעצייכנט, פשוט און קינדיש",—האָט געזאָגט אַנאַבעלע,—„יאָ, כּדי צו ווערן פשוט און קינדיש איז זי צוערשט געשלאָפן מיטן רעזשיסער, דערנאָך מיט צוויי אַגענטן און ענדלעך מיט

דירעקטאָר און זיין שטעלפאַרטרעטער: אַלע פינף האָבן איר אויסגענוצט."

בוני האָט זיך שפּאַנענד צוגעהערט צו דעם געשפּרעך. און ווי, וועלכע האָט דעם יינגן נאָפּטפּרינץ באַאָבאַכטעט, האָט אים צוגעוואָרפן פאַרשייטע בליקן, דער דינער האָט איר געבראַכט אין אַ גאָלדענעם טעלער זופּ, און זי האָט אויסגערופן:

„מיין גאָט, נעמט דאָס צו! עס אַנטהאַלט אין זיך אַ שטאַרקייט. אַנאַבעלע וועסטו מיר דען פון דער בינע אַ אָפּטרייבן?"

דערנאָך ווענדנדיק זיך צו בונין:

„מען באַהויפּטעט, אַז קיינער קען, נישט עסן אין משך פון אַ חודש יעדן טאָג וואַכטעלן. וואָס זאָגט איר דערצו, הער ראָס, אַז איך האָב שוין צייט זיבן יאָר געגעסן יעדן טאָג צוויי שעפּסענע קאָטלעטן און דריי שטיק אַנאַנאַס?

„אַנטשפּרעכט דאָס דעם עגיפּטישן צי דעם סקיטישן ריטואַל?"

„עס איז די פאָרשריפט פון דעם האָליווד-דאָקטאָר, אַ ספּעציאַליסט אויף מאָגער מאַכן. מיר מענטשן גלויבן, אַז מיר, די ליבלינגען פונם פּובליקום, לעבן אין לוקסוס און פּראַווען אָרגיעס, מיר אָבער האָבן נאָר איין ווונטש: זיך אָנצוקלייבן די געהעריקע סומע, כדי זיך צו קענען צוריקציען פון דעם און כאָטש קענען עסן ווי עס באַדאַרף צו זיין."

„עסט איר קיינמאָל נישט קיין לייטישע מיטאָגן?"—האָט בוני געפרעגט מיטפילנדיק. אונזערע געשטאַלטן טאָרן זיך נישט אָנבלאָזן.

„פרעגט טאָמי פאַלעב, וואָס עס וואָלט געשען, ווען איך ווער פעט, איך וואָלט געמוזט איבערגיין צו קאָמישע פילמען כדי צו פאַרדינען אויף מיין לעבן, קאַטשגדיק זיך דערביי באַרגאַרף."

ווי בײַ די מערסטנטײל מיטאָגן אין הײנטיקן אַמעריקע, איז אויך דאָ דער שמועס געווען גלײַך צו אַ שפּאַציר און אַ גליטשיקן ראַנד פון אַ ראָוו, פריער אָדער שפּעטער האָט מען געמוזט אַרײַנפאַלן און שוין פּאָרטוזעצן ווײַטער דעם שפּאַציר אין ראָוו.

„הער ראָס",—האָט אַנאַבעלע געזאָגט—„איך זע, אַז איר טרינקט נישט קײן ווײַן, איר קענט עס פרײַ טון; ער שטאַמט נאָך פון פאַר דער קריג."

מיט דעם האָבן זײ זיך אין ראָוו אַרײַנגעגליטשט און דער שמועס איז אַריבער אויף דעם אַלקאָהאָל-פאַרבאָט.

דאָס געזעץ איז אַלט געווען נישט מער ווי צוויי מיט אַ האַלבן יאָר, נאָר די לײדיקגײערס האָבן שוין דערפילט וואָס זײ איז דערמיט געטון געוואָרן. נישט דאָס, וואָס די הויכע פּרײַזן האָבן זײ געשטערט—פאַרקערט זײ האָבן שטענדיק געזוכט אַ געלעגנהייט פון זייער געלט פּטור צו ווערן—נאָר די געפאַר און אומבאַקוועמלעכקייט, מיט וועלכע מען האָט זיך באַדאַרפט פאַרשאַפן דעם אַלקאָהאָל.

זיי האָבן געשמועסט פון דער טראַגעדיע, וועלכע איז זיך פאַרלאָפן מיט קאָסקין, איינעם פון די גרעסטע אין דער פילם-וועלט.

ער האָט אין די קעלערס פון זיין ווילע געהאַט גרויסע אוצרות וויין, וועלכע זענען געווען געשיצט מיט שטאָלענע שטאַבן ווי די בענק-קאַסעס. דאָך איז עס געלונגען אין זיין אָפּוועזנהייט גנבים אַריינצובאַקומען זיך אַהין און דעם גאַנצן וויין אַרויסצוגנבענען. קאָסקי האָט אָנגעגריפן די מאַכט און דערקלערט אַז זיי האָבן געמיינזאַמעס מיט די גנבים, ער האָט געדונגען דעדעקטיוון און געדראָט מיט אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל. אויף אַזאַ אופן איז אים געלונגען אַ געוויסע טייל אָפּצונעמען, אָבער עס איז שוין נישט געווען דער אַלטער וויין, נאָר אַ ביסל געפּעלטש-טער ביר, איצט האָט שוין געקענט יעדער אומלעגאַלער אַלקאָ-האָל פאַרקויפער באַהויפּטן, אַז זיין סחורה שטאַמט פון קאָסקיס קעלער.

ווי טראַסי האָט געפּאַטשט מיט די הענט.

„איר קענט דאָס געבעט פון די פילמשוישפּילערינס?“

ער האָט עס נישט געקענט.

„מיר דאַרפן עס זאָגן אַלע אָוונט מיט אונדזערע קינדער, עס איז גאַנץ ערנסט, איר דאַרפט זיך נישט מאַכן קיין שפּאַס דערפון.“

„לערנט עס אונדז אויס!“—האָט געזאָגט בעסי בערי.

„לייגט צונויף די הענט ווי בראַווע קליינע קינדער“,— האָט באַפוילן ווי—און בויגט אַראָפּ די קעפּ, און דעמאָלט האָט זי אָנגעהויבן לאַנגזאַם און פייערלעך.

„אונדזער פילם, וואָס דו ביסט אונדזער הימל. האָליוווד איז דיין נאָמען. צו אונדז קומט קאָסקי, זיין ווילן זאָל געשען, אין סטודיע, ווי אין בעט“.

מען האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער; מ'האָט נישט באַדאַרפט קיין שום דערקלערונגען, אַלע האָבן דאָך געקענט

זייער קייזער, דעם הער איבער דעם גורל פון הונדערטער פילם שוישפילערינס.

„ווייטער! ווייטער!—האָט מען געשריגן.

און דאָס מיידל האָט ווייטער געזאָגט דאָס געבעט, וועל־כעס האט אונטער דער אויסערלעכער פאָרמע פון אַ תּפילה, אַנטהאַלטן מיאוסע, ציניש̇ע אויסדרוקן אין באַצוג צו פאַרשי־דענע הערשער פון דער פילם-וועלט. עס איז געווען אַ מין שוואַרצע תּפילה, אין וועלכער עס ד־האָט זיך גערעדט פון די סעקסועלע נייגונגען, פון זייערע הערשער, פון דעם, ווער מיט וועמען עס איז געשלאָפן, וואָס פאַר אַ סקאַנדאַלן עס האָבן געדראָט, ווער עס האָט זיך געשאָסן און ווער געסמט.

# VI

נאָך דעם מיטאָג זענען אַלע אַוועק אין אַ גרעסערן קאַטעדראַל־ארטיקן צימער, ווו דער אַלטאַר איז געווען פאַרביטן דורך אַ לייוונט, קעגנאיבער האָט זיך געפונען דער אַפּאַראַט; די געסט האָבן זיך באַקוועם אויסגעזעצט, כדי די ביידע ערשטע סצענעס פון אַנאַבעלעס נייעם פילם „די ליידן פון ליידנשאַפט״ צו באַאַרבעטן עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ האַרצרייסנדיקער געשיכטע פון אַ יינג מיידל פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט חתונה געהאַט און וועמענס שיינער מאַן איז פון אַן אַנדערע פרוי פאַרפירט געוואָרן, כדי אים אייפערזיכטיק צו מאַכן האָט די פרוי קאָקעטירט מיט אַן אומלעגאַלן אַלקאָהאָלהענדלער, זי ווערט פאַרשלעפּט אויף אַ שיף וועלכע איז אָנגעלאָדן מיט ראָם און דאָ קומט פאָר דאָס געוויינלעכע צערייסן און צעפליקן פון די ווייבערשע מלבושים.

„מיין גאָט,״—האָט ווי טראַסי געזאָגט צו בונין מיט שטויבונג, — אַנאַבעלע שפּילט שטענדיק צייט דעם אַנטשטייַן פון אַזעלכע שטיק די זעלבע ראָל, זי איז נאָך קיינמאָל נישט אויף געטרעטן אין אַ ראָל, וואָס זאָל איבערשטייגן די פעיקייטן פון אַ צוועלפיעריק קינד, איר וועט עס האַלטן פאַר אַ וויץ, אָבער עס איז אַ פאַקט: פערי דושען דערציילט דעם אינהאַלט פון אַ פילם פאַר אַ גרויסער צאָל שולקינדער, און וואָס זיי גע-

פעלט נישט, װערט אַרויסגעװאָרפֿן.״

צו אַנאַבעלע אָבער האָט זי געזאָגט:

„יאָ, מיין ליבע, דער פֿילם װעט גוט אויפגענומען װערן אנטשפּרעכט דעם אַלגעמיינעם געשמאַק.״

און װידער זיך װענדנדיק צו בונין:

„דאָס איז דאָס גוטע אין אַנאַבעלען, װען מען זאָגט איר עטװאָס ענלעכעס, אַזוי איז זי שוין צעפרידן, און פֿרעגט נישט איבער צי מען האַלט דעם פֿילם פֿאַר אַ קונסטװערק. אַנדערע, ראַקעגן טוען עס, און איך האָב מיר אָנגעמאַכט פֿיינט אויף טויט, װייל איך װיל נישט זאָגן קיין ליגן!

אין משך פֿון דער גאַנצער צייט האָט אַרויסגעשװעבט אַ שטומע, געשפּענסט-געשטאַלט דורך דער קאַטעדראַלע: דער כּינעזער װעלכער האָט אויף זיין סערװירברעט אַרומגעטראָגן קליינע גלעזער, פֿון ראָזע, גרינע, געלע און פֿורפֿורנע פֿליסיקייטן. ער איז צוגעגאַנגען פֿון גאַסט צו גאַסט, צוגענומען די ליידיקע און געבראַכט פֿולע, און אין משך פֿון דעם גאַנצן אָװנט האָט דאָס געשפּענסט קיין טאָן פֿון זיך נישט אַרויסגעלאָזט.

דאָ איז אויך געװען איינצעלנע, װעלכע האָבן נישט געטרונקען, צװישן זיי אויך אַנאַבעלע און װי טראַסי. דעם געשפּענס, זעט אויס, איז אויסדריקלעך אָנגעזאָגט געװאָרן נישט צו קומען אין דער נאָענטקייט פֿון װערנאָן ראָסקאָע. האָט װערנאָן ראָסקאָע פֿון זיין זייט געפּרוּװט זיך צו דעם געשפּענסט דערנענטערן, אַזוי האָט זיך דערהערט די װאָרנונג:

„נישט, װערנע!״

די איבעריקע אָבער האָבן געטרונקען, און אין פֿאַרלויף פֿונם אָװנט האָבן זיך די צינגער צעבונדען. אפֿילו פֿריד אָרפֿאַן האָט דערװאַכט צום לעבן און באַװייזן, אַז ער קען רעדן. װערנאָן ראָסקאָע דהאָט ליב געהאַט זיינע פּריינט צו פֿאַרשכורן, איצט אָבער איז עס אים געװאָרן אָפּגעזאָלט, אָרפֿאַן האָט זיך אויפגעזעצט, געעפֿנט דעם מויל און דעם לאַנגן, פֿערדישן פּנים און געפֿרענט מיט אַ אַ פּאַלצעט-שטים, װי ער זאָל אַרויסרעדן פֿונם בויך:

„צי ווייסט עמעצער פֿון אייך ווי דער אַלטער חברה-מאַן האָט געמאַכט אַזאַ פֿאַרמעגן?”

קיינער, זעט אויס, האָט עס נישט געוווּסט, און אָרפּאַן האָט געשטעלט אַ צווייטע פֿראַגע:

„האָט אים שוין עמעצער פֿון אייך געזען שווימען? איך קען זיך וועטן, אַז ניין. איז ער אויף דער פֿרייער לופֿט, אַזוי האָט ער אַ תּירוץ, אַז דאָס וואַסער איז צו קאַלט, אין אַ פֿאַרמאַכטער באָד ווידער איז אים דאָס וואַסער צו שמוציק, אָדער עפּעס עפּעס. דער גרונט איז, אַז עס פֿעלט אים אַ פֿינגער און דאָס וויל ער פֿאַרבאָרגן, ווען ער האָט געגראָבן דעם ערשטן קוואַל איז אים אויסגעגאַנגען דאָס געלט, ער האָט זיך פֿאַרזיכערט קעגן אַן אומגליק, זיך אַוועקגעלאָזט שיסן קראַליקעך און זיך אָפּגעשאָסן דעם גרויסן פֿינגער. אויף אַזאַ אופֿן האָט ער באַקומען גענוג געלט צו קענען ווייטער בויערן. איז דאָס נישט אמת, דו אַלטער?”

אַלע האָבן געלאַכט און געוואָלט נאָך הערן,' ווערנאָן אַליין האָט אויך מיטגעלאַכט, עס האָט אים נישט געאַרט, וואָס אָרפּאַן האָט די געשיכטע דערציילט, דאָך האָט ער קיין פּרטים נישט געוואָלט דערציילן, אַנשטאָט דעם האָט ער פֿון זיין זייט אָנגערופֿן דעם קעגנער:

„איר זאָלט נאָר וויסן ווי דער דאָזיקער חברה-מאַן איז רייך געוואָרן, אַרענדירנדיק ביי אינדיאַנער נאַפֿטערד, דאָס זעלבע ווערט דערציילט אפשר פֿון אַ טוץ נאַפֿטמאַגנאַטן. אָבער פֿריד איז דער איינציקער, וועגן וועלכן איך ווייס עס אויף זיכער, ווייל איך בין געווען דערביי.”

דער האַנדל איז אָפּגעמאַכט געוואָרן מיטן פֿירער פֿונם שבט. פֿריד האָט אים פֿאָרגעלייגט אַן אַכטל פֿון דעם פֿאַרדינסט אָבער דער אַלטער אינדיאַנער האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן און דערקלערט:

„ניין, נישט קיין אַכטל, דאָס איז צו ווייניק, איך וויל אַ זעכצנטל.

פריד האָט געענטפערט, אַז דאָס קען ער נישט צאָלן און איס פאָרגעלייגט אַ צוועלפטל. אָבער דער פירער פונם שבט האָט דערקלערט:

„אַ זעכצנטל אָדער גאָרנישט!"

און אַזוי האָבן זיי געשלאָסן דעם מסחר אויף אַ זעכצנטל.

„איז עס אַזוי געווען, דו אַלטער, צי נישט?"

„דו קענסט נאָך דערציילן, וואָס דער אַלטער פירער האָט מיט זיינע פּראָצענטן געטון. ער האָט געהאַט פאַר יעדן טאָג אַ באַזונדער ליאַקירטן אויטאָ און זיך אָנגעטרונקען דריימאָל אַ טאָג."

## VII

אין דער קאַטעדראַלע האָט זיך געפונען אַ געוואַלטיק גרויסער אָרגל, אַ מאָדערנער צויבעראָרגל, וועלכער האָט געשפּילט פון זיך זעלבסט. מען האָט נאָר באַדאַרפט אַריינלייגן ראָלקעס און אַ דרוק טון אויף אַן עלעקטריש קנעפּל. דער אָרגל האָט געשפּילט און די געסט האָבן געטאַנצט.

ווי טראַסי איז צוגעגאַנגען צו בונין.

„מיין דאָקטאָר דערלויבט מיר נאָר איין גלאָז אַלקאָהאָל אויסצוטרינקען אין אָוונט און איך וויל אַ ניכטערנעם פּאַרטנער".

בוני האָט גערן געפאָלגט דער אויפפאָדערונג, ער האָט אויך געטאַנצט מיט אַנאַבעלען און מיט דער בלאָנדער פּייע בעסי בערי און פאַרבראַכט אַזוי אַן אַנגענעמען אָוונט. צווישן די טענץ האָט מען געשמועסט; דאָס כינעזישע געשפּענסט האָט געהאַלטן אין איין אַרומשוועבן אַהין און אַהער, די אָנוועזנדיקע האָבן אָנגעהויבן אַלץ אָפטהערציקער צו זיין.

פאַר בונין איז געבליבן שטיין טאָמי פּאַלעי, דער גענעראַל דירעקטאָר, וועלכער איז געווען שיין, כאָטש אַ ביסל שכורלעך און מיט אַ פאַררויטלט פּנים און נישט זיכער אויף די פיס, ווי ער אַליין האָט עס געגלויבט.

„הערט, ראָס, איר זאָלט מיר עפּעס זאָגן."

„וואָס?"

„איך וויל אַלץ זיך דערוויסן וועגן דעם.״

„וועגן וואָס, הער פּאַלעי?״

„וועגן דעם לעבן! צוליב וואָס, צו אַלדי טייוול, זענען מיר דאָ, און וווּ קומען מיר אַהין, ווען דאָס אַלץ איז פאַרביי?״

„ווען איך זאָל דאָס וויסן, וואָלט איך אייך עס באַשטימט געזאָגט.״

„אָבער מענטש, איר באַזוכט דאָך דעם אוניווערסיטעט! איך האָב נישט קיין שום בילדונג, איך בין געווען בלויז אַ צייטונגס-יינגל, אָבער איך האָב שטענדיק געקלערט. אַ חברה-מאַן, וועלכער לייענט אַ סך ביכער און שטודירט...״

„מיר האַלטן נאָך נישט אַזוי ווייט,״—האָט בוני דערקלערט,—„אפשר אין די לעצטע צוויי סעמעסטער...״

„ביי גאָט, ווען איר וועט זיך דאָס דערוויסן, אַזוי זאָלט איר קומען מיר דאָס זאָגן. און וואָס זאָלן מיר, צום טייוול, טון מיט די ווייבער? מען קען נישט לעבן מיט זיי און נישט אָן זיי. דאָס גאַנצע איז אַ פאַרשאָלטענע שווייבעריי!״

„עס קען משוגע מאַכן,״—האָט בוני מסכּים געווען.

„עס איז פאַרטייוולט, איך וואָלט עמעצן גערן געגעבן צען יאָר געהאַלט, ווען ער קען מיר מאַכן, אַז איך זאָל די גאַנצע פאַרשאָלטענע זאַך פאַרגעסן.״

„יאָ,״—האָט בוני געמיינט,—„אָבער צוואָס זאָלט איר אויך אַזוי, אַ דירעקטאָר זיין?״

דער דירעקטאָר האָט אים אַ רגע אָנגעקוקט און אויסגע-שאָסן אין אַ געלעכטער.

„מיין גאָט, טאַקע אמת, אויסגעצייכנט! כאַ-כאַ-כאַ!״

און ער איז אַוועקגעגאַנגען ווייטער, זיכער כּדי בוני'ס וויץ אויך די אַנדערע צו דערציילן.

## VIII

זונטיק פרי האָט בוני געהאַט דעם מאָנאַסטיר אינגאַנצן פאַר זיך אַליין. ער האָט אָפּגעגעסן פרישטיק, איבערגעלייענט די צייטונגען און זיך געלאָזט גיין שפּאַצירן אין פּאַרק. ער האָט זיך געלאָזט גיין צום ים און האָט אַנטדעקט אַ סטעזשקע, וועלכע האָט זיך געשלענגלט דורך בערגלעך און קאַרטשעס ער איז געגאַנגען מיט איר אַ צוויי וויאָרסט און זיך פאַרנומען צום ברעג, דער באַזיצער פונם „מאנאסטיר" האָט דאָ אויפגע־שטעלט אַ גאַנצן פּלויט פון שילדלעך, וועלכע האָבן געוואָרנט דאָס פּובליקום נישט צו באַטרעטן דאָס פּריוואַטע פעלד, מ'איז אַרויסגעגאַנגען דורך אַ טויער, אויף וועלכן עס האָבן געהאָנ־גען אינעווייניק שליסל, וועלכע דער גאַסט האָט געמוזט מיט־נעמען, כדי ער זאָל דעם טויער נאָכאַמאָל קענען עפענען. בו־ני האָט דאָס געטון און ווייטער געגאַנגען.

ער איז צוגעקומען צו אַן עכטן רהיין־שלאָס, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ באַרגל; אַרומגערינגלט פון טעראַסן און גערטנער, ברונעמער און פאַנטאַנען, דער באַזיצער פון דעם שלאָס האָט אויסנעזען נישט צו זיין אין דער היים, ווייל די רולעטן זענען געווען אַראָפּגעלאָזט און דאָ און דאָרט זענען געשטאַנען ווייסע הילע, וועלכע האָבן, זעט אויס, סטאַטועס גע־שיצט, אייניקע פון זיי זענען געשטאַנען אויף סאָקאָלן, אַנדערע

וי, שטיינמויער; איבער יעדערער איז געווען אַן עלעקטריש
ע פּל. בוני האָט איבערגעקלעטערט איבער דעם מויער אין
אָרטן אַהין, האָט אויפגעהויבן די הילע פון איין סטאַטוע און
ער זען די באַקעטע, רונדלעכע גלידער פון אַ מאַרמאָרדאַמע, —
עט אויס אַ לאָרעליי, אָדער אַזוי אַ דייטשע פרוי, ווייל אי
ער אירע פלייצעס איז אַראָפּגעפאַלן אַ דיקער מאַרמאָרנער
צאָ. בוני האָט אַרונטערגעקוקט נאָך אונטער עטלעכע הילעס,
אי בערגעציילט די איבעריקע און פעסט געשטעלט, אַז אין דעם
גאָרטן איז נישטאָ ווייניקער פון צוויי־הונדערטדרייסיק פעטע
מאַרמאָר דאַמען מיט צעפּ.

די זון איז נאָך געשטאַנען אויף דעם הימל, דאָס וואַסער
האָט געלאָקט; אויף די פעלזן זענען געלעגן אַ סך זעהינט
פיש, די ווייסגרינע כוואַליעס זענען נישט געווען אַזוי הויך,
זיי זאָלן זיין געפערלעך. בוני האָט פעסטגעשטעלט, אַז קיינער
איז נישטאָ אין דער נאָענט, האָט ער זיך אויסגעטון און
אַריינגעוואָרפן אין וואַסער.

די זעהינט פיש האָבן אים געשענקט זייער אויפמערק
קייט, וואָס ווייטער ער איז געגאַנגען אין וואַסער, אַלץ העכער
האָבן זיי אים באַגריסט און נענטער צוגעקומען, אייניקע זענען
געווען געל, אַנדערע טונקלברוין; צווישן זיי זענען געווען קליי
נע און גרויסע, נאָר אַלע זענען געווען שרעקלעך דיק. ווען
בוני איז נענטער צוגעשווימען האָבן זיי זיך אַראָפּגעגליטשט
פון די פעלזן און אים העפלעך געמאַכט אַ פּלאַץ. ווען ער איז
אויף די פעלזן אַרויפגעקראָכן ה־האָבן זיי געבילדעט אַרום אַ
קרייז, געלע און ברוינע קעפּ האָבן אַרויסגעקוקט פונם וואַסער,
און מילדע אויגן האָבן אים נייגעריק אָנגעקוקט, זיי האָבן אוי
סערגעוויינלעך מענטשלעך געווירקט און זענען געווען גלייך צו
אויסלענדישע קינדער, וועלכע באַטראַכטן אַ באַזוכער, וועמענס
שפּראַך זיי קענען נישט און אין וועמענס אומשעדלעכקייט זיי
זענען נאָכנישט פאָלקאָם איבערצייגט.

דאָס וואַסער אין קאַליפאָרניע איז שטענדיק קאַלט, אָבער
די זון שטענדיק וואַרעם; בוני איז אַ ביסל געשווימען און זיך

באַלד וויידער אַנידערגעזעצט אויף אַ פעלז און באַטראַכט די שטימע פריינט, וועלכע האָבן זיך אין וואַסער געשפּילט, די ווייסגריינע כוואַליעס זענען איבער אים אַוועק ווייטער און אונ-טער דעם וואַסער איז געלעגן אַ גאָרטן פון מערקווירדיקע פלאַנצן. ווייסע וואָלקן האָבן געוואָרפן שאָטנס אויף דעם וואַ-סער, אין דער ווייטקייט האָט אַ רויכשטרייפעלע פאַרראַטן אַ פאַריבערגייענדיקן דאַמפער.

ווי שיין די וועלט איז, ווי אויסטערליש און אינטערע-סאַנט! ווי פילט מען זיך אַלס פיש? וואָס קלערן די דאָזיקע באַשעפענישן פון די פרעכע מענטשן, וועלכע דרינגען אריין אין זייער געביט? זענען זיי אויך דעם רהיין-שלאָס אויף דעם ברעג, צי נאָר די פיש, וועלכע זיי עסן אויף, און פונוואַנען ווייסן זיי אַזוי גענוי, אַז זיי דאַרפן קיין מענטשן נישט עסן? ווי פיינלעך עס וואָלט געווען, ווען איינער פון די זעהינט זאָל ווערן אַ רויטער און זיך שטעלן אַנטקעגן די מילדע מנהגים פון איבריקע! אַזוי האָט געטראַכט בוני, וועלכער איז מיט זיי-נע איינאונצוואָנציק יאָר נאָך געווען פונקט דער זעלבער, ווי דעמאָלט, ווען מיר האָבן זיך מיט אים באַקענט און ער האָט זיך געגריבלט איבער די געפילן פון אַ וועוורקל.

דערווייל האָט ער געענדיקט אַ מיטלשול און די ערשטע העלפט פון זיינע שטודיומס אויף דעם דרום-פאַציפיק-אוניווער-סיטעט, אָבער קיינער פון די ביידע אַנטשטאַלטן האָבן אים נישט דערקלערט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן.

## IX

גראָד ווען דער ייִנגער פילאָזאָף האָט באַשלאָסן אַרויס־צוגיין פונם וואַסער, איז לענגאויס דעם ברעג אָנגעקומען צו רייטן אַ מענטש, וועלכער איז געווען מיט אַ בלויזן קאָפּ און האָט אויסגעזען צו זיין אַ מאַן, נאָר אַזוי ווי ביי היינטיקע צייטן קען מען עס געננוי נישט וויסן, איז בוני נאָך געבליבן אין וואַסער און באַלד האָט ער אויך דערקענט ווי טראַסי, זי האָט אים דערזען און איינגעהאַלטן דאָס פערד:

„אַ גוט מאָרגן, הער ראָז!"

„אַ גוט מאָרגן. געהער דאָס רייטן אויך צו די פאַרשריפטן פונם דאָקטאָר?"

„יאָ, און דאָס שווימען אויך."

זי האָט זיך צעלאַכט, ווען זי האָט פאַרשטאַנען בוניס פיינלעכע לאַגע.

„פאַרוואָס פאָדערט איר מיר נישט אויף מיט אייך צו שווימען?"

„עס וועט אַריינברענגען אין אַ פאַרלעגנהייט די זעהינט."

בוני איז לאַנגזאַם צוגעשווימען צום ברעג.

„אַ הערלעכער מאָרגן"—האָט ווי געמיינט,—„מיר דאַרפן בעניסן פון אים!"

„הערט, פריילן טראַסי, איך האָב נישט דערוואַרט קיין באַזוך, איך בין אַזוי, ווי גאָט האָט מיך באַשאַפן.”

„אָ, איר מענטשנקינדער,”—האָט זי געזינגען,—„ווי נאָך לאַנג וועט איר מיין הערלעכקייט אין אַ שאַנד פאַרוואַנדלען?”

דערנאָך האָט זי דערקלערט:

„איך האָב אַמאָל געשפּילט אין „קעניג שלמה”, אַ רעלי-גיעזע שוישפּיל, מיר האָבן געהאַט דריי קעמלען, און איך בין געווען, אבישג שונמית, וועלכע האָט דעם קעניג פריילעך גע-מאַכט, און ער האָט מיר געזינגען דאָס הויכע ליד: „אָ מיין טויב אין די פעלזן...”

בוני האָט געזען די פאַרשייטקייט אין אירע אויגן.

„מיין פריילן,”—האָט ער דערקלערט,—„איך וואָרן אייך, איך בין שוין אפשר אַ שעה אין וואַסער און מיר איז קאַלט, איך וויל גראָד אַרויסגיין.”

און זי האָט פאָרטגעזעצט:

„דיין נאַקן איז גלייך צו דעם טורם פון דודן...”

בוני איז צוגעשווימען נענטער; איצט האָט דאָס וואַסער דערגרייכט שוין נאָר ביז זיין טאַליע:

„איך קום.”

„ווער דערנענטערט זיך פונם וואַסער? מיין געליבטער איז ווייס און רויט, זיין קאָפּ איז ווי דאָס פיינסטע גאָלד און...”

„די לעצטע וואָרנונג, איינס, צוויי, דריי!”

און אַזוי ווי זי האָט זיך נישט גערירט, איז בוני אַרויס-געשפּרונגען פונם וואַסער.

„זיינע פיס זענען ווי מאַרמאָרזיילן, זיין געזיכט ווי דער לבנון.”

בוני איז געשטאַנען איר קעגאיבער און דאָס וואַסער האָט געפּליעסקעט ביי זיינע פיס.

„דו ביסט שיין, אָ, מיין געליבטער, ווי תרצה, ליבלעך, ווי ירושלים און שרעקלעך ווי אַ חיל מיט פאָנען, ווענד אָפּ דיינע אויגן פון מיר.”

„ווען—עס שטייט אין ביבל, מוז עס זיין אמת.”—האָט בוני געמיינט.

„דער „מלך שלמה״ האָט אַ פּאַרמעגן אָפּגעקאָסט און גאָר גישט אַריינגעבראַכט.״—האָט דערקלערט די רייטערן,—„דאָס זע-נען די איינציקע פּערזן, וועלכע איך קען רעציטירן, ווען איך זאָל אויפטרעטן אין אַ גריכישער פאַרשטעלונג, וואָלט איך באַ-שטימט געקענט זאָגן עפּעס פּאַסנדערס, ווייל איך האָב געלייענט אַז די גריכן זענען ביי די וועטלויפן געווען נאַקעט און זיך גאָרנישט געשעמט, איז דאָס אמת?״

„די ביכער באַהויפּטן עס.״

„מיר וועלן זיין גריכן, איך האָב געהערט, אַז איר זענט אַ גוטער לויפער.״

„מער אָדער ווייניקער.״

„די ליפּן פון מיין געליבטן זענען בלוי און ער האָט אַ געזונהויט; מיר וועלן מאַכן אַ וועטלויף, איר צופּיס און איך אויפן פערד, און מיר וועלן עס אָנרופן אַ גריכישע יום-טוב-פאָרשטעלונג.

„אַלץ, כדי אַ דאַמע געפעלן צו ווערן.?

„גוט, מאַרש!״

צו בוניס דערשטוינען האָט ווי אַרויסגעצויגן אַ קליינעם רעוואָלווער פון דער קעשענע און איבם אָנגעלאָדן. אַלזאַ אַ ריכטיקער וועטגעלויף! בוני איז געלאָפן מיט דער געשווינדקייט פון צוואַנציק מייל אַ שעה און געהערט הינטער זיך דאָס פערד ער האָט נישט געוווסט ווי לאַנג דאָס לויפן וועט דויערן און זיך צוגעגרייט צו אַ לענגערן שטח, עס איז ווידער געוואָרן וואַרעם און ער האָט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן צו שפּילן די ראָל פון אַ גריך. דער הימל איז געווען בלוי, דער זאַמד האָט גע-לויכטן, די וואָלקנס האָבן ווייס געשימערט; דאָס מיידל האָט געהאַט רעכט: אַ הערלעכער מאָרגן.

זיי זענען געקומען ביז צו דער שטעלע, ווו רעדערשפּורן האָבן געפירט ביז צום ברעג און ווו דריי מענער האָבן אַרויס געצויגן אויף דער יבשה אַ פישער-שיפל. זיי האָבן זיך אָנגע-שפּאַרט אויף דעם רודער און זיך צוגעקוקט צו דעם וואונדער-לעכן שוישפּיל.

אויף זייערע טונקעלע איטאַליענישע, צי פּאָרטוגיעזישע געזיכטער האָט זיך באַוויזן אַ ברייטער שמייכל, וועלכער האָט אויפגעדעקט זייערע ווייסע ציין. זיי האָבן געוווּסט פון דער דעפּוטאַציע פונם „מאָנאַסטיר": דאָס, זעט אויס, איז די נייעסטע פאַרוויילונג פון די רייכע ליידיקגייער.

דערנאָך האָבן די ביידע דערגרייכט יענע שטעלע וווּ דער שליאַך האָט צום ברעג געפירט. אונטער לייוונטענע געצעלטן זענען געווען אויסגעשטעלט אויטאָס, כדי צו זיין באַשיצט פון דער זון און נאָענט פון זיי האָבן זיך געפינען מענטשן. בוני האָט געוווּסט, אַז דאָס זענען שוין נישט קיין פּרימיטיווע אויסלענדער, נאָר פערמערס פון דעם צענטער פון לאַנד, וועלכע זענען געקומען צו פאַרברענגען דעם זונטיק ביי דעם ברעג. דאָס זענען נישט געווען קיין מענטשן, וועלכע האָבן געפונען אַ באַרעכטיקונג פאַר די שטותים פון די רייכע ליידיקגייערס, אָדער וועלכע האָבן געקענט די זיטן פון די אַלטע גריכן, נאָר בכבודיקע מענטשן וואָס האָבן באַזוכט די קירך און וואָס האָבן אפשר געהערט צו די קו-קלוקס-קלען, וועלכע האָבן פאַר אויסגעלאַסנקייט און זנות באַשטראָפט מיט אויסשמירן אין סמאָלע און איבערפאָרן מיט רעדער. אָבער ווי האָט בונין אַרויסגעפאָדערט; זי אַליין וועט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. צי האָט זי טאַקע געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ גריכן, נעמענדיק אויף זיך אלע פאָלגן? ער איז ווייטער געלאָפן.

די געצעלטן זענען צוגעקומען נענטער, די פרויען האָבן אים שטאַר אָנגעקוקט און זיך צעלאָפן. די מענער זענען נישט אוועקגעלאָפן, האָבן אפילו נישט דעם קאָפּ אָפּגעקערט. נאָר זיי האָבן אים באַטראַכט מיט דראָענדיקער בליקן, וואָס ווילן זיי טון? דעם ציינישן יינג אין אַ דעק איינהילן און דער פּאָליצייאיבערגעבן? בוני האָט שוין געזען וואָס עס וועט געשען; אַן אויפשריפט מיט ריזן-אותיות אויף דער ערשטע זייט פון דעם „אוונט-הײלער":

„דער קינאסטאר מאַכט אַ וועט־געלויף מיט אַ נאַקעטן
רויטן נאַפּט־פּרינץ !"
דעמאָלט האָט ער פאַרנומען הינטער זיך אַ שטים:
„איך גיב זיך אונטער !"
ער האָט זיך אומגעקערט און זיי זענען געלאָפן צוריק נאָך,
שנעלער ווי צוזער, לאַבנדיקע אין דעם דאָזיקן הערלעכן מאָרגן.

## X

די גריכן האָבן נישט געטראָגן נישט קיין העמדער און נישט קיין הויזן, און דאָס אָנטון פון די דאָזיקע קליידער טיילן האָבן געווירקט נישט עסטעטיש און נישט ראָמאַנטיש, דעריבער איז ווי ווייטער אַוועקגעריטן, אין דער צייט ווען בוני האָט זיך אָנגעטון, און ווען ער האָט זי אָנגעיאָגט, איז זי שוין מער נישט געווען קיין גריכן, נאָר אַ יינגע אַמעריקאַנישע דאַמע פול מיט ווירדע, און עס וואָלט געווען געשמאַקלאָז צו דערמאָנען דעם משוגענעם שפּאַס.

זי איז אַראָפּגעשפּרונגען און געפירט דאָס פערד ביי דער צוים. בוני איז געגאַנגען נעבן איר.

„איר זעט דעם דאָזיקן בייזן טרוים?—האָט זי געפרעגט, ווען זיי זענען צוגעקומען צו די צווייאונדרייסיק לאָרעלייס אין זייערע מתים-היילעס,—„דאָס זענען די טרוימען פון דעם אַלטן האַנק טעטשער, איר האָט זיכער געהערט פון דעם „גליקלעכן האַנק", דעם ווייַנטרויבנקעניג פון קאַליפאָרניען?"

„דאָס איז אַלזאָ זיין גוט?"

„ער האָט געטרוימט פון אָרגיעס און האָט געהאַלטן אפשר אַ האַלב טוץ הארעמס. זיין פרוי האָט זיך נישט געוואָלט מיט אים שיידן, כדי אים צו באַשטראָפן. ווען ער איז געשטאָרבן

האָט זי איינגעהילס אַלס עפנטלעכע תשובה: די טרוימען פונם אַלסן.״

„איצט זעט זי זיי קיינער נישט אויסער די זעהינט?״

„די צייטונגען האָבן פול דערפון געריעדט, זיי האָבן געבראַכט אַלץ, וואָס נאָר מען האָט פון די טעטשערס געקענט ברענגען. איינמאָל איז פאַרגעקומען אַ שענע געשיכטע: דער רעפאָרטער האָט אונטער זיינע קליידער געטראָגן אַ פאַנצער פון אייזן און די הינט האָבן אומזיסט געפרווט צעבייסן.״

„צי רייצט אָן די פרוי הינט אויף דעם מענטשן?״

„געוויס. דעריבער וואַגט אויך קיינער נישט די סטאַטוען אויפצודעקן.״

„און איך האָב אויפגעדעקט זעקס פון זיי.״

„איר האָט גליק, דעריבער טראָג איך דעם רעוואָלווער מיט זיך. צייטנווייז קומען די הינט ביז צום ברעג.״

„פאַרוואָס מאַכט פרוי טעטשער נישט קיין צוים?״

„זי קעמפט מיט דעם באַצירק באַהויפטנדיק, אַז דער ברעג געהערט אויך צו איר, פון צייט צו צייט לאָזט זי אים פאַרצוימען, און ביינאַכט ווידער צונעמען אים די קרייז-באַאַמטע. דער קאַמף דויערט שוין צען יאָר. דער שטאַט וויל דורך דעם גוט דורכפירן אַ שליאַך, וועלכער זאָל איינשפּאָרן עטלעכע מייל, און פרוי טעטשער האָט שוין אויסגעגעבן אַ פאַרמעגן אויף פראַצעסן. זי לעבט אין דעם שלאָס ווי אַ באַלאַגערטע פרינצעסן פון מיטלאַלטער, די רולעטן זענען שטענדיק אַראָפּגעלאָזט און זי יאָגט זיך אַרום מיט אַ ביקס דורך אַלע צימערן, און מאַכט אַ יאַגד אויף איינברעכערס און שפּיאָנען.״

„איז זי משוגע?״

„עס איז די רעאַקציע. איר מאַן איז געווען אַ פאַרשווענדער, זי—אַ קאַרגע. פון איר מאַן ווערט דערציילט אַ שיינער אַנעקדאָט: ער האָט זיינע אַרבעטער געצאָלט שטענדיק באַרעס געלט, געפאָרן אין אַ וואַגאָן אָנגעלאָדן מיט קליינע לייוונטענע זעקלעך, אין יעדן איז געלעגן טויזנט דאָלאַר אין גאָלד. איינמאָל איז אַ זאַק אַרויסגעפאַלן, און דער אַלטער האָט עס

נישט באַמערקט. איינער פון די אַרבעטער האָט אים געפונען און אָפּגעבראַכט צוריק. דער אַלטער האַנק האָט דעם מאַן אָנגעקוקט מיט פאַראַכטונג, אים געגעבן אַ האַלבן דאָלאַר און געזאָגט:

„אַט האָט איר אַזוי־פיל, וויפיל עס קאָסט אַ שטריק, קויפט אַזעלכן און הענגט זיך אויף!"

„און איצט האָט די פרוי דאָס געלט?"

„יאָ. זי פאַרברענגט שעהנלאַנג איבער אירע געשעפטס־פאַפירן, זוכט נאָך טעותים און נישט פינקטלעכקייטן. זי האָט אַדוואָקאַטן און אַנדערע אַדוואָקאַטן די ערשטע צו קאָנטראָלירן, און דעדעקטיוון די צווייטע צו באַטראַכטן. זי איז דערפון איבערצייגט, אַז די מאַכט פאַרפאָלגט איר און אַז אַלע צוזאַמען זענען לויטער שווינדלערס—און דאָ איז זי אפשר נישט אומגערעכט. זי לויפט אַרום אין שטוב, פאַרעט זיך אַרום דאָס מעבל און האַלט זיך און איין אַרומרייסן מיט די דינסטן וואָס זיי היטן נישט אָפּ ווי געהעריק די שטובזאַכן."

ווי און בוני זענען ווייטער געגאַנגען.

„דאָרט, אויף יענער זייט פון די בערגלעך"—האָט ווי דערציילט,—„לעבט די שוועסטער פון דעם אַלטן האַנק. ער האָט איר איבערגעלאָזט אַ געוויסן טייל פון זיין גוט, און די ביידע פרויען קריגן זיך צווישן זיך איבער דער גרענעץ און רעכט אויף וואַסער. טעסי טעטשער איז אַן אַלטע זונה, זי דינגט מענער צו דער אַרבעט און מאַכט זיי דערנאָך פאַר אירע געליבטע, שרייבט זיי ליידנשאַפטלעכע בריוו. דעמאָלט פרווון די מענער עפעס אויסצופרעסן ביי איר און זי זאָגט זיי, אַז זיי מעגן גיין צו אַלדי רוחות. די מענער פאַרקויפן די בריוו אין די צייטונגען, אָבער טעסין איז עס אַלצאיינס; זי ווייסט, אַז עס קען גאָרנישט שאַדן איר געזעלשאַפטלעכער שטעלונג, ווייל זי איז צו רייך, אויסערדעם שיכורט זי און פאַרגעסט אין אירע צרות."

„מיין גאָט, וואָס דאָס רייכטום מאַכט פונם מענטשן!" —האָט בוני אויסגערופן.

„פאַר אַלעמען די פּרויען,”—האָט ווי געענטפערט,—„זייערע נערוון האַלטן עס נישט אויס, איך קוק מיר צו די אַלטע פּרויען, וועלכע איך באַגעגן, און איך פרעג מיר, צו וועלכער וועל איך זיין ענלעך? דערנאָך טראַכט איך מיר: גרויסער גאָט! —שפּרינג אַריין אין אויטאָ און פאָר מיט דער שנעלקייט פון פופציק מייַלן אַ שעה, כדי פון מיינע זאָרגן אַוועקצופליען ווי אויך פון די מענטשן, וואָס דערציילן מיר זייערע.”

„איז דאָס געווען אויך דעמאָלט, ווען איר זענט געוואָרן פאַרמשפּט אויף אַ וואָך אַרעסט?”—האָט בוני לאַכנדיק געפרעגט.

„ניין, דאָס איז געווען נישט מער ווי רעקלאַמע, אַ גלענצענדיקע אידעע פון מיין באַלעבאָס.”

## קאַפּיטל פֿירצען

# דער פּילמסטאַר.

## I

בוני האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין אַנגל-סיטי און גע-מוזט פעסטשטעלן, אַז ער, אויב ער זאָל וועלן אַזוי ווי ווי טראַסי אויסמיידן די זארגן אַנדערע, איז באַגאַנגען אַ פעלער וואָס ער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אַרבעטער הויכ-שולע.

ער האָט אויפגעזוכט דעם הער ירווינג און אים געפונען ביז איבער די אויערן פאַרטון אין די מחלוקתן פון דער אר-בעטער-באַוועגונג. דעם גאַנצן זומער האָט ער געפירט שמועסן מיט אַרבעטער-פירער און סימפּאַטיזירנדע און געפּרוווט זיי צו פאַרייניקן דורך איין פּראָגראַם, ענדלעך איז אים געלונגען די הויכשול צו עפענען מיט דריי לערערס און אַ פופצן שילער, וועלכע האָבן מערסטנטייל די אָוונטקורסן באַזוכט, אָבער אַלץ האָט אויסגעזען נישט זיכער—די שוועריקייטן האָבן אויסגעזען אומבאַזיגבאַר.

עס האָט זיך געפונען אין דער אַרבעטער באַוועגונג נאָר אַ קליינע צאָל פון ווירקלעך פאָרטגעשריטענע קלאָרזעעוודיקע

מענטשן, אין אַ גרויסע צאָל פון ביוראָקראַטן, ווי אויך עטלעכע עקסטרעמע ראַדיקאַלן, וועלכע האָבן געוואָלט אָדער אַ גאַנצן לאַבן ברויט. אָדער גאָרנישט. די ביוראָקראַטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו האָבן צו טון מיט דער הויכשול איב די רויטע וועלן נישט ווערן אויסגעשלאָסן; וואָלט מען זיי נאָכגעגעבן, אַזוי וואָלטן די רויטע. פאַרשטענדלעך, אויפגעהויבן אַ געוואַלד און אַלע אַרבעטער פריינט וואָלטן געפרעגט אויפגערעגטע: וואָס פאַר אַ זין האָט די נייע הויכשולע ווען זי איז גלייך צו אַלע אַנדערע?

די אַרבעטער-באַוועגונג האָט זיך געהאַט אירע טראַדיציעס, וועלכע האָבן זיך געדרייט אַרום אַ העכערן לוין און אין אַ קירצערן אַרבעטסטאָג; ווייטער זענען די אַלטע אָנגעשטעלטע נישט געגאַנגען, דער דורכשניטספאַרייןבאַאַמטער איז געווען אַן אַרבעטער, וועלכער איז אַ דאַנק דעם פאַריין פטור געוואָרן פון דער לוינאַרבעט, יעדער נייעס האָט געקענט פאַר אים באַטייטן אַ סכנה צו פאַרלירן דעם שרייב-טיש און זיך ווידער אומקערן צו דער אַרבעט. ער האָט זיך אויסגעלערנט מיט דעם אונטערנעמער אונטערצוהאַנדלען, זיינע ציגאַרן צו רויכערן און אָפט צו לעבן איבער זיין געהאַלט. אין אַנגל-סיטי האָבן די פאַריינען געהאַט אַ וואָכנשריפט, וועלכע האָט זיך אויסגעהאַלטן פון די אַנאָנסן פון די סוחרים; איז דאָס נישט געווען אייגנטלעך אַ מין בכבודיקער כאבאר?

האָט מען געבראַכט צו איינעם פון די רעדאַקטאָרן אַ קאַמפעריש אַרטיקל, אַזוי האָט ער געמורמלט דאָס שרעקלעכע וואָרט: „באָלשעוויזם" און דאָס אַרטיקל אין קאָרב אַריינגעוואָרפן.

דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין דער באַוועגונג אין די גאַנצע פאַרייניקטע שטאַטן, די „אַמעריקאַנער אַרבעטער פעדעראַציע" האָט געהאַט אין וואַשינגטאָן אַ ביורא, וועמענס אויפגאַבע עס איז באַשטאַנען נאָר אין דעם באַקעמפן די ראַדיקאַלן און דער אמת איז די ביורא געווען גלייך צו אַלע אַנדערע

פּאַטריאָטישע אינסטיטוציעס: זי ד״האָט אויפגעזאַמלט אין דער גאַנצער וועלט נישט קיין גינסטיקע ידיעות וועגן סאָוויעטרוס־לאַנד אין געשפּייזט מיט זיי די אַמעריקאַנישע אַרבעטער פּרעסע. האָט אַ פּאַרביטעטער אַרבעטער פּאַרטרעטן אַ צווייטע מיינונג, אַזוי האָט ער צוגעצויגן צו זיך די שנאה פון דעם גאַנצן אַפּאַראַט און איז איבערגעגעבן געוואָרן די וועלף, אין דער קאַפּי־טאַליסטישער פּרעסע האָט זיך באַוויזן, צום ביישפּיל, אַזאַ מעשה: די קאָמוניסטן ד״האָבן באַהערשט דעם שאָסיי־אַרבעטערפאַריין, אָדער נאָדלפאַריין און אַז דאָס העכסטע געריכט וועט זיך מיט דעם ענין פאַרנעמען. דער דורכשניטלעכער אַרבעטערפירער, ווי ערלעך און אויפריכטיק ער זאָל נישט זיין, האָט געציטערט, ווען איבער זיין קאָפּ איז אַזאַ שווערד געהאָנגען.

# II

אויך הערי זיגער האָט געהאַט זיינע זאָרגן, די זיגער־האַנדלסשול האָט אַרויסגעלאָזט איבערן לאַנד יינגע יינגלעך און מיידלעך, וועלכע זענען געווען געווינט צו סטענאָגראַפירן: „אַלע מענטשן זענען באַשאַפן געוואָרן צו זיין פריי און גלייך“ אָדער „גיט מיר פרייהייט, אָדער טויט!“ און איצט האָבן די דאָזיקע יינגע מענטשן אָפּגעקלאַפּט אַלע ביוראָס פון אַנגל־סיטי און זיך געמוזט דערוויסן, אַז קיין שום מענטש וויל נישט אַזעלכע זאַכן דיקטירן. די זיגער־האַנדלסשול האָט געשמט פאַר אַ באָלשעוויסטישן אינסטיטוט און די געשעפטסלייט פון דער שטאָט זענען געווען געוואָרנט נישט צוצונעמען אָנגעשטעלטע פון אירע שילער, געוויס איז דער באָיקאָט אין אַנגל־סיטי געווען קעגן דעם געזעץ, און פראָלעטאַריער, וועלכע וואָלטן אים געפרווט אָנווענדן, וואָלטן ווי אַמשטרענגסטן באַשטראָפט געוואָרן, אָבער שטעלט אייך פאָר, וואָס עס וואָלט געשען, ווען הערי זיגער זאָל אָנגעבן אַן אָנקלאַגע אויף דער „סוחרים און פאַבריקאַנטן פאַראייניקונג“ ביי דעם קרייז־פּראָקוראָר, וועלכער איז אַ דאַנק דער פינאַנציעלער אונטערשטיצונג פון דערזעלבער טאַקע פאַראייניקונג געוועלט געוואָרן!

בוני איז געפאָרן קיין פאַראַדייז און אויך דאָ האָבן אים דערוואַרט פאַרשידענע זאָרגן. אַלס אַ פאָרבערייטונג צו דעם קו-

מענדיקן קאַמף פאַר דעם לוינטאַריף, האָבן די נאַפטאונטערנעמער אָנגעהויבן אָפּצוזאָגן אַלע „שלום־שטערער“, דאָס הייסט, אַלע אַקטיווע פאַריינסמיטגלידער, און צום ערשטן מאָל האָט די ראָס־קאָנסאָלידאַטעט געפאָלגט דעם ביישפיל פון די איבעריקע אונטערנעמער. איינעם פון פאַוולס פריינט, בען רילעי, האָט מען מיטגעטיילט, אַז מען האָט מער פאַר אים קיין אַרבעט נישט, זיי האָבן צופיל אַרבעטער, האָט דערקלערט דער מייסטער, אָבער עס איז נישט געווען ריכטיק, ווייל מען האָט אין דער צייט זעקס נייע צוגענומען. גאָר בען איז געווען אַ סאָציאַליסט, האָט גערעדט אויף פאַרזאַמלונגען אין פאַראַדיז, פאַרקויפט סאָציאַליסטישע צייטונגען, וועלכע האָבן אויפגעדעקט די אומגעהייערע גזלה אין דער נאַפטאינדוסטרי און אָנגעוויזן דערויף, אַז די וועלטקאָנקורענץ וועט גורם זיין צו אַ צווייטע גרויסע מלחמה.

רות האָט דאָס אַלץ דערציילט בונין מיט אַן ערנסטן טאָן און אַ טרויער האָט גערוט אין אירע זאַנפטע אויגן.

„עס איז אַ חרפה, בוני, בען קען קיין אַנדערע שטעלע נישט קריגן. און דאָ האָט ער זיין היים. זיין פרוי און צוויי קליינע טעכטער.“

אויך בוני איז געווען שטאַרק פאַרטרויערט; דער פאָטער האָט אים דאָך צוגעזאָגט, אַז עס וועלן אַזעלכע זאַכן נישט פאָרקומען.

„קענט איר גאָרנישט טון?“—האָט רות געבעטן.

„בען אַרבעט ביי דער פּאָמפּע און געהער צו דער אָפּטיילונג „פּראָדוקציע“, דער פאָטער אָבער האָט נאָר צו טון מיט דער אָפּטיילונג „אויסבוי“, ער קען זיך נישט אַריינמישן.“

„בעט אים ער זאָל אים צונעמען אין זיין אָפּטיילונג.“

„דאָס וועל איך טון, רות, אָבער איך ווייס שוין וואָס ער וועט מיר ענטפערן, וועט ער צונעמען די מענטשן, וועלכע ווערן פון די אַנדערע אָפּטיילונגען אַרויסגעוואָרפן, אַזוי וועט ער נאָר אָנמאַכן בייז בלוט. און איר ווייסט דאָך ווי מיין פאָטער איז פאַראינטערעסירט עס זאָל זיין אחדות אין דער אונטערנעמונג גופא.“

„יאָ בוני, אָבער וואָס וועט זיין מיט בענס געפילן און מיט די געפילן פון די איבעריקע,“—האָט זיך רות איינגעקשנט מיט דער עקשנות, וועלכע מילדע מענטשן צייטנווייז באַזיצן.

רות האָט נישט פאַרשטאַנען קיין אַבסטראַקטע פראַגן, זיך נישט באַשעפטיקט מיט דער טעאָריע פון דעם קלאַסקאַמף; האָט זיך עס אָבער געהאַנדלט וועגן אַן אומרעכט, וואָס ווערט אָפּגעטון די מענטשן. אַזוי איז זי געווען פונקט אַזוי אַנטשלאָסן, ווי איר ברודער פּאָול, די אַלע מענטשן; וועלכע זענען זיך צונויפגעקומען אַהער כדי צו דעבאַטירן, זענען געווען אירע פריינט; איז עמעצן פון זיי געשען אַן אומרעכט, אַזוי האָט מען געמוזט עפּעס טון.

בוני האָט זיך ווידער געפונען אין אַ פיינלעכע לאַגע: ער האָט געמוזט זיין אַן עדות פון אַ קאַמף, צו וועלכן ער האָט קיין ענדע נישט געזען און וועלכן ער האָט נישט געקענט מילדערן. בען רילעי האָט ענדלעך באַקומען אַרבעט אויף אַ פערמע, ווו ער האָט געמוזט טעגלעך צוועלף שעה אַרבעטן, דאָך האָט ער נאָך שטענדיק געפונען צייט אין אָוונט צו קומען אויף דעם פעלד און דאָרטן פלוגבלעטער צו צעטיילן.

## III

פון אזעלכע זאַרגן האָט בוני געהאַט נאָר איין אָרט צו אנטלויפן: „דער מאָנאַסטיר”. דאָרט האָט קיינער נישט געד־האַט קיין זאָרגן, אָדער ווייניקסטנס האָט קיינער זיי נישט ארויסגעזאָגט.

„באַטראַכט דאָס הויז ווי אייער קלוב,”—האָט געזאָגט אנאַבעלע,—„קומט אַזוי אָפט, ווי איר ווילט, און בלייבט אַזוי לאַנג וויפל איר האָט נאָר חשק, אונדזערע פערד דארפן האָבן רייטער, אונדזערע ביכער עמעצן, וואָס זאָל זיי לייענען. א גאַנצער אָקעאַן שטייט אייך צו דינסט, נאָר היט אייך פאַר פלוצימדיקע ים-צופלוסן.”

בוני האָט אָפט באַזוכט דאָס דאָזיקע שיינע אָרט; צייטנווייז האָט ער דאָרט אויך געטראָפן ווי טראַסין, אָדער זי איז דערשינען אויף א געהיימניספולן אופן עטלעכע שעה נאָך זיין קומען.

זי איז געווען מיט עטלעכע יאָר עלטער פון בונין און דערפאַרונג האָט זי געהאַט, ווי זי זאָל זיין עלטער פון אים מיט הונדערט יאָר, דאָך איז זי געווען א גוטער קאָלעגע, עס האָט געהערט צו איר באַרוף קערפערלעך און גייסטיק יינג צו זיין, דערמיט האָט זי פאַרדינט איר ברויט, דעריבער האָט זי שטענדיק מיט ספאָרט זיך פאַרנומען, זי האָט געמוזט לעבן ווי

אַן אַטלעט, ווי אַ באָקסקעמפער, ווער האָט געקענט וויסן וואָס פאַר אַ שגעונות עס וועלן איינפאַלן דעם פילמאויטאָר אָדער פילמדירעקטאָר? אפשר וועט זי זיך מוזן צובינדן צו אַ ווילד פערד אָדער זיך לאָזן שלעפּן מיט אַ שטריק. וואָס וועט זיין. צוגעבונדן צו אַ מאָטאָרשיפל, אפשר וועט מען זי אַרויפשיקן אויף דעם טורמשפּיץ פון אַ קירך.

זי איז געווען אַ גוטער קאָלעגע פאַר אַ ייִנגן אידעאַליסט וועלכער אַנטלויפט פון די זאָרגן פון אַנדערע. זיי ביידע האָבן געריטן צוזאַמען אויף אַנגעבעלעס פערד, גאַלאָפּירט ביי דעם ברעג, אין וואַסער געשפּרונגען און געמאַכט וועטלויפן צופוס ווי איז געפלויגן ווי אַ ווירבלווינט מיט ווייסע גלידער און שוואַרצע האָר אין די כוואַליעס, פון וועלכע קיין איינע האָט נישט געקענט זיין ווילדער פון איר לאַכן. דערנאָך זענען זיי געזעסן אויף דער זון; ווי האָט דערציילט געשיכטעס פון האָליווד, און קיין שום כוואַליע האָט נישט געקענט זיין ווילדער פון די דאָזיקע געשיכטעס. אין האָליווד האָט זיך געקענט אַלץ פאַרלויפן, און עס איז זיך טאַקע פאַרלאָפן,—און ווי האָט געקענט די מענטשן, מיט וועלכע עס איז זיך פאַרלאָפן.

ווען בוני איז אַוועקגעגאַנגען, זענען זיינע געדאַנקען פאַרבליבן ביי דער שלאַנקער, גראַציעזער געשטאַלט, עס איז געווען גאַנץ קלאָר, ווי האָט אים גערן און בוני האָט געקלערט פון איר, אַנשטאָט צו שטודירן, און זיינע געדאַנקען האָבן זיך שטענדיק פאַרענדיקט מיט דער פראַגע:

„פאַרוואָס דען נישט?”

און דער עכאָ, פאַרקערפּערט אין פאָטער, הער ראָסקאָע, אַנגעבעלע עמס און אַנדערע פריינט, האָט אויסגעזען דערמונטערנדיק צו פרעגן:

„פאַרוואָס נישט?”

דער איינציקער מענטש, וואָס וואָלט אַנדערש געענטפערט איז געווען הענריעטע עשלייוו, אָבער הענריעטע איז ביי אים פאַרבליבן נישט מער ווי אַ בלאַסע דערינערונג; בוני האָט זי שוין מער נישט באַזוכט און נישט געבעטן מער פון איר קליי-

נע, שוואַרצע ביכלעך מיט גאָלדשניט.

בוני פּלעגט צו ווי טראַסי אָנקלונגען אין איר פילם-אַטע־ליע, אָדער אין איר ווילע און זי האָט אים קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, זיי האָבן געגעסן אין דעם רעסטאָראַן, ווי די פילם־לייט האָבן פּאַרקערט, זענען געגאַנגען אין קינאָ, ווו זיי האָבן די זעלבע מענטשן געזען אויף דעם לייוונט, און ווי האָט דערציילט בונין פון דעם פּריוואַט לעבן פון דעם דאָזיקן פאָלק געשיכטעס, וועלכע זענען נאָך געווען פיל מער מערקווירדיקער פון די, וועלכע מען האָט וועגן זיי פאַרשפּרייט צוליב רעקלאַ־מע צוועקן.

די פילמוועלט האָט געהאַט אַ נייעם ענין: ווי טראַסי האָט אַ מיליאָנער געפאַנגען, אַ נאַפטפּרינץ, וועלכער האָט מיל יאָנען אויף מיליאָנען. אויסערדעם איז די זאַך שטאַרק ראָמאַנ־טיש, ווייל עס הייסט, אַז ער איז אַ באָלשעוויק! און אַלע בליקן און שטימען, וועלכע בוני האָט באַגעגנט, האָבן איבער־געחזרט די פיינלעכע פראַגע:

„פאַרוואָס דען נישט?"

# יז

האַלב פֿאַרגראָבן אין זאַמד איז ווי געזעסן ביי דעם ברעג, געקוקט אויף דעם בלאָען וואַסער און דערציילט בונין פֿון איר לעבן.

„איך בין נישט קיין צנועה, בוני, אין דעם דאַרפֿט איר נישט גלויבן, אין אָנפֿאַנג פֿון מיין קאַריערע האָב איך מיר געמוזט אַליין העלפֿן און באַצאָלן דעם פּרייז, וואָס אַלע מיידלעך צאָלן. אויב זיי וועלן אייך עפּעס אַנדערש דערציילן, גלויבט עס נישט; עס איז נישטאָ קיין פֿרויען פֿילמאונטערנעמער, און צווישן די מענער זענען נישטאָ אַזעלכע, וואָס זאָלן פֿאַראַכטן דעם פּרייז.“

בוני האָט זיך איבערגעלעגט.

„זענען די מענטשן דען נישט צופֿרידן דערמיט אַליין, וואָס די שוישפּילערין קען שפּילן?“

„זי קען בייטאָג זיין אַ גוטע שוישפּילערין און ביינאַכט אַ גוטע געליבטע; קען אַ מאַן די ביידע זאַכן האָבן, אַזוי נעמט ער עס אויך.“

„דאָס קלינגט זייער אָפּשיילעך.“

„די קאָנקורענץ ביי דעם פֿילם איז אַזוי גרויס אַז נאָר איינס איז וויכטיק, די קאַריערע, אַמווייניקסטנס ווייס איך, אַז ביי מיר איז אַזוי געווען, מיט פֿופֿצן יאָר צוריק האָב איך זיך

אַרומגעשלעפּט אַרום דער אַטעליע, געהונגערט, געלעכצט צו פילמען און גרייט געווען מיט דעם טייוול אַליין צו שלאָפן, אַבי נאָר אַ ראָל צו באַקומען.״

זי האָט געקוקט פאַר זיך, און בוני, וועלכער האָט איר בגנבה באַטראַכט, האָט געזען, ווי פאַרביטערט זי איז.

„מען דאַרף נאָר איינס נישט פאַרגעסן״—האָט זי פאָרט־געזעצט,—„אַז יינגע גאַנז באַקענט זיך מיט אַ מאַן, וועלכער האָט אַ גאַנצן הויפן געלט קען מיט איר אין אַן אויטאָ אַרומפאָרן שפּאַצירן, איר געבן גוט צו עסן, שיינע קליידער מאַכן, און אַ ווילע בויען. זי האַלט אים פאַר אַ גרויסן מאַן, עס איז זייער גרינג אויסצוגעפונען, אַז ער איז ווונדערפול. די מאָראַליסטן מעגן קרימען מיט די נעז, זיי פאַרשטייען דאָ גאָרנישט. איך זאָג אייך דעם אמת: דער מאַן, וועלכער איז דאָ אַהער געקומען מיט זיין געלט, און מיר די ערשטע ווירקלעכע ראָל פאַרשאַפט, האָט מיר אויסגעזען ווי אַ גאָט, און איך האָב אויסגעפונען, אַז איך דאַרף אים געבן אַלץ, וואָס ער וויל נאָר, איך האָב געלעבט עטלעכע חדשים מיט אים, נאָך איידער איך האָב אַנטדעקט, אַז ער איז אַן אידיאָט.״

זי האָט געשוויגן אַ ווייל׳ע, דערנאָך האָט זי געזאָגט:

„איר וועט אודאי פרעגן, צוואָס דערצייל איך אייך דאָס אַלץ, איצט, ווען איך האָב אַ ביסל געלט אין דער באַנק און בין פאַרזיכערט, איצט וואָלט איך דאָך געקענט שפּילן די ראָל פון אַ דאַמע אין מיין פאַרגאַנגנהייט פאַרגעסן, ווען איך זאָל אייך זאָגן, אַז איך בין אַן אומשולדיקע פרוי, ווי אַזוי וואָלט איר מיר דען געקענט באַווייזן דעם היפּך? נאָר איך האָב מיר געזאָגט: מיין גאָט, אויב דאָס געלט קען איבערהויפּט האָבן פאַר מיר אַ געוויכטע באַדייטונג אַזוי איז דאָס, וואָס איך וועל שוין מער נישט באַדאַרפן צו זאָגן ליגן.״

איך קען איין מאַן, וועלכער האָט דאָס אויך שטענדיק געזאָגט,״—האָט בוני געענטפערט—„עס האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק.״

„מען לעגט שליסלעך אויף קיין שום זאך שוין מער קיין אכט נישט. אין פילמוועלט האב איך א שרעקלעכן שם, האט מען אייך דערפון דערציילט?"

„נישט קיין סך."

זי האט געוואָרפן אויף אים א שאַרפן בליק.

„וואָס האט מען אייך דערציילט? פון ראבי וואַרדען, נישט אמת?

„כמעט גאָרנישט,"—האט בוני לאַכנדיק געענטפערט, — „איך האב נאָר געהערט, אַז איר זענט אין אים געווען פאַר־ליבט, און אַז איר זענט פון דעמאָלט אָן אין אַ געוויסער מאָס אין טרויער."

„איך האב איבער צוויי מענער דעם קאָפּ פאַרלוירן. ראָ־בי איז געווען דער צווייטער און וועט דער לעצטער זיין. ער האט פינאַנסירט מיין לעצטן פילם, איז געווען מיין ווי א גאָט און מיר געבעטן חתונה צו האָבן מיט אים. איך האב עס אויך געוואָלט. אָבער ער האט געהאט באַציאונגען נאָך מיט צוויי, דריי אַנדערע פרויען, איינע האט אים דערשאָסן. דאָס איז גע־ווען די ענדע פון מיין יינגן ליבע־טרוים. ניין, איך בין נישט אין טרויער, פריי מיר, ווייל מיר איז געבליבן אַ סך אָפּגע־שפּאָרט. אָבער מיינע אַנשויאונגען אויף ליבע זענען געוואָרן עטוואָס ציניש, און מיין שפּראַך וועגן דעם, נישט זייער פיין, דאָס וועט איר אפשר באַגרייפן."

ווי האט אָראָפּגעטרייסלט דאָס זאַמד פון דער נאַקעטע פיס און אויפגעשטאַנען.

„אַזוי האַלט איך מיר אויך שלאַנק!"

זי האט צוגעדרוקט די פינגער צו דעם פעסטן פייכטן זאַמד און זיך אָנגעשטעלט אויף די הענט. אַזוי איז זי, לאַכנדיק צו בונין, צוגעגאַנגען ביז צום וואַסער, צונויפגעדרייט זיך אין אַ קרייז, דערנאָך ווידער אויפגעשטאַנען און אַריינגע־שפּרינגען אין די כוואַליעס.

„קומט אַריין! דאָס וואַסער איז אויסגעצייכנט!"

# V

בוני האָט געקלערט וועגן דעם געשפּרעך, ווי האָט גע- [illegible] קעמפן פאַר איר דערפאָלג, ער, בוני, האָט עס קיינמאָל נישט באַדאַרפט פאַר עפּעס קעמפן, וואָלט ער געוואָלט ווערן אַ פילמאַרטיסט, אַזוי וואָלט שוין דער פאָטער אַלץ איינגעאָרדנט און די טויערן פון דער אַטעליע וואָלטן זיך פאַר אים ברייט געעפנט. דאָס זעלבע וואָלט געשען, ווען ער קלויבט זיך אויס אַ וועלכן עס זאָל נישט אַנדערן באַרוף. ווי אַזוי קען ער זיך דערלויבן עמעצן צו משפטן?

ווען ער האָט זיך צוגעהערט צו ווי טראַסיס ווערטער האָט ער זיך געמוזט דערמאָנען אין עאוניס האָיט, ניין, די מענטשן ווייסן נישט אין געשלעכטלעכע ענינים, וואָס עס איז גוט און וואָס נישט, און אויב זיי ווייסן עס יאָ, אַזוי זאָגן זיי עס נישט קלאָר אַרויס. געוויס איז פיינלעך פון אַזויפיל פאָרגענגער צו דענקען, אָדער פון דער צווייטער צייט וואַרפט דאָס אַ שיין אויף דעם וואָס איז געשען. ווי וועט נישט דערוואַרטן, באַלד התונה צו האָבן, די פילמלייט האָבן אויך התונה, אָבער, זעט אויס, ערשט דעמאָלט, ווען זיי זענען שוין זיכער, [illegible] איינער דעם אַנדערן וועט מאַכן גליקלעך.

זיי האָבן זיך געפונען אין מאָנאַסטיר, נאָכן טאַנצן זע- זען זיי אַרויסגעגאַנגען אויף איינע פון די טעראַסן, די לבנה

האָט געשיינט, די זעלבע לבנה, וועלכע האָט געלויכטן. צו עאָ-ניס און בונין און צו עטל גודריק און בונין, אין שטוב האָט געשפּילט אָרגלמוזיק, אינדרויסן האָבן געשמעקט בלומען און בו-ני האָט געטראַכט:

„ווי אַזוי זאָל איך עס אייגנטלעך אָנהייבן?"

אַזוי האָט עס נישט געקענט ווייטער גיין, דאָס האָט ער געוווּסט, ווייל ער האָט געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, דאָך איז זיין צונג געווען ווי־געליימט. ביז אַהער האָבן די מיידלעך שטענדיק געמאַכט דעם אָנהייב; עס איז ווירקלעך אויסגעקומען לעכערלעך, וואָס איז דען מיט אים געשען? מיט אַ ציטערנדי-קער שטים האָט ער איר פאָרגעלייגט:

„מיר וועלן טאַנצן."

ווי האָט זיך אויפגעהויבן און זיי האָבן געטאַנצט אויף דער טעראַסע, איצט וועלן זיי ווידער אין שטוב טאַנצן און אַלץ וועט זיין פּונקט אַזוי ווי פריער! ניין, דאָס גייט נישט! בוני איז געווען פאַרצווייפלט: אַנשטאָט איר אַרומצונעמען צום טאַנצן, האָט ער איר אַרומגענומען אויף אַזאַ אופן, אַז זי האָט קיין טריט נישט געקענט מאַכן. פאַר איינעם פון די בכבודיק-סטע סטודענטן פון אַ בכבודיקן אוניווערסיטעט, איז דאָס זיכער געווען זייער פּרימיטיוו; בוני האָט עס פאַרשטאַנען און זיך דערשראָקן. זי וועט עס נישט באַגרייפן, וועט ווערן בייז, צוגן אים אָוועקטרייבן!

אָבער זי, זעט אויס, האָט יאָ פאַרשטאַנען און נישט בייז געוואָרן, בוני האָט באַמערקט, אַז ווי דריקט אים צו זיך מיט פעסטע אָרעמס, אַלץ איז געווען אין אָרדנונג.

„אָ, ווי,"—האָט ער געפליסטערט.

„איר האָט מיך ווירקלעך ליב?"

און זייערע ליפּן האָבן זיך צונויפגעטראָפן; זיי זענען גע-שטאַנען ענג אַרומגענומען אין דער לבנה־שיין. אין דער צייט וען אינעווייניק האָט געשפּילט דער אָרגל.

„ווי, איך האָב אַזוי מורא!"

„זי האָט געלאַכט, „דו נאַרישער יינגל,"—דאַן האָט זי

פּלוצים אָפּגערוקט דעם קאָפּ אויף צוריק.

„בוני, איך מוז מיט דיר רעדן, איך מוז דיך עפּעס זאָגן. לאָז מיר אָפּ און זעץ זיך, ביין, דאָרט אַנטקעגן, איך וויל גאַנץ ערנסט און רויק מיט דיר רעדן.“

איר שטים האָט געקלינגען שרעקעוודיק און ער האָט געפאָלגט.

„וואָס איז, ווי?“

„מיר מוזן זיין פאַרנונפטיק, גוט וויסן וואָס מיר טון, כמעט קיינער פון די, וואָס איך קען, איז נישט געווען גליקלעך אין דער ליבע, און איך שווער ביי גאָט, אַז איך וויל פון איר נישט וויסן.“

„דו מוזט זיך אַ נייעם גאָט זוכן.“

בוני האָט צוריק געפונען די שפּראַך.

„מיר וועלן זיך צוזאָגן גליקלעך צו זיין, אויב מיר וועלן עס נישט זיין, אַזוי וועלן מיר זיך צעגיין אָן געשיכטעס. מיר וועלן זיין פאַרנונפטיק, נישט פאַרלירן דעם קאָפּ פון אייפערזוכט און נישט פייניקן איינער דעם צווייטן.“

„איך וועל דיר נישט מאַכן אייפערזיכטיק,“—האָט בוני דערקלערט.

„דו ווייסט נישט, וואָס דו וועסט טון, קיינער קען עס נישט וויסן פאָרויס. דו האָסט גאָר קיין אַנונג נישט, וואָס איך האָב שוין איבערגעזען, בוני, דו ביסט נאָך אַ זויגקינד.“

„דו וועסט זיין גוט צו מיר, ווי, און מיר לערנען.“

„וואָס איך קען וויסן, וואָס איך וועל טון? ווייסטו דען איבערהויפּט עפּעס פון מיר? דו ווילסט מיר נישט ווייסנדיק אפילו, וואָס איך בין און וואָס איך וועל טון, איך האָב דיר געקענט דערציילן מיליאָנען ליגנס, און דו וואָלסט געגלויבט. די צווייטע וועט דיר אויך אַ מיליאָן, אָדער נאָך מער דערציילן; און ווי אַזוי וועסטו וויסן ווער עס זאָגט אמת! דאָס איז גאַנץ פּשוט, ווי, דו וועסט עס מיר זאָגן.“

ער האָט פאַר איר אַנידערגעקניט און איר אָנגענומען ביי דער האַנט, אָבער זי האָט אים אָפּגעשטויסן.

„ניין, דאָס זאָלסטו נישט טון, דו זאָלסט מיינע ווערטער איבערלייגן. מיר מוזן זיך באַשליסן קאַלטבלוטיק.״

„דו ווילסט מיר אָפּקילן, דערציילנדיק פון די האַליוווּ-דער סירענעס,״—ער האָט געלאַכט.

„בוני, אַ פּרוּוו מיט אַ מאַן דאַרפן זיך שטענדיק זאָגן דעם אמת, מעג עס אַפילו פאַרשאַפן ווייטיק; אַזויפיל צוטרוי מוזן זיי האָבן איינער צום אַנדערן, נישט אמת?״

„געוויס.״

„אפילו אויך דעמאָלט, ווען עס הייסט זיך צעשיידן. זיי דאַרפן זיך קיינמאָל נישט לייקענען. ביסטו דערמיט מסכים, בוני?״

„יאָ.״

„אויסערדעם זאָלסטו וויסן, אַז איך וויל דיין געלט נישט האָבן.״

„איך האָב גאָר קיין געלט נישט, ווי; אַלץ געהערט דעם פאָטער. דאָס איז דער ערשטער שמערצלעכער אמת.״

„איך דאַרף עס נישט, איך האָב מיין אייגנס און קען פאַר מיר זאָרגן, איך האָב מיין אַרבעט, דו דיינע, מיר וועלן זיך נישט שטערן איינער דעם צווייטן און צוזאַמענקומען וועלן מיר זיך נאָר דעמאָלט, ווען עס וועט אונדז גליקלעך מאַכן.״

„דאָס אַלץ איז זייער לייכט פאַר אַ מאַן. ווי.״

„עס איז אַ שפּיל. און דאָס זענען זיינע געזעצן; ברעכן מיר זיי, אַזוי איז עס גלייך צו אַ שווינדל.״

בוני האָט איר באַדאַרפט פאַרזיכערן, אַז ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געטון קיין שווינדל ביי אַ שפּיל און אַז אויך איצט וועט ער עס נישט טון. אויף אַזאַ אופן האָט ער באַזיגט אירע ספקות, איצט איז זי שוין ווידער געלעגן אין זיינע אָרעמס און זיי האָבן זיך געטוישט מיט אַזעלכע קושן, וועלכע מען האָט אַנפאַנגס קיינמאָל נישט געניגט. דאַן האָב ווי געפּליסטערט:

„עס קען נאָך עמעצער אַרויסקומען, בוני, לאָז מיר אַריינ-גיין, איך וועל נאָך אַ ביסל טאַנצן און דערנאָך זיך אַנטשול-דיקן און אַוועקגיין, קום שפּעטער אין מיין צימער.״

# VI

צי האָט עמעצער זיי אין לבנה שיין אונטערגעהערט, צי אָדער צי האָט ווי אַנאַבעלען דעם סוד אונטערגעזאָגט? צי אָדער איז דאָס געווען נאָר דאָס גליק, וואָס האָט פון זייערע אויגן ארויסגעשטראַלט? יעדנפאַלס, אויף דעם צווייטן טאָג האָט אויסגעזען, אַז אַלע ווייסן שוין דערפון און אין מאַנאַסטיר האָט געהערשט אַ יום-טובשטימונג. קיינער האָט דעם יינגן פאָר נישט געוואָרפן קיין רייזנקערנער, אָדער אַלטע שיך לויט די ענגלישע חתונה מנהגים, מען האָט אויך נישט אַריינגעשטעקט אין אויטאָ קיין ווייסע ראָזעטן, אָבער איבעראַל האָט מען פריינטלעך געשמייכלט און כיטרע וויצן געזאָגט, אַנאַבעלע איז, זעלבספאַרשטענדלעך, געווען באַגייסטערט. זי האָט דאָך עס שוין פונלאנג געפלאַנט, און דעם יינגן נאַפטפרינץ פאַר איר פריינדן אויסגעקליבן, שוין באַלד, ווען ווערנע האָט איר פון אים דערציילט, און ווערנע אַליין, זיינע וויצן אויף דער טעמע זענען געווען מער ווי איינדייטיק.

צו בוניס פאַרווונדערונג האָט זיך אויך דער פאָטער געפונען אין אַ יום-טובדיקער שטימונג, איז עס מעגלעך, אַז דער אַלטער ווערנע זאָל עס אים האָבן איבערגעגעבן טעלעפאָניש? דער פאָטער האָט געשטראַלט פון צופרידנהייט, און בוני האָט געקענט טרעפן אַלע זיינע געדאַנקען, הער ראָס האָט זיך מיט

ווי טראַסי באַקענט און זי איז אים געפעלן געוואָרן. אַ פילם־אַרטיסטן,—מיט דעם קען מען זיך רימען! דאָט איז דאָס פּאַסיקע פאַר אַ יינגן נאַפטפּרינץ, אויסערדעם אַנטשפּרעכט עס די אַריסטאָקראַטישע טראַדיציעס, איצט ווען שוין בוני זיך פאַרנעמען מיט אַנדערע זאַכן און נישט מיט די אידיאָטישע באָלשעוויקעס.

דער פאָטער האָט געפּרוווט טאַקטפול צו מאַכן אייניקע אָנדייטונגען.

„איז דאָרט געווען ווי טראַסי? דאָס מיידל איז פון קוועקזילבער, ווערנע זאָגט, אַז זי פאַרדינט פיר טויזנט אַ וואָך, דאָס איז נישט קיין פּרעסע שווינדל, זי פאַרמאָגט מער שכל פון אַלע מענער־ליאַלקעס צוזאַמענגענומען און באַוואָרנט גוט איר געלט, זי באַזיצט אין האָליווד אירע אייגענע גרונטשטיקער. זי האָט זיך געהאַלטן אַן עצה מיט ווערנען וועגן דער ראָס־קאָנסאָלידאַטעט און אָנגעקויפט אַקציעס אויף פופציק טויזנט דאָלאַר צו נאָמינאַל פּרייז, איצט זענען זיי ווערט דאָפּלט.”

בערטיע האָט זיך דערוווסט דאָס נייעס דורך טשאַרלי נאָרמאַנס אַלקאָהאָל־פאַרקויפער, וועלכער איז אין אַנאַבעלעס שוועסטער געווען פאַרליבט, בערטיע האָט באַלד זיך געוואָלט מיט ווי טראַסין באַקענען און באַפוילן בונין איר איינצולאַדן אויף פרישטיק. אָבער ווי איז געווען דאַקעגן. ווייל שוועסטער העצן שטענדיק זייערע ברידער קעגן די געליבטע. נאָר בוני האָט זי אויסגעלאַכט, די ביידע מיידלעך האָבן זיך צונויפגעטראָפן און אַלץ איז אָפּגעגאַנגען גוט. ווי איז געווען באַשיידן, זיך באַמיט אַ גוטן איינדרוק צו מאַכן און בערטיע האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ ליבעסווירדיקע גרויסע דאַמע. דאָס האָט אַזוי געמוזט זיין, ווייל ווי איז געווען נישט מער ווי אַן אַרטיסטן אין דער צייט ווען בערטיע האָט ווירקלעך געהערט צו דער „געזעלשאַפט”, נאָך דעם פרישטיק האָט בערטיע געזאָגט צו בונין:

„ווי איז באמת ליבלעך; אפשר וועט זי דיר אויסלערנען אַ ביסל שכל.”

פאַר אַ שוועסטער איז דאָס געווען דער העכסטער פונקט פון הערצלעכקייט.

אַזוי איז אַלץ געווען אין דער שענסטער אָרדנונג. בוניס שטאָלץ איז שוין מער נישט געשטערט געוואָרן דורך חלומות; זיי האָבן זיך אין ווירקלעכקייט פאַרוואַנדלט. האָבן זיי באַזוכט דעם מאַנאַסטיר, אַזוי האָט מען זיי אָפּגעגעבן צוויי שכנותדיקע צימערן, און איז בוני געקומען אין ווייס ווילע, אַזוי איז פאַרשוונדן די עלטערע דאַמע. וועלכע האָט אָנגעפירט מיט דער ווירטשאַפט, די קאָלאָניע פון די פילמלייט האָבן גאָרנישט געזאָגט, ווייל זיי האָבן שוין אַלץ אָפּגעזאָגט.

בוני פלעגט אָנטעלעגראַפירן צו ווי און זיך אָפּגערעדט מיט איר צו טרעפן, עס האָט געמעגט זיין זונטיק צי פרייטיק, אַנישט האָט ווי דערקלערט:

„ניין, בוני, בלייב אין דער היים און שטודיר.”

„אַן אומזין, ווי, איך האָב דיר שוין אַ גאַנצע וואָך נישט געזען!

„בוני. אַז דו וועסט פאַרנאַכלעסיקן צוליב מיר דיין שטודיום, אַזוי וועט דיין פאָטער זיין בייז אויף מיר.”

„דער פאָטער איז אין דיר נאָך מער פאַרליבט ווי איך. ער האַלט דיר פאַר דעם לייכטנדיקסטן שטערן אויף דעם פילם־הימל.”

„מיר דאַרפן נישט איבערכאַפּן די מאָס, בוני, אַנישט וועט דיר פּלאָגן דאָס געוויסן, און דו וועסט מיר צושרייבן די שולד.”

„ווי, דו טיראַניזירסט מיך נאָך ערגער. ווי אַנאַבעלע דעם אַלטן ראָסקאָע!”

„דאָס מאַכט נישט אויס: אויב איך וועל נאָר מיין נאַפּטפרינץ קענען האַלטן אַזוי לאַנג ווי אַנאַבעלע דעם איריקן, אַזוי וועט מיר שוין זיין גוט.”

# VII

גרעגאָר ניקאָלאַיעוו האָט זיך צוריק אומגעקערט פון אַל-
אַסקאַ און מיטגעבראַכט מיט זיך פאַר דעם געוויסן פון דעם
יינגן אידעאַליסט נייע ספקות און נייען פיין. גרעגאָר איז גע-
ווען אויסגעמאַגערט, זיינע אויגן זענען געווען טיף איינגעגראָבן
ער האָט אויסגעזען ווי פאַוול אין זיין צייט. דאָס אָרעמע אויס-
לענדישע יינגל—ער האָט זיך פאַרדינגען אויף דעם אַזוי גערו-
פענעם „גהינום-פלאָט פון דעם שטילן אָקעאַן", און איז אַריינ-
געפאַלן אין אַ שרעקלעכע בוכטע, וועלכע איז געווען פאַר-
מאַכט פון איין זייט דורך בערג און פון דער צווייטער דורך
דעם אָקעאַן!

ער האָט געוווינט אין באַראַקן מיט פייכטע באָדנס און
געשלאָפן אויף פאַרלייזיקטע פּאָליצעס. די שפּייז איז געווען ווי
אין אַ טורמע. און עס איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט
צו אַנטלויפן; מען האָט זיך נאָר געקענט ראַטעווען אויף אַ שיף
אָבער די שיפן האָבן נישט געוואָלט קיינעם אַרויפנעמען, אין
דער צייט ווען בוני מיט ווי האָבן זיך משוגע געמאַכט אינם
שטילן אָקעאַן, האָט גרעגאָר זיך שיעור אין ים נישט דער-
טרונקען.

אויך רחל האָט מיטגעבראַכט נייע זאָרגן: דעם שטרייק
פון די באַקליידאַרבעטער. אָן אַ שום פאַרמיטלונג, אינגאַנצן
ספּאָנטאַן, האָבן הונדערטער אַרבעטער דורך קליינלעכע אונטער-

דריקונגען געטריבן צו פֿאַרצווייפֿלונג, פּלוצים אוועקגעוואָרפן די אַרבעט.

די באַוועגונג האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין גאַנץ אַנגל-סיטי, די אַרבעטער האָבן זיך געשטופּט אין די פֿאַרייַנען און זיך פֿאַרשריבן אַלס מיטגלידער, עס האָט געדראָט אַ געוואַלטיקער מאַסנקאַמף. פֿאָטער מענציעס, איינער פֿון די אינטעליגענטסטע צווישן די שטרייקנדע, אַ קלוגער, ענערגישער מאַן, איז געזעסן אין דער היים, אין דער צייט ווען זיין פֿרוי ד׳האָט זיך געקלאַמערט אין אים און געיאָמערט:

„נעמסטו אָנטייל אינם שטרייק, אַזוי שיקט מען דיר ארויס אין אַ פֿרעמד לאַנד, ווו דו וועסט דערשאָסן ווערן און שוין קיינמאָל נישט דיין פֿאַמיליע זען!״

פֿאַר רחלען האָט דער שטרייק באַטייט, אַז זי קען שוין מער נישט אומקערן זיך אין אוניווערסיטעט. בוני, אַ בכבודיקער יינגערמאַן, וועלכער האָט נאָך קיינמאָל נישט קיין געלטמאַנגל געליטן, האָט צוערשט נישט באַגריפֿן, צוליב וואָס רחל ד׳האָט אים געמוזט מיט האַרטע ווערטער קלאָר מאַכן, אַז די פֿאַמיליע האָט שוין מיט פֿיל געאָפּפֿערט פֿאַר איר אויסבילדונג און אַז איצט קען זי שוין מער נישט טון. פֿאַרשטענדלעך, אַז בוני האָט געוואָלט איר מיטהעלפֿן, צו וואָס דען האָט מען אַ רייכן פֿאָטער, אויב נישט קיין פֿריינט מיטהעלפֿן? אָבער רחל האָט געזאָגט:

„ניין. איך בין שטענדיק געווען אומאָפּהענגיק און איך קלער גאָרנישט אָנצונעמען קיין שטיצע. איך וועל איין סעמעסטער דורכלאָזן.״

„דעמאָלט וועט איר שוין מער נישט זיין מיט מיר אויף איין סעמעסטער!״—האָט בוני אויסגערופֿן.

ער האָס פּלוצים דערפֿילט ווי שטאַרק ער דאַרף האָבן אַ קעגנגיפֿט פֿאַר דער לאַנגווייליקייט פֿונם אוניווערסיטעט.

איר זענט זייער פֿריינטלעך, הער ראָס,״ האָט רחל געענטפֿערט—„אָבער אפשר וועט איר קומען אויף די סאָציאַליסטישע פֿאַרזאַמלונגען?״

„הערט מיר אויס: איך קען ווירקלעך אָן אַ שום מי- דאָס געלט שאַפֿן. עס וועט נישט זיין קיין געשאַנק, איר וועט עס צוריק אָפּגעבן, ווען איר וועט נאָר ווען, וועט עס דען נישט זיין לייכטער פֿאַר אייך צו פֿאַרדינען געלט, ווען איר וועט אייער שטודיום ענדיקן?"

דאָס האָט רחל מודה געווען

בוני האָט זיך געבעטן:

„נעמט דאָס געלט און איר וועט מיר אויסצאָלן פֿון אייער געהאַלט צו צוואַנציק דאָלאַר אַ מאָנאַט."

אָבער רחל איז פֿאַרבליבן האַרטנעקיג ביי איר אָפּזאָג, וועלכער איז געקומען פֿון איר פֿאַר בונין אומפֿאַרשטענדלעכן קלאַסנבאַוווּסטזיין. דאָס האָט אים אַזוי געקרענקט, אַז ער, נישט אויסרעדנדיק מער צו רחלען קיין וואָרט, איז אריינגעשפרונגען אין זיין אויטאָ און אַוועק צו די מענציעס אַהיים. ער האָט געהאַט זייער אַדרעס אין זיין נאָטיצביכל און אים איז גאָר אויף דעם געדאַנק נישט געקומען, אַז דער פֿאַמיליע וועט אפשר נישט זיין אַנגענעם אים ביי זיך אין שטוב אויפֿצונעמען, אין אַ קליינער. דרייצימערדיקער וווינונג אין דעם אָרעמסטן קוואַרטאַל זיי האָבן געוווינט בשכנות, ווייל דער פֿאָטער מענציעס האָט זיין געלט אינם סאָציאַליזם אַריינגעלייגט און נישט אין באַנק. בוני האָט אים געטראָפֿן אין דעם איבערפֿולטן פֿאָדערצימער צווישן מעבל, ביכער, ביי־אַרבעט און דעם רעשט פֿון מיטאָג, וועלכער איז באַשטאַנען פֿון ברויט און הערינג, ער האָט פּונקט געלייענט דעם באַרשט אָפּצוג, פֿון דעם שטרייק-ביולעטין; אַ פּע ‎וע, עלטערע פֿרוי איז אַרומגעלאָפֿן דערשראָקן אַהין און אַהער א ן געפּרוווט אַלערליי זאַכן פֿאַר דעם בכבודיקן גאַסט צו פֿאַרדעקן.

דער עלטערער מאַן איז געווען געוווינט צו אומאָרדנונג און האָט זיך דעריבער נישט געשטערט, ער איז געווען איינגאַנצן פֿאַרטון אינם שטרייק, ער האָט בונין דערציילט וועגן אים, אים פֿאָרגעלייענט זיין אַרטיקל, אַ פֿאַרביטערטע פעסטשטעלונג פֿון די עוולות, וועלכע זענען באַגאַנגען געוואָרן לגבי

די באַקליידּ־אַרבעטער, דערנאָך האָט בוני געדעדט פון רחל און פון איר שטודיום און באַשטאַנען אויף זײַנס, אַז חיים מענציעס זאָל נישט דערלויבן דער טאָכטער קאַליע צו מאַכן זיך איר גאַנצע קאַריערע.

פרוי מענציעס האָט דערווייל אָנגעקוקט בונין מיט אירע גרויסע טונקעלע אויגן און אויסגעבראָכן פלוצים אין אַ שטראָם פון ווערטער, עס איז געווען גוט וואָס בוני האָט קיין יידיש נישט פאַרשטאַנען, ווײַל די פרוי מענציעס האָט צו דעם יינגן, שייגעם „גוי״ קיין צוטרוי נישט געהאַט און האָט חושד געווען, אַז אים האָט באַוועגט צו מאַכן דעם באַזוך די ערגסטע טעמים, ער וויל אפשר די טאָכטער פאַרפירן, אָדער ער האָט עס שוין געטון, ווער ווייסט דען וואָס פאַר אַ לעבן רחל פירט, זייענדיק אַרומגערינגלט פון סטודענטן, סאָציאַליסטן און אין אַ קריסטלעכן אוניווערסיטעט!

דער פאָטער מענציעס האָט איר באַפוילן צו שווייגן, וואָס זי האָט לויט דעם יידישן געזעץ געמוזט פאָלגן; אָבער עס זעט אויס, אַז די מוטער מענציעס האָט ביי איר יידישן געזעץ זיך דערלויבט אויף אַזויפיל איינשרעקונגען, ווי די קריסטן ביי זייער קריסטלעכן געזעץ. אונטער דעם שטראָם פון אירע ווערטער האָט חיים געדאַנקט בונין פאַר זיין גוטקייט און דערקלערט, אַז רחלס שטודיום איז ווירקלעך אין געפאַר, ווייל אין משך, פונם שטרייק וועט די פאַמיליע דורכמאַכן שלעכטע צייטן. נאָר אויב בוני וועט די פאַמיליע אונטערשטיצן, אַזוי וועט זיך שוין רחל קענען אַליין העלפן.

זיי האָבן זיך געדרוקט די הענט, און בוני, קומענדיק אַהיים האָט מיטגעטיילט דעם פאָטער, אַז ער מוז פון איצט אָן אַ האַלב טוץ יידישע באַקליידאַרבעטער פאַרזאָרגן.

VIII

בוני האָט זיך אומגעקערט צוריק אין אוניווערסיטעט. דאָ,
ווייניקסטנס, איז פאַראַן אַן אַנגענעמע, ריינע באַשעפטיקונג,
וועלכע צעטרייסלט נישט די נערוון. אַ שיינער, רייכער יינגער-
מאַן, וואָס פאַרשטייט ביי די פּראָפעסאָרן זיך באַליבט צו מאַכן,
האָט גאָרנישט באַדאַרפט שטודירן, ער האָט געהאַט גענוג צייט
צו לייענען באָלשעוויסטישע פּראָפּאַגאַנדע-ליטעראַטור, צו פאַר-
נעמען זיך מיטן שטרייק, אַרומצושפּאַצירן אין שטאָט מיט אַ
פילמאַרטיסטין און דעם סוף וואָך אין האָליוווד צו פאַרברענגען.
ער האָט אויך צייט געפונען אויפצוזוכן ווי אין דער אַטעל-
יע און די אויפנאַמען פון איר נייעם פילם צו פאַרפאָלגן, נאָר
זי האָט עס נישט געוואָלט.
„איך בין צו שטאַרק פאַרליבט אין דיר"—האָט זי דער-
קלערט,—„און איך קען מיר נישט קאָנצענטרירן ווען דו ביסט
דערביי, אויסערדעם איז מיין אַרבעט אַן אָפּשיילעכע, אַלע פיל-
מען זענען אָפּשיילעך. דאָס. וואָס איך שפּיל איצט וועט דיר
גאָרנישט געפעלן. איך מוז אָבער אויף אַזאַ אופן מיין געלט
פאַרדינען און טו דאָס, וואָס מען הייסט מיר. דער גאַנצער פילם
האָט גאָרנישט צו טון מיטן לעבן; דו ביסט ערנסט און געביל-

דעט און וועסט אים אויסגעפונען קינדיש, אָדער נאָך ערגער.״
זי האָט זיך געפרייד איבער זיין ערנסטקייט, ער זאָל נאָר אַזוי בלייבן, אייגער פון די ווייניקע מענער זיין, וועלכע וואָלטן איר געקענט עפּעס איבער דער וועלט אויפקלערן. אָבער ער דאַרף נישט אירע פילמען באַטראַכטן.
די זאַך האָט בונין אויסגעזען עפּעס סודותדיק. ווי האָט פּראָטעסטירט שוין צופיל ענערגיש. באַלד האָט ער אויך אַנט-דעקט פון די צייטונגען די אמתע סבה: ווי טראַסי שפּילט אין אַ פילם וועגן רוסלאַנד.
זי איז געווען די שיינע פּרינצעסין פון דעם אַלטן רע-זשים, וועלכע איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די באָלשע-וויקעס, און נאָר אַ דאַנק דער הילף פון אַ שיינעם, יינגן אַמע-ריקאַנער געהיימאַגענט איז איר געלונגען צו אַנטלויפן, ווי האָט שוין געאַרבעט ביי דעם פילם זעקס מאָנאַטן, און גראָד דעמאָלט ווען ער איז שוין געווען כמעט אויף אַ העלפט פאַר-טיק, האָט זי זוך אויסגעקליבן אַ „סאָלאָגבאָלשעוויק״ פאַר אַ געליבטן.
איצט האָט זי מורא געהאַט, אַז ער קען זיך נאָך דער-וויסן אין וואָס פאַר אַ פילם זי שפּילט.
דער אָרעמער בוני, ער האָט זיך געגעבן די גרעסטע מי צו רייטן אויף צוויי פערד גלייכצייטיק! און די פערד זענען געלאָפן אַליין ווייטער און ווייטער איינער פונם אַנדערן, אַזוי, בוני איז שיעור אין דער מיט נישט צעריסן געוואָרן אויף צוויי. דערצו איז נאָך איצט אויסגעבראָכן דער שטרייק פון די באַ-קליידאַרבעטער. ער האָט באַטייט דעם העכסטן פונקט פון אַ גרעסערער צאָל פון אומרוען: צוערשט האָבן זיך טראַמוויי-אָנ-געשטעלטע אין שטרייק אָנגעשלאָסן דערנאָך די סטאָליאַרעס, עס איז געוואָרן אַלעמאָל קלאָרער, אַז די אַגיטאַציע פון די רויטע האָט וואָס ווייטער, אַלץ אַ גרעסערן דערפאָלג; צו דער זאַך האָט מען געמוזט איינמאָל פאַר אַלעמאָל א סוף מאַכן. דער קהלדה-ראַט האָט אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל, אַז קיינער טאָר נישט מאַכן

קיין מיאוס פּנים נעבן אַ פֿאַבריק, ווו די אַרבעטער שטרייקן. און היות ווי נישט אַלע באַקליידאַרבעטער זענען געווען גע־בענטשט מיט שיינע פּנימער, אַזוי האָט מען מיט דעם באַפֿעל אָפּט מיסגעברויכט. די צייטונגען זענען געווען פֿול מיט ידיעות וועגן אומרוען, וועלכע די בראַווע פּאָליציי האט אונטערדרוקט. צו בוניס אוניווערסיטעט־שטודיום האָט אויך געהערט די אויפֿ־גאַבע געמיינזאַם מיט דער איבעריקער „רויטע באַנדע" צו שילֿ־דערן דאָס פֿאַרהאַלטן זיך פֿון דער פּאָליציי לגבי די מיידלעך, וועלכע ד־האָבן כּסדר פֿאָלקאָם רויק און שטיל אַרומגעשפּאַנט פֿאַרלעכווייז פֿאַר זייערע אַרבעטסשטעלן.

איינמאָל אין אַ מאָרגן איז רחל נישט געקומען, און אויף דעם צווייטן טאָג האָט ער זיך דערוווסט דורך אַ בריוו, אַז יעקב מענציעס איז אויף זיין שטרייקפּאָסטן אַזוי צעשלאָגן גע־וואָרן, אַז ער האָט פֿאַרלוירן דעם באַוווסטזיין. יעקב איז גע־ווען דער „רעכטער פֿליגל־ברודער", דער בלאָסער, שמאָלברוסטי־קער יינגל, וועלכער האָט זיך פֿאַרדינט דאָס געלט אויף זיין שטודיום, דורכדעם, וואָס ער האָט די הויזן פֿון די סטודענטן געפּרעסט. בוני האָט זיין פּלאַן וועגן דעם, אַז ער זאָל אַנט־לויפֿן פֿון פֿרעמדע צרות אַזוי ווייט פֿאַרגעסן, אַז ער איז באַלד אַוועק צו די מענציעס אַהיים און דאָרט, דורך דעם אנבליק פֿון יעקבן, וועלכער איז אַ בלאַסער און מיט אַ ווייסן טיורבאַן אויף דעם קאָפּ אין בעט געלעגן, איז ער אינגאַנצן דערשיטערט געוואָרן. די מוטער מענציעס האָט ביטערלעך געוויינט „אָי, אָי, אָי" דאָס איינציקע יידישע וואָרט, וואָס בוני האָט פֿאַרשטאַנען. חיים מענציעס, דער פֿאָטער, האָט זיך אויסגעריסן פֿון די הענט פֿון דער פֿרוי און געזעסן אין דער שטרייקביורא.

דעם צווייטן נאָכמיטאָג גייענדיק אַהיים האָט בוני באַ־מערקט ביי אַ קיאָסק די גרינע פֿאַרבן פֿון דער „אַנגל־סיטי־

שטימע״, און דאָס שרײַענדיקע קעפּל האָט אים אַ שטאָך געגעבן אין די אויגן:

„אַ פּאָליציי אָבלאַווע אין דער רויטער צענטראַלע!״

בוני האָט געקויפט די צייטונג און איבערגעלייענט, אַז גאַנצפרי האָט די פּאָליציי געמאַכט אַן אָבלאַווע אין די צימערן פון דעם באַקליידפאַריין און געפונען אַ סך דאָקומענטן, פון וועלכע עס איז געוואָרן קלאָר, אַז די אומרוען אין שטאָט זע־בען געוואָרן פינאַנסירט און אָרגאַניזירט דורך די רויטע רעוואָ־לוציאָנערן פון מאָסקווע. די פאַרייַנבאַאַמטע זענען געוואָרן אַרעס־טירט; צווישן זיי געפינט זיך חיים מענציעס. וועלכער האָט זיך אַליין מודה געווען, אַז ער איז אַ „סאָציאַליסטישער אַגי־טאַטאָר.״

# IX

פאַר בונין האָט עס באַטייט אַ נייע אויפגאַבע, ער האָט נישט געוווסט אויף רעכט וואָס אָנהייבן צו טון, ווייל דער פּאָטער איז געווען אונטערוועגנס און ער האָט נישט געקענט זיך האַלטן מיט אים קיין עצה. בוני האָט אויפגעזוכט דעם פּאָטערס אדוואָקאַט, אַ קלוגער און ליבנסווירדיקער מאַן, וועלכער האָט וואָס אמת צו די רויטע קיין שום סימפּאַטיע נישט געהאַט, אָבער וואָס איז פונדעסטוועגן געווען גרייט צו יעדער אויסטערלישער אַרבעט, וועלכע עס האָבן פאַרלאַנגט פון אים זיינע רייכע קליענטן.

ער האָט אָנגעטעלעפאָנירט אין דער פּאָליציי און זיך דערוווּסט, אַז דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַטאָר וועט דעם צווייטן טאָג שטיין פאַר דעם אויספאָרשונגס ריכטער. ביי דער געלעגנהייט איז אויך באַשטימט געוואָרן די הויך פון דער קויציע. בוני האָט געמוזט אָדער באַרעס געלט איינלייגן, אָדער אומבאַוועגלעכע גיטער פון אַ דאָפּלטן ווערט. בוני האָט דערקלערט, אַז ער וויל מיט דעם אַרעסטירטן רעדן, און הער דאָליווער, דער אַדוואָקאַט, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיטן פּאָליציישעף האָט געמיינט, אַז דאָס וועט זיך לאָזן מאַכן.

ער האָט אָנגעשריבן אַ בריוו און בוני איז מיט אים צוגעפאָרן צו אַ פינצטערע געביידע, וועלכע איז אויסגעבויט גע-

וואָרן פּאַר אַ שטאָט, וועלכע האָט אין איר צייט נישט מער ווי פופציק טויזנט איינוווינער געהאַט און איצט שוין אַ מיליאָן. דער פּאָליציישעף האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ קרעפּטיקן מאַן אין ציווילער קליידונג. ער האָט געבעטן בונין זיצן, אַרייני־גערופן צוויי באַאַמטע און זיך געפלייסט מיט אַלע כּוחות אַרויס־צוקריגן פון בונין וואָס ער ווייס וועגן חיים מענציעס און וועגן זיינע אָנשויאונגען, אויך בוניס פּערזענלעכע אָנשויאונגען האָבן אים, זעט אויס, שטאַרק אינטערעסירט. בוני אָבער, וועלכער האָט שוין אין דער דאָזיקער העסלעכער וועלט ענדלעך זיך שוין אָנגעהויבן צו אָריענטירן, האָט נאָר דערקלערט און געקליבן ווערטער דעם אונטערשיד צווישן דעם רעכטן און לינקן פליגל פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

ווען דער פּאָליציישעף האָט געזען, אַז בוני לאָזט זיך גאָר־נישט אויסנאַרן, און ווייסנדיק אויסערדעם, אַז אַ זון פון אַ מיליאָנער קען נישט ווערן אַרעסטירט, האָט ער אויפגעגעבן זיין אַרבעט און באַפוילן איינעם פון זיינע באַאַמטע דעם יינגן מאַן אין דעם תּפיסה צו פירן.

אין איינער אַ קאַסטנאַרטיקער קאַמער. וועלכע מען האָט גערופן „טאַנקס", האָט בוני געפונען דעם פאָטער מענציעס, דער אַלטער מאַן איז געזעסן אויף דער ערד, ווייל עס איז אין ערגעץ קיין פּלאַץ נישט געווען צום זיצן. ער האָט אויסגעזען פאַלקאָם צופרידן, האָט פאַרזאַמלט אַרום זיך אַלע איינוווינער פון דער קאַמער און זיי דערקלערט דעם קאַמף פון די באַ־קליידאַרבעטער, און אַז די פּראָלעטאַריער מוזן זיך אָרגאַניזירן און דאָס קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם אָפּשאַפן. ווען ער האָט דער־זען בונין, האָט ער זיך שנעל אויפגעהויבן און אים געדרוקט די האַנט, בוני האָט שנעל אַ זאָג געטון:

„הער מענציעס איך מוז אייך דערויף אויפמערקזאַם מאַכן אַז דער הער, וועלכער באַגלייט מיר איז אַ באַאַמטער פון דער אויספאָרשונג."

דער פאָטער מענציעס האָט געשמייכלט

„געוויס. אָבער איך האָב נישט וואָס צי פאַרבאָרגן, איך בין שוין צוואַנציק יאָר אַ מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי און בין פּאַר אַ פּאַרלאַמענט און פּאַר שטימרעכט. אויב די מענטשן וועלן אַליין עפּעס נישט אויסקלערן, אַזוי וועלן זיי פון מיר זיך מער גאָרנישט דערוויסן, איך האָבן גראָד די ייִנגן דאָ דערקלערט וואָס סאָציאַליזם איז און גערן גרייט אויך דעם דאָזיקן הער צו דערקלערן, אויב ער וועט מיר נאָר וועלן אויסהערן. איך האָב די באַקליידאַרבעטער געהאָלפן אין זייער קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען און וועל עס ווייטער טון. ווי נאָר איך וועל פונדאַנען אַרויס."

אין אָוונט האָט בוני אָנגעטעלעפאָנירט צום פּאָטער און אים איבערגעבן פון אַלץ. בוני איז געווען געוווינט דעם פּאָטערס נאָמען אונטער טשעקן אונטערצושרייבן, ער האָט אָבער נישט געוואָלט מיט זיינע רעכט מיסברויכן, איצט האָט זיך עס געהאַנדלט אין פופצנטויזנט דאָלאַר. די קויציע איז בכוונה געצאַלט אַזאַ גרויסע, כּדי דעם אַלטן אין תּפיסה האַלטן ביז דער שטרייק וועט זיך פאַרענדיקן.

„עס איז גאָרנישטאָ קיין סכנה,"—האָט בוני דערקלערט,— „מענציעס איז די ערנהאַפטיקייט אַליין און קלערט אפילו נישט פון צו אַנטלויפן."

דער פּאָטער האָט געמאַכט אין טעלעפאָן אַ זויערע מינע. וואָס זאָל ער אָבער טון? זיין געליבטער זון ברענט פון אויפרעגונג, ער באַהויפּטעט, אַז ער קען געגוי אַלע פּרטים, און אַז ער ווייסט אויף זיכער, אַז דער דאָזיקער אַלטער איז נישט קיין סאָוויעטישער אַגענט, ווען עמעצ אויפגאַבע עס באַשטייט אין דער, אונצוגראָבן די אַמעריקאַנער אינסטיטוציעס אין אַנגלסיטי. פונוואַנען דער זון ווייסט עס, האָט הער ראָס אפילו נישט פאַרשטאַנען, אָבער ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען זיין זון אַזוי אויפגערעגט און האָט דעריבער שליסלעך געזאָגט:

„גוט, אָבער הער דאָליוועך זאָל עמעצן אַנדערש שיקן מיטן געלט צום געריכט, כּדי מען זאָל ווידער נישט דערמאָנען דיין נאָמען אין די צייטונגען."

# X

אַלץ איז פאָרגעקומען, ווי דער פאָטער האָט געוווּנטשן; ער דאָליווערס אָנגעשטעלטער איז אַוועק אין געריכט און זיך אומגעקערט מיט דער נאַכריכט, אַז חיים מענציעס געפונט זיך נישט צווישן די אַרעסטירטע. באַקענענדיק זיך מיט דער ביאָגראַפיע פון חיים מענציעס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין רוסיש־פוילן, איצט זאָלן זיינע נאַטוראַליזירונגס פאַפירן אָנווערן זייער גילטיקייט און ער זאָל אָפּגעשיקט ווערן צוריק קיין פוילן. חיים איז אָפּגעפירט געוואָרן אין דער רעגירונגסטורמע, וועלכע איז געווען פונקט אַזוי שמוציק און פינצטער ווי די שטאָטישע.

איצט האָט בוני געהאַט ווירקלעך ערנסטע זאָרגן. ביי די מענציעס אין דער היים האָט רחל אַרומגעשפּאַנט אַ טויטבלאַסע און אומרויִקע און די מוטער האָט געיאָמערט און געריסן פון זיך די קליידער. עס איז געווען אוממעגלעך מיט דעם אָרעמען חיים אפילו איין וואָרט אויסרעדן; ער איז געהאַלטן געוואָרן אין אַן איינצלקאַמער, יאָ, אפשר איז ער שוין געזעסן אין אַ צוג, וועלכער איז געפאָרן אויף מזרח! און אין דעם פאַל איז נישט געווען קיין שום רעטונג. ער וועט אַרויפגעזעצט ווערן אויף אַ שיף וואָס גייט אָפּ קיין דאַנציק און פון דאָרט אָפּגעגעבן ווערן פוילן.

בוני האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז הער דאָליווער זאָל זיך אַן עצה האַלטן נאָך מיט צוויי גרויסע יוריסטן אויף ראָס חשבון. זיי האָבן דעבאַטירט איבער פאַרשידענע מיסטישע פאָרמולעס, פאַרפּאַסט אַ גרויסע צאָל פון ביטעס און געפּרוווט אונטערצוהאַנדלען מיט דעם, אָדער יענעם געריכט אומזיסט. דערווייל האָט דער פאָטער געפאָלגט די פאַרצווייפלטע בקשות פון זיין זון און געפלויגן, נישט לייגנדיק קיין אַכט אויף די שנעלקייט-געזעצן, פון פּאַראַדיז אין שטאָט אַריין. ווען ער איז אָנגעקומען אַהיים, האָבן אים שוין אָפּגעוואַרט אויף דער וועראַנדע בוני מיט זיינע יידישע פריינט.

זיי האָבן אים באַלד אַריינגעשלעפּט אין אַרבעטסצימער, און ער האָט געמוזט אויסהערן אַ רעפעראַט וועגן דעם אונטערשיד צווישן דעם רעכטן און לינקן פליגל אין דער אַרבעטערבאַוועגונג, ווי אויך אַ גענויע שילדערונג פון דער טעטיקייט פון אַ סאָציאַליסטישן ליטעראַטור-לייטער. אינמיטן דעם פאַרטאָג האָט רחל אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. הער ראָס וועלכער האָט פונקט אַזוי ווייניק געקענט צוזען אַ פרוי וויינען, ווי בוני, האָט איר געקלאַפּט אויף די פּלייצעס און געטרייסט:

„שוין גוט, קליין מיידעלע, זאָרגט נישט, איך וועל אים שוין באַפרייען, ווען איך זאָל אפילו מוזן שיקן אַ מענטש קיין ניו-יאָרק.“

דער פאָטער האָט פאַרלאָזן דאָס הויז און אַריינגעשטיגן אין אויטאָ, דאָס איז געווען אין מיטאָגצייט. ווער אָבער איז אַרויסגעשטיגן אַרום דריי אַזייגער פון אַן אויטאָ פאַר דעם הויז פון די מענציעס? דאָס איז געווען חיים און זיין אייגענער פּערזאָן, שמוציק, נישט געראַזירט. אָבער לאַכנדיק, געלאַסן און גרייט ווייטער אָנצוהייבן די איבערגעריסענע אַרבעט פאַר זייגע באַקליידאַרבעטער. ער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָס עס איז אייגנטלעך פאָרגעקומען: די וועכטער פון דער רעגירונגס תפיסה האָט אים גאָרנישט מיטגעטיילט, און חיים האָט נישט געהאַט קיין שום חשק אַריינצולאָזן זיך מיט זיי אין פראַגן. נישט ער, נישט רחל האָבן זיך געקענט דערוויסן דעם אמת,

באָר הער ראָס האָט פאַרטרויליכע מיטגעטיילט בוני, ווי אַ באַפּטלעגענדע.

„וואָס איך האָב געטון? איך האָב גערופן איינעם פון אונדזערע אַלטע פריינט: בען-סקוט."

„בען-סקוט?"

„בוני האָט שוין פון לאַנגע יאָרן נישט געקלערט פון דעם פרעמדע מעקלער.

„יאָ, ער איז איצט אַ גרויסע חיה אין דער געהיימאַגענטור. ער האָט די זאַך פאַר מיר דערליידיקט."

„וואָס האָסטו אים געזאָגט?"

„אַ גרויסן."

„וואָס הייסט דאָס?"

„דאָס איז אַן אויסדרוק פון די אַלקאָהאָל-פּאַרקויפער, איך האָב אים געגעבן פינפהונדערט דאָלאַר און געזאָגט: „בען זוכט אויף דעם מאַן, וועלכער האָט געפאַנגען דעם אַלטן, ער זאָל אים פריילאָזן, דעמאָלט זאָלט איר קומען צו מיר, און איך וועל אייך נאָך פינפהונדערט געבן."

„מיין גאָט!"—האָט בוני אויסגערופן.

דער פאָטער האָט אַ פּאָר מאָל אַ צי געטון פון זיין גרויסן ציגאַר.

„איצט פאַרשטייסטו שוין, פאַרוואָס מיר נאַפּטמענטשן מוזן זיך מיט פּאָליטיק פאַרנעמען."

# XI

דער דאָזיקער פּאָרפּאַל האָט נישט נאָר פֿאַרפֿאָלקאָמט בוניס פּאָליטישע בילדונג, נאָר האָט אויך געהאַט אין אַן אַנדער הינזיכט פֿאַר אים אַ באַדייטונג. ווי טראַסי האָט זיך דערזען געצווונגען צו נעמען בונין אין אירע הענט. ראָס סעניאָר האָט נאָך דעם זעלבן אָוונט אָנגעקלונגען אין פֿילמסטאַר און געזאָגט:

„הערט. ווי, איר פֿאַרנאַכלעסיקט אייערע פֿליכטן."

„וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן, הער ראָס?"

„איך בין דער פֿאָטער,"—האָט געענטפֿערט די שטים, — און וויל דערמיט זאָגן, אַז איר גיט נישט אַכטונג אויף מיין זון אַזוי, ווי איך וואָלט עס געוואָלט, ער האָט שוין ווידער אומאַנגענעמלעכקייטן צוליב די באָלשעוויקעס, דאָס נעמט זיך דערפֿון, ווייל איר זענט מיט אים צו ווייניק צוזאַמען."

„אָבער, הער... פֿאָטער... איך האָב דאָך געפּרוווט איבער צו באַוועגן ער זאָל שטודירן; דאַכט זיך, אַז דאָס אַנטשפּרעכט אייער ווילן."

„זאָרגט זיך נישט וועגן זיין שטודיום, דאָס איז אַלץ שווינדל און וועט אים קיין נוצן נישט ברענגען, אויסערדעם שטודירט ער דאָך נישט, נאָר ער באַזוכט סאָציאַליסטישע פֿאַרזאַמלונגען; דעריבער וועט עס זיין קלוגער, אַז איר וועט מיט אים זיין צוזאַמען."

„אָ, פּאָטער!“—וויס שטיטע האָט געקלונגען נישט אײַנ-
גאַנצן פעכט,—„איך וויל גאָר בעסער נישט האָבן, איך בין
פאָלקאָם פאַרליבט אין אייער זון.“

„אַלזאָ נעמט אים אונטער אײַער׳ע פליגל און האַלט אים
דאָרט פעסט; וועט עס אייך געלינגען בונין פון די רויטע אַרויס-
צורייסן, אזוי וועל איך אין מײַן צוואה געדענקען פון אייך.“

פון דעמאָלט אָן האָט בוני אַנטדעקט, אַז זײַן הייסגעליב-
טע איז גרייט זיך צו טרעפן מיט אים צו יעדער צייט סײַ
בײַטאָג, סײַ בײַנאַכט. זי האָט אים נישט מודה געווען די סבה
דערפון—אַזוי ווייט איז איר אמתע ליבע נאָך נישט דערגאַנגען,
פאַרקערט, זי האָט אים געלאָזט גלויבן, אַז זײַן אויסערגעוויינ-
לעכער רייץ האָט איר באַזיגט און זײַן מענערישער עגאָאיזם
האָט זיך מיט דער דאָזיקער דערקלערונג צופרידנגעשטעלט. זי
האָט אפילו צייטנווייז אַרויסגעוויזן אַ שוואַכן ווידערשטאַנד:

„אָ, בוני, דער פאָטער וועט אויסגעפונען, אַז דו פטרסט
דײַן צייט אומזיסט און וועט מיר האַלטן פאַר אַ פאַרפירערין!“

דעמאָלט פלעגט בוני ענטפערן:

„דו נאַרישע, ער ווייסט דאָך, אַז ווען איך בין נישט בײַ
דיר, אַזוי גיי איך אויף אַ סאָציאַליסטישער פאַרזאַמלונג.“

זיי זענען געווען גליקלעך, אַזוי גליקלעך! זיי זענען גע
פלויגן איינער צום אַנדערן; די טעלעפאָניסטנס האָבן געהאַט
אַן אַרבעט נאָר זיי ביידע צו פאַרבינדן. בוני האָט זיך אויס-
געלערנט די קונסט צוצוחנפן זיך צו די פּראָפעסאָרן און שוין
געקענט אויף דעם חשבון דורכלאָזן די פאָרלעזונגען, זײַן גע-
וויסן איז געווען רויִק: האָט ער דען נישט מיט דער הילף
פון אַ „גרויסן“ פון זײַן פאָטערס באַקאַנטע דערפילט זײַן פליכט
לגבי דעם סאָציאַליזם? אויסער דעם איז שוין דער שטרייק גע-
ווען פאַרענדיקט, די באַקליידאַרבעטער האָבן באַקומען עטלעכע
הנחות, די פירער זענען באַפרייט געוואָרן און די אַלע „רעוואָ-
לאַציעס וועגן מאָסקווע“ זענען פאַרגעסן געוואָרן פון די צײַ-
טונגען און ממילא אויך פון אַלעמען.

ווי האָט נאָך אַלץ נישט דערלויבט בונין אין אַטעליע

צו קומען. אפשר ביי דעם נעכסטן פולם, נישט ביי דעם; דעו וועט איבם מיט זיינע באָלשעוויקעס נישט געפעלן און זיאַרף אים נישט זען אַזוי לאַנג, ווי גאָר מעגלעך. אָבער איר גאַנצע פרייע צייט האָט געהערט אים. די עלטערע הויזפאַרוואַלטערין האָט פון צייט צו צייט באַקומען אַ פינפדאָלאַרשטיק און איז געווען טויב, בלינד, און שטום, וויס שלאָפצימער האָט זיך געפונען אויף דעם צווייטן שטאָק, דאָס איז געווען דאָס איינציקע צימער, וואָס איז נישט געלעגן אין פאַרטער. דאָ האָבן זיי זיך איבערגעגעבן איינער צום צווייטן. טרערן פון אַנטציקונג האָבן אָנגעפולט בוניס אויגן, זי האָט געפליסטערט:

„אָ, בוני, בוני, איך האָב געגלויבט, אַז שוין מער קיינמאָל נישט, און איצט איז עס נאָך ערגער ווי פריער, איך בין פאַרליבטער, ווי איך האָב עס מיר געקענט פאָרשטעלן אין טרוים, בוני, ווען דו פאַרלאָזט מיר, וואָלט איך געמוזט שטאַרבן!"

ער האָט דערשטיקט איר שרעק מיט קושן. דער הימל פון איר גליק האָט אויסגעזען אינגאַנצן אָן וואָלקנס מיטן אויסנאַם פון איין קליין וואָלקנדל, וועלכעס בוני האָט נישט באַמערקט. די פרוי האָט דאָס צייטנווייז געזען. זי האָט אָבער אַוועקגעקוקט דערפון. קיין שום שאָטן דאַרף נישט פאַלן אויף איר ייִנגער ליבע!

# XII

די ווייזער פון דעם גורל, וועלכע האָבן זיך אויף דעם פילמזייגער געדרייט, האָבן ווידער געבראַכט פאַר ווי אַ שעה פון טריאומף. דער גרויסער פילם איז געווען פאַרטיק, און ווי-דער אַמאָל האָט וויס נאָמען געקלונגען אומעטום:

„שמאַלסקי-סופּערבאַ מיט וויאָלאַ טראַסי אין דעם פילם: דער שליח פון טייוול, אַ דראַמע פון דער רוסישער רעוואָלוצ-יע. די אויספערטיקונג פון דעם פילם קאָסט אָפּ אַ מיליאָן דאָלאַר.“

דאָס בילד אויף דעם פּלאַקאַט האָט געוויזן ווי, פאַרשטעג-דלעך, מיט צעריסענער וועש, זיך וואַרפנדיק אין די אָרעמס פון דעם יינגן אַמעריקאַנער געהיימאַגענט, וועלכער האַלט אַ רעוואָלווער אנטקעגן אַ צעווילדעוועטער מאַסע פון מענטשן מיט שוואַרצע בערד און עקלהאַפטע אויסלענדישע פּנימער.

אין די צייטונגען האָט מען געהאַלטן אין איין שרייבן וועגן דעם פילם, וועגן דעם פּראָפעסאָר פונם מאַנוסקריפּט, דעם דירעקטאָר, רעזשיסער; אָפּעראַטאָר, פאַרפאַסער פונם צווישנ-טעקסט, קינסטלערישע מיטאַרבעטער אין דער מוזיק, אַממייסטן אָבער איז געשריבן געוואָרן וועגן טראַסין. עס איז אויסגע-

שלאָסן, אַז דער פּרעסע אַגענט זאָל נישט האָבן געגעבן אָנצוהערן די רעפּאָרטערן, אַז דער נאַכטפּרינץ איז געוואָרן ווי טראַסיס אינטימסטער פריינט, בוני איז דעריבער נישט געווען דערשטוינט, דער פּאָטער אויך נישט. רעפּאָרטערן האָבן באַלאַגערט דעם יינגן פּרינץ, זיסע, סענטימענטאַלע זשורנאַליסטנס האָבן זיך נעפּלייסט פון בונין געוויר ווערן, ווי ער פילט זיך אַלס דער ליבסטער פריינט פון אַזאַ גלענצנדיקע אַרטיסטן.

אין איין טאָג האָבן די צייטונגען מודיע געווען, אַז זיי וועלן חתונה האָבן, דעם צווייטן טאָג האָבן זיי שוין איבערגעגעבן, אַז ניין, זיי וועלן נישט חתונה האָבן, און ווען די ביידע האָבן קיין וואָרט נישט געזאָגט, האָבן די רעפּאָרטערן דאָך געוווסט גענוי וואָס זיי וואָלטן געזאָגט, בוני האָט אָפּגעזאָגט צו געבן זיין פאָטאָגראַפיע, און ווען ער האָט באַמערקט אינמיטן גאַס, אַז מען וויל אים פאָטאָגראַפירן האָט ער אָפּגעווענדט זיין פנים, דעמאָלט איז דערשינען דאָס בילד מיט דער רייצנדער אויפשריפט:

„דער נאַכטפּרינץ איז שעמעוודיק.״

די פּרעמיערע האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין גלובריס ליימעלאַנעזיאָן פּאַלאַץ. אַזעלכע פּרעמיערעס זענען די גרויסע געזעלשאַפטלעכע געשעענישן פון דרום-קאַליפאָרניע. שיינוואַרפערס שניידן דורך דעם הימל, ראַקעטן פליען אין דער הויך, רויטע, בענגאַלישע ליכט פאַרוואַנדלען די נאַכט אין טאָג, די גאַסן זענען איבערפולט, די גנבים האָבן אַ גוטע צייט, ווייל אַלע פּאָליציאַנטן זענען פאַרנומען מיט מאַכן אָרדנונג אין פּלאַץ פאַר די קינאָ-אַרטיסטן, זיי שטייגן אויס פון די גלענצנדע צענטויזנט דאָלאַרנדיקע אויטאָס און פאַרשווינדן אונטער די שטראַלנדיקע פּאָרטאַלן. עס פלאַמען אויף בליצליכט, עס אַרבעטן אַפּאַראַטן און די מאַסן כוואַליען זיך, ציטערן און קרעכצן פון באַגייסטערונג.

האָט עס געגעבן אין דער וועלטגעשיכטע אַזאַ שיינקייט? האָבן מענטשן ווען עס איז געזען אַזאַ קעניגלעכן פעסטצוג!

יעגער זענען אומגעקומען אין די צפונדיקע קעלטן, כּדי די קע־ניגנס פון פילם צו ברענגען סויבלן און גאָרנאָסטאַיען, טויכער זענען צעריסן געוואָרן פון די אַקולן אין די טיפענישן פון די טראָפּישע ימים, כּדי זיי די פּערל צו ברענגען, בערגלייט זע־נען מיט ערד פאַרשיט געוואָרן, זוכנדיק דיאַמאַנטן, פרויען און קינדער זענען קראַנק און בלאַס געוואָרן, צוגרייטנדיק די קאָס־מעטישע מיטלען, מיידלעך זענען בלינד געוואָרן ביי דער אויס־שטיקן די קונסטפולע מאַטעריע, וועלכע האָט געשימערירט אויף זיידענע גלידער. דאָס אַלץ אין איין איינציקן יום־טוב צוג קאָנ־צעטרירט: איז עס וואונדערלעך, וואָס די קעפּ זענען געטראָגן געוואָרן הויך און די בליקן זענען געווען ווירקלעך מלכותדיקע, וואָס די מאַסע איז שיעור נישט פאַרברענט געוואָרן, די פרויען זענען אין חלשות געפאַלן און עס זענען געפלויגן רעטוננס־וואָגנס אָן און אָפּ?

אין קינאָ האָט זיך געפונען אַ ריזיקער הויכרעדער, אין דער צייט ווען די גרויסע האָבן אַרויסגעשטיגן פון זייערע אוי־טאָס, האָט די געוואַלטיקע שטים מודיע געווען:

„הער אבֿ־הם שמאַלסקי האָט באַטרעטן די שוועל, באַ־גלייט פון זיין פרוי שמאַלסקי. פרוי שמאַלסקי טראָגט אַ בלוי־זיידענעם אָוונטמאַנטל פון דער פירמע וואָזין, וועלכן זי האָט מיטגעבראַכט פון פּאַריז. פרוי שמאַלסקי טראָגט איר באַרימטע דימענטנדיאַדעם, הער און פרוי שמאַלסקי זענען שטיין געבליבן און פּלוידערן מיט הער און פרוי יאַקוב גלוברי.“

און אַזוי ווייטער, איין סענסאַציע נאָך דער צווייטער, ביז ענדלעך עס האָט זיך דערהערט אין דער געהייליקטער שעה פון אַכט מיט דרייסיק די גרעסטע סענסאַציע פונם אָוונט:

„פריילן וויאָלאַ טראַסי איז אַרויסגעשטיגן פון איר אויטאָ, זי איז באַגלייט פון איר פריינט, הער ראָס יוניאָר, דעם אַנט־דעקער און יורש פון די ראָס יוניאָר־נאַפּטפעלדער אין פּאַראַדיז קאַליפאָרניע. פריילן טראַסי און הער ראָס זענען אַדורכגעגאַנ־גען דורך דעם בויגנגאַנג. פריילן טראַסי טראָגט אַ טייערן גאַר־

נאָסטאַיען מאַנטל; אירע שיך זענען פון ווייסער זייד און מיט פערל אויסגעשטיקט. זי טראָגט אַ שנור פערל אויף דעם האַלדז און אַ פערל באַפוצונג אויף דעם קאָפּ, ביידע אַ מתנה פון דעם הער י. אַרנאָלד ראָס סעניאָר. פריילין טראַסי און הער ראָס יוניאָר האָבן שוין באַטרעטן דעם זאַל. זיי באַגריסן זיך מיט הער און פרוי שמאַלסקי, ווי אויך מיט הער און פרוי גלובּרי."

און אַזוי ווייטער און ווייטער ביז פריילין טראַסי און הער יוניאָר האָבן זייער פּלאַץ פאַרנומען און די וועלט-געשיכטע האָט געקענט נעמען איר לויף.

# XIII

אַזוי האָט בוני געזען דעם רוסישן פילם. זיין געליבטע איז געווען די וואונדערשיינע יינגע פרוי פון אַ רוסישן גרויס־פירשט. די צערטלעכקייטן, קושן און ליבע אַנטציקונגען, וועלכע זענען רעפעטירט געוואָרן מיט בונין, האָבן איצט באַגליקט אַ פּרעכטיקע, באַקנבאַרדיקע פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט געטראָגן אַן אוניפאָרם מיט פיל אָרדנס און אויסצייכנונגען.

די דאָזיקע פּערזענלעכקייט איז געווען טאַקע שטאָלץ, אָדער אויסערגעוויינלעך איידל, און די גרויספירשטן איז געווען די ווילטעטיקייט זעלבסט. און ווי מילד און רייצנד זענען געווען די פויערים, וועלכע האָבן פון איר ווילטעטיקייט גענאָסן! ווי שיין זיי האָבן געשפּרונגען און געטאַנצט, ווי אַנטציקט זיי האָבן בלומען געריסן און באַוואָרפן מיט זיי אונטער הויכע אויסגעשרייען דעם פּרעכטיקן גרויספירשטלעכן וואָגן! עס איז געווען אַ שיינע, אידעלישע וועלט.

עס האָט זיך געפונען נאָר איינס וואָס האָט געשטערט די האַרמאָניע, אַ געהיימע באַנדע פון הולטייען מיט אויסגעצערטע, דעגענערירטע פּנימער, אייניקע מיט צעפּאַטלטע האָר און גרויסע ברילן. אַנדערע מיט ווילדע בערד און מעסערס אין

די שטיוול. די דאָזיקע מענטשן זענען זיך צונויפגעקומען צו־זאַמען כדי צו פאַרפאַסן אַנאַרכיסטישע מאַניפעסטן, פון וועל־כע עס זענען פאַרפירט געוואָרן די מילדע פויערן, און האָבן אונטערגעלייגט דינאַמיט־באָמבעס אויפצורייסן די איידעלע גרויס־פירשטן אין דער לופט. זיי האָבן געשכורט אין די קנייפּיעס און גראָב זיך באַנומען מיט אַלע פרויען אין דער עפנטלעכ־קייט. עס איז נישט געווען קיין פאַרברעכן, וואָס די מענטשן זאָלן עס נישט טון. זייער אָנפירער מיט אַ פנים פון אַ מויז און מיט הענט פון אַ גאָרילע האָט אַליין שוין דעם שטומפיקסטן מענטש געמאַכט קלאָר פאַרוואָס דער פילם הייסט „דער שליח פון טייוול".

און דאַן איז דערשינען דער ייִנגער מאַן פון דער גע־היימפּאָליציי, גלאַטגעראַזירט און שטענדיק גרייט צו דינען.

זיין אויפגאַבע איז געווען איבערצוגעבן ידיעות דעם אַמעריקאַנישן קאָנסולאַט און דעם אַמעריקאַנישן פלאט און דער נאָך האָט ער אויך געמוזט אָפּראַטעווען דאָס פאַרמעגן פונ[...] קאָנסולאַט פון די באָלשעוויקעס, ווייל איר ווייסט דאָך אַלע, וואָס אין רוסלאַנד איז געשען: די הולטייעס מיט די אויסגע־צערטע און דעגענערירטע פּנימער האָבן זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעוואָרפן די רעגירונג; זיי האָבן אויף דעם גרויזאַמסטן אופן געטויט די שטאָלצע, נאָר איידעלע גרויספירשטן.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער שליח פונם טייוול האָט פאַר אַלעמען פאַרלאַנגט די גרויספירשטין; ער האָט איר נאָכ־געיאָגט איבער דעם גאַנצן שלאָס און אַלע טירן אויפגעריסן, אין דער צייט ווען דער ייִנגער געהיימאַגענט איז געלאָפן מיט איר צוזאַמען דורך אַלע צימערן, פון אַ שאָס איז פון זיין שיין פנים גערינען בלוט, אָבער דאָך איז אים געלונגען די גרויס־פירשטין אַרויסצוראַטעווען דורך אַ פענסטער. איצט זענען זיי געפלויגן אויף אַ פערד איבער בערג און טאָל, ווו עס איז גע־וואַקסן דער עכט רוסישער אייקאַליפּטוסבוים.

ענדלעך זענען זיי אין פעטערבורג אַריינגעפאַלן אין דער

צעך. דער שליח פון טייוול האָט אָנגעריירט ווי מיט זיינע עקלהאַפטע, אומריינע הענט און איר צעריסן די קליידער און וועש, ווי דאָס איז צוגעזאָגט געוואָרן אויף די פּלאַקאַטן. נאָר איצט איז אָנגעקומען דער העלד מיטן רעוואָלווער אין אָפּגעהאַלטן דעם אויסוווּרף, אין דער צייט ווען ווי האָט אונטער זיין רוקן געגעבן אַ צייכן דער פריינט פון דעם העלד, אַז ער מעג וואַרפן אַ באָמבע פון די הולטייעס אין דעם געזינדל. צי קען מען זיך פאָרשטעלן אַ שענערע פּאָעטישע גערעכטיקייט? ווי מיט איר רעטער זענען נאָכאַמאָל געפלויגן, איצט שוין אין אַן אויטאָ איבער די עכט רוסישע אַספאַלט גאַסן און די עכט רוסישע בערג, וועלכע הויבן זיך אויף אַרום פּעטערבורג. זיי זענען אָנגעקומען צו דער נעוואַ, און אין די אייקאַליפּטוס וועלדער, וועלכע האָבן איר אַרומגערינגלט, האָט זיך געפונען פאַרבאָרגן אַ מאַטאָרשיף, עס איז געקומען נאָך צו אַ ווילדן יאַגד וועלכע האָט זיך פאַרענדיקט מיט נעמען אין געפענגעניש דאָס פאַרצווייפלטע פּאָרל און מיט אַ צווייט מאָל צעריסן וויס וועש.

אָבער האָט נאָך נישט קיין צרות! אין דעם סאַמע קריטישסטן מאָמענט זענען דערשינען די אַמעריקאַנישע מאַטראָסן.

דער גאַנצער באַרימטער פלאָט, וועלכער איז אין דער צייט פון קריג געווען פאַראַנקערט אויף דער נעוואַ. איר רומפולע פאָן האָט זיך צעווייט אויף דעם ווינט. (דער אָרקעסטער האָט געשפּילט דעם נאַציאָנאַלן הימן, און די צושויער האָבן אויסגעבראָכן אין באַגייסטערטע אַפּלאָדיסמענטן).

אַ שיפל איז גיך צוגעשווימען צום ברעג, דער שליח פונם טייוול איז אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, וויאָלאַ טראַסי מיטן העלד זענען געבליבן שטיין פעסט אַרומגענומען אין אַזאַ פּאָזע, וועלכע איז געווען באַקאַנט נישט נאָר בונין, נאָר אויך דעם גאַנצן פּובליקום.

אין דער צייט ווען מען האָט דאָס געשפּילט, האָט בוני

געהאַלטן די האַנט פון דער העלדין, איינמאָל האָט זי זיך צו אים צוגעבויגן און געפּליסטערט:

„איז עס זייער שלעכט?"

בוני האָט געענטפערט:

„דער פילם וועט גוט גיין, ער אַנטשפּרעכט דעם אַלגעמיינעם געשמאַק."

דאָס איז געווען דאָס ערשטע רעדן, וואָס זי האָט אָנגעווענדט לגבי אַנאַבעלע עמס, בוני ד'האָט דערפילט אַ פעסטן האַנטדרוק, וועלכער האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז נישט נאָר גוט, נאָר אויך קלוג.

# XIV

די לייוונט איז געוואָרן טונקל, די אפּלאָדיסמענטן זענען געוואָרן שוואַכער. עס איז געוואָרן העל און די פילמוועלט האָט אַרומגערינגלט ווי טראַסין, דער הער שמאַלסקין, טאַמי פּאָלעין און די אַלע איבעריקע, וועלכע האָבן געהאַט זייערע פאַרדינסטן פאַר דעם פילם, מען האָט זיך געדרוקט די הענט, פאַרביטן מיט ווערטער און די מאַסע האָט געגלאָצט די אויגן אויף די באַרימטהייטן; נאָך אַ פּרעמיערע איז שטענדיק געווען שווער אויסצולײדיקן דעם זאַל.

די פּאָליצײ האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די אָרדנונג ווי אויף דער גאַס, אַזוי אין זאַל; אַ סך זענען אָפּגעשטאַנען די דרײ־שעה אויף דער גאַס כּדי נאָר זייערע ליבלינגען צו זען.

ווי מיט איר געליבטן זענען געווען די לעצטע, וואָס האָבן זיך געגריסט אין אַלע זייטן און זענען געווען דער מיטלפּונקט פון אַלע בליקן. אונטער די פיל באַקאַנטע האָט בוני באַמערקט אַ געזיכט, וועלכעס ער האָט דאָ גאָרנישט דערוואַרט: רחל מענציעס. זי האָט אים געזען, ער האָט באַמערקט, אַז זי האָט אים געזען, און באַלד האָט זיך דער ייִנגער אידעאַליסט גע־פילט געצווינגען דאָס מײדל צו באַהאַנדלען אַזוי גוט, ווי די אַנדערע. רחל, די דאָזיקע אָרעמע, קלאַסנבאַוווסטע אַרבעטערין, וועלכע האָט געטראָגן אַן אָפּגעטראָגענעם מאַנטל, און אַן אָפּ־

געקראָכענעם אַלטמאָדישן הוט, דאַרף נישט מיינען, אַז ער וויל זיך נישט צו איר דערקענען אין דער דאָזיקער עלעגאַנטער געזעלשאַפט. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו איר:

„אַ גוטן טאָג, פריילין מענציעס, איך האָב גאָרנישט גע־וּוסט, אַז איר האָט ליב דעם קינאָ.״

„איך האָב אים נישט ליב,״—האָט זי געענטפערט,—„איך האָב נאָר געוואָלט זען, וואָס די מענטשן מאַכן פון דער רו־סישער רעוואָלוציע.״

„פאַר אונדז איז דאָ נישט געווען קיין סך גוטס,״—האָט בוני געמיינט.

און רחל האָט בייז געענטפערט:

„ניין.״

ער וואָלט מיט איר גערן געפּלוידערט, אָבער נישט דאָ.

„דאַרף איך אייך זיין בייהילפיק?״—האָט ער געפרעגט און זיך אויסגעדרייט, ווי ער זאָל זוכן אַ וועג דורך דער מאַסע.

אין דעם אויגנבליק איז צוגעקומען ווי, אַרומגערינגלט פון די גרויסע פון דער ערד, אַ באַוווּנדערטע און באַשיטע פון קאָמפּלימענטן, איז איר נאָך אָנגעגאַנגען איינער: בוני. זי האָט נישט געוואָלט זיין פון אים אָפּגעשייד.

איצט איז דאָס ערנגעפיל פון דעם יינגן אידעאַליסט אַרויסגעשטעלט געוואָרן נאָך אויף אַ גרעסערן נסיון: ער דאַרף זיך נישט שרעקן זיין אָרעמע אַרבעטער פריינדין דער פּרעכ־טיקער דאַמע אין גאָרנאַסטאַיען און פּערלען פאָרצושטעלן.

„פריילין וויאָלאַ טראַסי,״—האָט ער געזאָגט,—„ווי דאָס איז די פריילין רחל מענציעס, איינע פון מיינע שטודיום־חברות אויף דעם אוניווערסיטעט.״

אויך פאַר ווי איז דאָס געווען אַן ערנזאַך ליבנסווירדיק צו זיין, זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנט:

„אַ גוטן טאָג, פריילין מענציעס!״

רחל האָט די האַנט נישט אָנגענומען, זי איז געשטאַנען שטייף און גלייך און געענטפערט:

„אַ גוטן טאָג, פריילין טראַסי.“

בוני. וועלכער האָט זי גוט געקענט, האָט דערקענט, אַז איר שטים האָט געקלונגען טויט און פרעמד; אָבער ווי האָט דאָס נישט געקענט וויסן, און דער פאַקט וואָס רחל האָט איר אויסגעשטרעקטע האַנט נישט אָנגענומען, האָט געקענט זיין פאַרלעגנהייט; סוף־כל־סוף האָט זיך דאָך דאָס מיידל באַקענט מיט דער וויכטיקסטער פערזענלעכקייט פון האָליוווד. ווי האָט דאַריבער געפרעגט נאָך אַלץ ליבעסווירדיק:

„ווי איז אייך געפעלן דער פילם?“

בוני האָט דערהערט די פראַגע, וועלכער איז געווען פיל מער געפערלעכער פון אַ וועלכער עס איז נישט באָמבע פון דעם טייוולס שליח. ער האָט שוין געוואָלט, שפּאַסנדיק זאָגן:

„פריילן מענציעס איז אַ סאָציאַליסטן, מיר האָבן די גלייכע אָנשויאונגען...“

אָבער נאָך איידער ער האָט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט, האָט רחל געענטפערט שנעל און האַרט:

„עס איז דאָס מיאוסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז געזען אויף דעם לייוונט.“

דאָס האָט זיך שוין מער נישט געלאָזט אַנטשולדיקן מיט פאַרלעגנהייט. ווי טראַסי האָט אָנגעקוקט די פאַרשעמטע רחל.

„ווירקלעך, פריילין?“

„יאָ און מענטשן, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן דעם פילם צו שאַפן, וועלן אַמאָל האָבן אויף זייער געוויסן דאָס בלוט פון מיליאָנען יינגע מענטשן.“

בוני האָט זי האַסטיק איבערגעשלאָגן:

„דו מוזט וויסן ווי...“

זי אָבער האָט אויפגעהויבן די האַנט.

„וואַרט, איך וויל וויסן, וואָס זי מיינט דערמיט.“

„איך מיין, אַז דער דאָזיקער פילם איז אַ טייל פון דער פראָפּאַגאַנדע, וועלכע וויל אונדז אַריינציען אין אַ קריג מיט רוסלאַנד. אַ פרוי וועלכע האָט מספּים געווען אין אַזאַ פילם אַרויסצוטרעטן, איז אַ שאַנד פאַר איר געשלעכט.“

ווי האָט איר בייז אָנגעקוקט, איר פּנים האָט זיך פאַרענ־דערט פון כעס.

„פּאַסקודסטווע״,—האָט זי אויסגערופן, איר האַנט האָט זיך אויפגעהויבן און זי האָט אַ פּאַטש געטון רחלען אין פּנים.

אין משך פון דעם שרעקלעכן אויגנבליק איז בוני גע־שטאַנען ווי אַ געליימטער, ער האָט געזען, ווי רחלס באַק איז געוואָרן רויט און ווי אירע אויגן זענען אָנגעפולט געוואָרן מיט טרערן. דעמאָלט איז ער אויפגעשפּרונגען און אָנגעכאַפּט ווי ביי דער האַנט נישט צו דערלאָזן אַ צווייטן פּאַטש.

„ניין, ווי, ניין!״

עס איז פאַרבייגאַנגען אַ דיקער פּאָליציאַנט און די ביי־דע קעגנעריננס צענומען; רחל איז פאַרשוווּנדן אין דער מאַסע. אינמיטן זיין צעמישונג האָט בוני באַמערקט, ווי אַ יינגערמאַן פאַרפאָלגט זיי:

„וואָס איז דאָ געווען? וואָס איז געשען פריילן טראַסי? וואָס איז פאָרגעקומען, הער פּאָליצייקאָמיסאַר?״

בוני האָט אַ זאָג געטון צו ווי:

„שנעל! דאָס איז אַ רעפּאָרטער.

ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי דעם אָרעם און זיי זענען פאַרשוווּנדן אין דער מאַסע.

# XV

אין אויטאָ האָט ווי געפּליסטערט:

„ווער איז דאָס מיידל?"

„די עלטערן אירע זענען יידישע באַקליידאַרבעטער, איר פאָטער איז געווען אַרעסטירט... דערמאָנסט זיך נישט, איך האָב דיר דערציילט דערפון."

„אַך, אַזוי."

„יאָ דו האָסט אָנגערירט איר קלאַסנבאַוווסטזיין."

ווי האָט צוזאַמענגעדרוקט די ציין

„אַן עקלהאַפטע באַשעפעניש!"

„ווי, אָבער פאַרגעס נישט, אַז די האָסט געפרעגט איר מיינונג.

„אַזוי חוצפּהדיק! אומדערהערט!"

„ליבסטע, דו נעמסט זיך די פרייהייט אַרויסצוזאָגן דיין מיינונג, פאַרוואָס זאָלסטו נישט איבערלאָזן אויך פאַר אַנדערע דאָס רעכט?"

„בובי, דו ווילסט זי דאָך נישט פאַרטיידיקן?"

און נאָך איידער ער האָט באַוויזן צו ענטפערן, האָט זי זיך צעשריגן מיט כּעס:

„איך האַס די מענטשן, איך האַס זיי! זיי זענען עקל-האַפט, נודניק, געמיין! בקמהדיק, זיי האָבן נאָר איין אידעע:

צורויבן ביי יעדן דאָס, פאַרוואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן."

עס איז אַריינגעטרעטן אַ לאַנג שווייגן, בוני האָט געפירט דעם אויטאָ, ענדלעך האָט ווי אַ פרעג געטון:

„וווהין פאָרסטו?"

„האָסטו פאַרגעסן די קאָלאַציע ביי די שמאָלסקיס?"

„איך וויל נישט פאָרן אין ערגעץ אויף קאָלאַציע, דאָס ...סן וועט מיר בלייבן שטיין אין האַלדז, ברענג מיר אַהיים, ... לד."

ער האָט געפאָלגט, אָנקומנדיק אַהיים אין ווי באַלד אַריין אין אי... שלאָפצימער, ער איז איר נאָכגעגאַנגען און געפונען דאָט גאָרנאָסטאַיען-מאַנטל זיך וואַלגערן אויף דער ערד, דאָס זיידענע געשטיקטע קלייד צונויפגעקוועטשט אין אַ זייט און זי אַליין איז געלעגן אַ צונויפגעקאָרטשעטע אויף דעם בעט און געשלוכצט.

„דאָס וועט אונדז דערפירן צום גרונט."

פלוצים האָט זי זיך אויפגעזעצט און אַ פאַרבלענדטע פון טרערן האָט זי אויסגעשטרעקט צו אים די אָרעמס:

„אָ, בוני, בוני, דערלאָז נישט אַז אונדזער ליבע זאָל אָפּגעטויט ווערן, בוני, די דאָזיקע מענטשן זענען מיר פאָלקאָם גלייכגילטיק, זיי קענען זאָגן, וואָס זיי ווילן, איך וועל שוין קיינמאָל נישט ווערן אין כעס, בין אפילו גרייט צו בעטן אַנט-שולדיקונג ביי דעם מיידל, זי קען זאָגן וועגן מיר, וואָס זי וויל, איך וועל טון אַלץ, וואָס דו פאַרלאַנגסט, מיר וועלן זיך נאָר נישט אויפהערן ליב צו האָבן."

בוני האָט דאָס ערשטע מאָל געזען ווי אין אַזאַ צושטאַנד וואָס האָט אויף אים, פאַרשטענדלעך, געמאַכט אַ שטאַרקן איינ-דרוק, ער האָט זי גענומען אין זיינע אָרעמס, איר ליבע האָט אויפגעפלאַמט, אירע זאָרגן זענען צעשמאָלצן געוואָרן אין דעם פלאַם, זיי האָבן געשווירן, אַז גאָרנישט אין דער וועלט וועט זיי צעשיידן.

אַ סך שפּעטער, ליגנדיק איינער אינם צווייטנס אָרעמס, האָט ווי געפליסטערט:

„בוני, דאָס מיידל איז אין דיר פאַרליבט."

„אַ שגעון, ווי."

„פאַרוואָס זאָגסטו דאָס?"

„רחל האָט קיינמאָל נישט פאַראַטן עטוואָס אַזוינס, וואָס זאָל קענען וועקן דעם חשד..."

„ווי אַזוי וואָלסטו עס דערקענט?"

„אָבער, ליבסטע..."

„פאַרשטענדלעך, אַז זי איז אין דיר פאַרליבט ווי קען עמעצער נישט זיין אין דיר פאַרליבט בוני?"

עס האָט נישט געהאַט קיין זין צו דעבאַטירן, עס האָט אויסגעזען אַ פּרויען-איינגעשאַפט צו זיין, שטענדיק צו מיינען, אַז אַלע פרויען זענען אין דעם געליבטן פאַרליבט, ווען בוני האָט איר דערציילט פון הענריעטע עשלייוו, איז זי געווען זי-כער, אַז הענריעטע איז אין בונין געווען שרעקלעך פאַרליבט און נאָר דער ראַסנשטאָלץ האָט איר געשטערט בונין אויפצו-האַלטן, און ווען ער האָט איר דערציילט פון רותן, האָט ווי געמיינט, אַז אויך דאָס אָרעמע לאַנדמיידל גייט אויס פון בענק-שאַפט נאָך בונין. דערפאַר נעמט רות נישט קיין גאַפּטאַרבעטער, ני ...ט אָבער ווייל זי דענקט נאָר פון פאַוולען.

„שוועסטער זענען נישט אַזוי פאַרליבט אין זייערע ברי-דער, דאָס איז אַ שגעון."

בוני האָט זיך דערמאָנט, אַז אויך בערטיע האָט אַמאָל דאָס זעלבע געזאָגט, און אויך עאוניס האָט; דאָס איז געווען די סבה, וואָס זי האָט אים נישט געלאָזט קיין פאַראַדיז פאָרן. בוני איז געקומען צו דעם אויספיר, אַז מען דאַרף איין פרוי נישט דערציילן פון דער אַנדערער, פאַר אַלעמען אָבער טאָר מען זיי נישט פאָרשטעלן איינער מיט דער אַנדערער!

צומאָרגנס, נאָך ליגנדיק אין בעט, האָבן זיי ביידע זיך צוגעכאַפּט צו די צייטונגען, נישט וועגן דער געזנויער שיל-ד...רונג פון דער פּרעמיערע מיט אַלע איינצלהייטן וועגן די טו-

[illegible]לעטן פון די פרויען; דאָס איז זיי איצט נישט אָנגעגאַנגען. זייערביידעס בליק איז צוגעשמידט געוואָרן צו דעם ריזנאויפ־שריפט:

„אַ פילמאַרטיסטין פאַטש איר קאָנקורענטן עפנטלעך!“

דאָס איז עס! דער רעפּאָרטער, וועלכער האָט זיך נישט געקענט דערוויסן דעם אמת, האָט זיך אויסגעקליבן, פאַרשטענדלעך, די וואַרשיינלעכסטע און ראָמאַנטישסטע דערקלערונג פון דעם פאָרפאַל. ער האָט אָנגעשריבן אַ פלאַמענדיק אַרטיקל איבער דער וועלט־באַרימטער וויאָלאַ טראַסי, וועלכע האָט אין איר טריאומף־שעה באַטרעטן דעם זאַל, פירנדיק אונטער דעם אָרעם דעם יינגן באַפּטפרינץ פון וועלכן מען מורמלט אַזוי פיל.

„זענדיק, אַז איר פריינט איילט פון איר צו אַ צווייטער פרוי, — האָט זי זיך אין אַן אָנפאַל פון שרעקלעכן אייפערזוכט, געוואָרפן אויף דער קאָנקורענטן און איר געגעבן אַ פאַטש אין געזוכט.“

די צייטונג האָט אויך געבראַכט אַן אונטערווו מיט דעם פאָליציי־באַאַמטן טאָני רעבער פון אנגלי־סיטי, וועלכער האָט די צוויי קאָנקורענטנס פונאַנדערגענומען. די אַרטיסטין האָט דער קאָנקורענטין געזאָגט אַ שרעקלעך זידלוואָרט, וואָס די אַנשטענדיקייט דערלויבט נישט אַ פאָליציי־באַאַמטן איבערצוחזרן דאָס.

„איינס אָבער קען איך זאָגן.“ — האָט ער מודיע געווען דער וועלט — „די דאַמע האָט נישקשהדיק אַריינגעשלאָגן. וואָלט איך עמעצן אַזוי געשלאָגן, אַזוי וואָלט איך באַלד די שטעלע פאַרלוירן.“

# XVI

דעם זעלבן טאָג האָט בוני געטראָפן אויף דעם אוניווערסיטעט די צווייטע קעמפערין; זי איז געווען בלאַס און אירע טונקעלע אויגן האָבן בייז געקוקט.

„הער ראָס”,—האָט זי שנעל אָנגעהויבן,—„איך וויל אייך זאָגן, אַז איך שעם מיר פאַר מיינע נעכטיקע ווערטער.”

„איר דאַרפט זיך נישט שעמען, עס איז דאָך אמת.”

„דאָס ווייס איך, דאָך וואָלט איך עס נישט באַדאַרפט זאָגן אייער פריינדין, נאָכדעם, וואָס איר האָט געטון פאַר מיר. אָבער דער פילם האָט מיך אַזוי אויפגערעגט.”

„איך פאַרשטיי”,—האָט בוני געענטפערט.—„פריילן טראַסי האָט מיר באַפולמעכטיקט אייך צו זאָגן, אַז זי באַדויערט זייער איר באַנעמען זיך.”

„איך האָב געוווסט, אַז איר וועט דאָס דערגרייכן, דער קלאַפּ האָט מיר נישט געשאַרט; מיר יידן זענען אַזוי אָפט געוואָרן געשלאָגן, און אויך מיר פראָלעטאַריער, און נאָך קלעפּ וועלן מיר באַקומען, איידער עס וועט פאַריבער דער קלאַסנקאַמף. דאָס אמתע אומרעכט אָבער וועט זי שוין נישט קענען אויסבעסערן: דעם עקלהאַפטן פילם, וועלכער וועט פאַרסמען די הערצער פון מיליאָנען מענטשן. פאַר דעם איז קיין אַנטשולדיקונג נישטאָ.”

„דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט לגבי דעם גאַנצן פאַרפאַל איז אין דער "צייט פון דער צעמישונג ביי בונין פאַרשטויסן געוואָרן ערגעץ" אין הינטערגרונט.

„אויך איך קען איבער דעם פילם קיין גוט וואָרט נישט זאָגן,"—האָט ער צוגעגעבן,—„דאָך מוז מען אויך צו פריילן טראָפּי זיך באַציען מיט חסד; זי ווייסט נישט אַזויפיל וועגן רוסלאַנד, ווי מיר ביידע."

„ווייסט זי דען נישט פון די מיאוסע גרויזאַמקייטן אין דעם אַלטן צאַריסטישן רוסלאַנד, ווייסט זי דען נישט אַז דאָס צאַרגטום איז געווען נישט מער אַן אַנדער וואָרט פאַר טעראָר?

„דאָך, אָבער..."

„ווייסט זי דען נישט, אַז די אַלע מענטשן, וועלכע זענען אין פילם אַלס פאַרברעכער אַרויסגעשטעלט געוואָרן, האָבן כמעט אַלע פאַר זייערע איבערצייגונגען געשמאַכט אין די תפיסות פון די צאַרן?"

„דאָס ווייסט זי אפשר ווירקלעך נישט, פריילן מענציעס, מען קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ווי אומוויסנד עס זענען די מענטשן וועלכע לייענען נאָר אַמעריקאַנישע צייטונגען."

„הער ראָס, איר ווייסט אַז איך בין נישט קיין באָלשעוויסטין, אָבער מיר מוזן דעם רוסישן פּראָלעטאַריאַט קעגן דער וועלטרעאַקציע פאַרטיידיקן. דער פילם איז אַ טייל פונם ווייסן טעראָר, און די לייט וועלכע האָבן אים אויסגעפירט, האָבן געוווסט גאַנץ גענוי, וואָס זיי טוען. — זיי האָבן עס געוווסט פונקט אַזוי גוט ווי דעמאָלט, ווען זיי האָבן מיין ברודער געשלאָגן ביז צום פאַרלירן דעם באַוווסטזיין און מיין פאָטער געוואָלט אַרויסשיקן."

„יאָ,"—האָט בוני געענטפערט,—„אָבער מיר מוזן עס דאָך וויסן, אַז נישט די אַרטיסטן שרייבט דעם פילם און וועגן איר ראָל האָלט מען זיך מיט איר קיין עצה נישט."

„אָך, הער ראָס,"—אַ מיטליידנדיקער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף רחלס געזיכט.—„פאַרשטענדלעך, אַז זי זאָגט אייך דאָס, און איר זענט שטענדיק גרייט צו גלויבן אין דעם בעסטן

פון די מענטשן. איך וויל אייך אָבער מיין מיינונג זאָגן, נישט געקוקט אויף דעם געפאַר, אַז איר וועט שוין מער מיט מיר נישט וועלן רעדן. אַ פרוי וואָס שפּילט אַזאַ פילם איז אַ פּראָסטיטוטקע, און דער פאַקט, וואָס זי באַקומט דערפאַר אַ הויכן לוין, מאַכט זי נאָך עקלהאַפטער."

„אָ, פריילן מענציעס!"

„איך ווייס, אַז דאָס קלינגט גרויזאַם. אָבער דאָס איז אַ מאָרד-פילם און די פרוי האָט עס געוווסט זייער גוט. זי האָט באַקומען געלט, צירונג, פיטער, זיידנוועש, איז געוואָרן ארויסגעשטעלט אויף אַלע פלאַקאַטן און צייטונגען—און זי האָט גענומען דעם פרייז, ווי זי האָט עס אָפט געטון. איך ווייס גאָרנישט וועגן פריילן טראַסיס פּריוואַטלעבן, הער ראָס, אָבער ווען איר וועט עס אויספאָרשן, אַזוי וועט איר באַשטימט אַנטדעקן, אַז זי האָט פאַרקויפט איר לייב און נשמה פון אונטן אָן ביז צו דער הויך, אויף וועלכער זי שטייט."

בוני האָט איינגעזען, אַז זיין פּלאַן, ווי טראַסי און רחל מענציעס בעסער באַקאַנט צו מאַכן און זיי נענטער צו ברענגען איינער צו דער אַנדערער, מעג ער דערווייל אויפגעבן.

## קאַפּיטל פופצן

# די פּעריען.

## I

דעם גאַנצן זומער און הערבסט האָבן דער פּאָטער ראָס און הער ראָסקאָע געטראָגן אַ שווערע לאַסט: זיי האָבן געמוזט העלפן צו ענדערן דעם גייסטיקן צושטאַנד פונם אַמעריקאַנישן פאָלק. באַלד האָבן באַדאַרפט פאָרקומען די וואַלן אויף אַ פּרעזידענט; די אויפגאַבע פון די נאַפּטמאַגנאַטן, וועלכע האָבן געהאַט אין זיך די דרייסטקייט און אייגענעם קאַנדידאַט אַרויסצושטעלן, איז געווען איבערצוצייגן איצט אַלע וועלער, אַז ער איז אַ גרויסער און איידעלער פּאָליטיקער.

זיי האָבן אויך באַדאַרפט טראָגן אַ טייל פון די קאָסטן, וועלכע, ווי בוני האָט זיך דערוווסט פון די געשפּרעכן אין פּאַראַדיז און אין דעם מאָנאַסטיר, האָט באַטראָפן אַ פופציק מיליאָן דאָלאַר; כמעט אַ דריי, אָדער פיר מאָל אַזוי פיל וויפל מען האָט אָפיציעל מודיע געווען. דאָס געלט איז אַריינ- געפלאָסן דורך לאָקאַלע נישט קיין אָפיציעלע אַגענטורן. די מאַגנאַטן האָבן געצאָלט אַלע קערפּערשאַפטן, אַלע באַנקן און די אַלע מענטשן, וועלכע האָבן עפּעס געוואָלט האָבן פון דער

רעגירונג, אָדער וועלכע האָבן ריזיקירט פון די פּאָליטיקער אויסגעפּרעסט צו ווערן. דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט מען גערופן:

„דעם חזיר אויסבראָטן".

מען האָט באַדאַרפט דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק קלאָרמאַכן אַז די דעמאָקראַטישע רעגירונג פון די לעצטע אַכט יאָר איז געווען פאַרשווענדעריש, האָט גענומען כאַבאַר, איז געווען אומוויסנד און נאַריש—וואָס איז, פאַרשטענדלעך, נישט שווער אָנגעקומען. אָבער מען האָט דעם פאָלק באַדאַרפט אויך אַרייַנקלאַפּן אין קאָפּ אַרייַן, אַז די רעגירונג אונטער דעם סענאַטאָר האַרדינג וועט זיין אַ בעסערע, און דאָס איז שוין געווען שווערער.

פאַרשטענדלעך, די פאָרזיצערס פון די וואַל קאָמיטעטן האָבן די דאָזיקע אויפגאַבע פאָרגעשטעלט נאָך שווערער ווי עס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט, ווייל וואָס מער געלט עס איז דורך זייערע הענט דורכגעפלאָסן, אַלץ מער האָט זיך צוגעקלעפּט.

צום סוף פון דער וואַלקאָמפּאַניע, האָט בוני געהאַט אַ באַפרידיקונג, ווייל דער פאָטער האָט געשאָלטן און חרטה געהאַט, וואָס ער האָט נישט געפאָלגט דעם זונס עצה און נישט איבערגעגעבן דעם גורל פונם לאַנד אין די הענט פון די זייפּפאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן דעם גענעראַל ווּד פינאַנסירט.

סענאַטאָר האַרדינג פון אָהיאָ איז געווען אַ גרויסער, ברייטער מאַן מיט אַ פייערלעך געזיכט; ער האָט געפירט אַ קאָמפּאַניע, וועלכע די צייטונגען האָבן אָנגערופן „וועראַנדעקאָמפּאַניע". דאָס הייסט, ער איז נישט אַרומגעפאָרן, קיינעם נישט אויפגעזוכט, נאָר ער האָט אויפגענומען בייַ זיך אין דער היים די פיטערהענדלער פון דולוט, אָדער די באַגרעבערס פון אָסאַוואַטאָמי.

זיי האָבן זיך אויסגעזעצט אויף פאָטעלן אין דער גאָרטן און דער מלוכה־מאַן האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע, וועלכע עס האָט פאַרפאַסט אַ סעקרעטאַר פון ווערנאָן ראָסקאָע און זי

נאָך נעכטן איבער־געגעבן צו אַלע פּרעספאַרייניקונגען. אויף אַזאַ אופן האָט זי געקענט גלייכצייטיק דערשיינען אויף פופ־ציק מיליאָן ערשטע זייטן, דאָס איז געווען אַן אומגעהייערע פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט און די מענטשן, וועלכע האָבן מיט אים אָנגעפירט, האָבן געמוזט פאַרבייגן זייער שלאָף.

דער מאַיעסטעטישער קאַנדידאַט אָבער האָט זיך באַדאַרפט גוט אויסשלאָפן, ער האָט געמוזט זיין שטענדיק פריש, געלאַסן און קיל; אין משך פון זיין גאַנצער קאַריערע איז ער אַזוי געווען. די קלוגע געשעפטסלייט, וועלכע האָבן פאַר אים גע־זאָרגט און געצאָלט, האָבן אים שטענדיק געזאָגט, וואָס ער האָט צו טון.

בוני האָט גראַד געלעבט אויף אָלימפּישע הויכקייטן און געקוקט ווי אַ גאָט אויף די עלנטע מעשים פון די אָרעמע שטערבלעכע.

דער פאָטער און דער הער ראָסקאָע האָבן פאַר אים גאָר־נישט אויסגעבאַהאַלטן, ווייל זיי האָבן געגלויבט, אַז סוף־כל־סוף וועט ער קומען צום שכל און זייער שטאַנדפּונקט טיילן. די ביידע האָבן זיך באַנוצט מיט אַ פילאָזאָפיע, וועלכע האָט זיי פּינקט ווי אַ פּאַנצער קעגן אַלע ספקות און וואַקלענישן גע־שיצט: אַלע אָנגעלעגנהייטן פונם לאַנד מוזן קאָנטראָלירט ווערן פון די מענטשן, וועלכע באַזיצן געלט, פאַרשטאַנד און דערפאַ־רונג. און היות ווי די מאַסע איז נאָך נישט גענוג פאַרשטענ־דיק די דאָזיקע מאַכט פרייוויליק אָפּצוטרעטן, אַזוי מוז מען זי אָפּנאַרן.

מען מוז אויסגעפינען שלאַגווערטער, וועלכע, ווערנדיק מיליאַרדן מאָל איבערגעחזרט, זאָלן ווערן אַריינגעהאַמערט אין די קעפּ פון די מענטשן.

דאָס איז געווען אַ קונסט. די פאַכלייט פאַרשטייען זיך דערויף און מען באַצאָלט זיי דערפאַר, — אָבער, ביי גאָט, דער פּרייז יאָגט אַרויס אַ בלוטיקן שווייס אויף אַ מענטשן:

די אומגעהייערע וואַלקאַמפּאַניע האָט זיך פאַרענדיקט, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געלונגען 16.140.585

אמעריקאנער מאכן צום נאר. סענאטאר הארדינג האט באקומען
מיט זיבן מיליאן שטימען מער פונם דעמאקראטישן קאנדידאט,
דאס איז געווען די גרעסטע שטימענמערהייט אין דער אמערי-
קאנישער געשיכטע. די גאסן רעסטאראנען און קלובן, ווו די
רייכע האבן זיך משמח געווען און געשכורט, זענען געווען
איבערפולט מיט פרייענדיקע זיך און טומלדיקע מאסן.

יא, אפילו ווערנאן ראסקאע האט זיך אויך אנגעשיכורט,
ווייל אנאבעלע איז געווען צו שיכור אים צו שטערן, די טרא-
סי האט פארגעסן אלע פארשריפטן פון איר דאקטאר, דער פא-
טער האט פארגעסן אלע גוטע כונות, אפילו בוני האט זיך אזוי
אנגעטרונקען, אז ער האט אנגעהויבן מורא צו האבן פאר זיין
אידעאליזם. דער מענטש איז א געזעלשאפטלעכע חיה, עס קומט
אים אן שווער נישט צו טון דאס, וואס אלע אנדערע טוען.

## II

עס זענען געקומען די ימים־טובים פון ניי־יאָר, פון די בערגלעך אַראָפּ, האָבן די וואַכטעלן געדופן. קיין סך איז שוין נישט געווען, דאָך האָט מען נאָך אויף די שכנותדיקע פעלדער געפונען גענוג צו באַפרידיקן אַ נאָפּטפּרינק און אַ פּירשטלעכן פּאָטער אַלס יעגער. האָט מען פאַרלוירן פון אויג די בויערטורעמס און דעם ריח פון די ראַפינעריעס נישט מער געפילט, אַזוי האָט מען זיך געפונען אין אַ הערלעכער געגנט, מיט אַ קלאָרן הימל און גאָלדענע זונענאונטערגאַנג; מען האָט זיך געקענט אונטערהאַלטן מיט אַ ביסל אומלעגאַלע משקה און פאַרטרייבן פון דער נשמה אַלע פּיינלעכע דערינערונגען.

אַרומוואַנדערנדיק אין די דאָזיקע פעלזיקע בערגלעך און אַריינאָטעמענדיק אין זיך די וואונדערפולע לופט, איז עס געווען אוממעגלעך נישט צו גלויבן, אַז די מענטשן וועלן נאָך אין אַ שיינעם טאָג זיך אויסלערנען גליקלעך צו זיין.

דאָסמאָל איז דער באַזוך אויפגעפאַלן צוזאַמען מיט אַ היסטאָריש געשעעניש, אַ דאַנק וועלכן פּאַראַדיז איז געוואָרן אַ באַקאַנטער פּונקט אויף דער לאַנדקאַרטע פון קאַליפאָרניע.

עלי וואַטקינס האָט אויסגעצאָלט אינגאַנצן דאָס שטיק ערד אויף וועלכן עס דאַרף זיך אויפשטעלן די קירך פון אַנגעל־סיטי, ער האָט דעם טאָג געמאַכט פאַר אַ יום־טוב און אומקערנ־

דיק זיך אין דער הייכם פון זיינע ייִנגלישע יאָרן, אין דעם קליינעם הילצערנעם טעמפּל, וווּ עס איז פאָרגעקומען די דריטע אַנטפּלעקונג פון דער מענטשהייט, האָט ער איינגעפירט אַ נייע שפּיל, וועלכע ער אַליין האָט אויסגעקלערט: צו לייענען אין דער אַפּאָסטאָלישער קירך פון פּאַראַדיז דאָס הייליקע וואָרט אָן אַן אויפהער. עס האָבן זיך שוין געפונען זאָגערס, וועלכע האָבן איינע די אַנדערע פאַרביטן. בייטאָג און ביינאַכט האָט זיך אין דער קירך געפונען אַ קליינע גרופּע, איין שטים נאָך דער אַנדערער האָט איבערגענומען דאָס הייליקע לייענען, נישט קימערנדיק זיך, וואָס די פּאָמפּעס פון די נאַפטקוואַלן האָבן געאַרבעט נעבן דער קירך.

אַ משוגענער איינפאַל, ער האָט דערשיטערט נישט נאָר די גלויביקע און געבראַכט פיל מענטשן אין שטאָט אַריין, נאָר ער איז אויך געפעלן געוואָרן די צייטונגען. רעפּאָרטערן זענען זיך אָנגעלאָפן כּדי זיך עפּעס צו דערוויסן. אַ סך וווּנדער זענען געשען און אינמיטן דער אַלגעמיינער אויפרעגונג האָט דער רבונו־של־עולם געגעבן אַ נייעם צייכן פון זיין חסד: עלי האָט געפרעדיקט פאַר דעם עולם, וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אונטערן פרייען הימל, אין נאָמען פון גאָט, אַז גלייך נאָכדעם, ווי עס וועט זיך ענדיקן דאָס לייענען וועט די געטלעכע אַלמאַכט נאָכאַמאָל מאַכן אַ געלט־זאַמלונג, אַזוי אַז דער נייער טעמפּל זאָל אין פאַרלויף פון דעם יאָר זיין אויסגעבויט. די עפּאָכעמאַכנדע לייסטונג איז אין משך פון פיר טעג, פינף שעה זיבעצן מינוט און צווייאונפערציק מיט דרייפערטל סעקונדן פאַרווירקלעכט געוואָרן. הללויה! בענטשט דעם נאָמען פון גאָט!"

בוני האָט געזען טויזנטער ברילנדיקע מענטשן מיט הויכע קעפּ, וועמענס אין דער הויך געווענדטע פּנימער זענען געווען באַהילט פון שיינוואַרפערס.

עלי האָט שוין געהאַט אַ סך געלט און האָט עס פאַרווענדט אויף דעקאָראַציעס. זיין „זילבערנער אָרקעסטער" האָט געשפּילט אויף אַ טריבונע אַן עלעקטריש־באַלויכטענער, דאָס גאַנצע ליכט איז געפאַלן אויף די אינסטרומענטן.

דער נביא האָט געפּרעדיקט, האַלטנדיק די הענט אויפ־געהויבן אין דער הויך און בענטשנדיק צעשפּרייט, די מוזיק האָט געשפּילט אַן אַלטן כאָראַל, די מאַסע האָט זיך פּאַרייניקט צו אַן אומגעהייערן כאָר און געוויגט פאַרקלערט די קערפּערס. שטראָמען טרערן האָבן געריננען ביי יעדן פון די אויגן.

צווישן די גלויביקע האָבן זיך געפונען אויך אַ סך נאַפט־אַרבעטער־פרויען, וועלכע האָבן אַנגעבעטן זייערע מענער די תפילה בייצעוויינען.

אין אַזאַ פּוסט אָרט ווי פּאַראַדיז איז דאָ ווייניק צעש־טרייאונגען, העכסטנס אַ דריט־ראַנגיקער קינאָ, און דאָ זענען געווען העלע ליכט, זילבערנע טראָמפּייטן, הימלישע אַנטציקונ־גען, און אַלץ אומזיסט דערצו נאָך די אויסזיכטן אויף דעם אייביקן גליק. קיין וווּנדער נישט וואָס אויך די מענער האָבן זיך געלאָזט פאַרנאַרן.

פּאַוול מיט זיין קליינער גרופּע פון אומגלויביקע האָבן באַהויפּטעט, אַז די אונטערנעמער האָבן עלין געדינגען צו דער־שיינען אין דעם דאָזיקן קריטישן מאָמענט.

בוני האָט אויסגעפונען, אַז דאָס איז איבערגעטריבן, ביז אים איז איינגעפאַלן די פינפהונדערט דאָלאַר, וואָס זיין פאָ־טער האָט עלין געגעבן. אויסערדעם האָט ער זיך אויך דער־מאָנט אין ווערנאַן ראָסקאָעס אַן אויסדרוק:

„איך וועל זיי גערן איבערלאָזן דעם קוכן אויף דעם הימל, אַזוי לאַנג ווי זיי וועלן מיר דאָ אויף דער ערד איבער־לאָזן דעם נאַפט.“

דעמאָלט האָט אַנאַבעלע אַ דערשראָקענע אויסגערופן:

„שטיל, ווערנע. ווי קען מען זאָגן עטוואָס אַזוי אָפּשיי־לעכעס ?“

אויך די י. וו. ווס. האָבן געפּרוּווט אַריינקלאַפּן אין זייע־רע מיטגלידער דעם „מיסיעגייסט“ און די מאַכט פון געזאַנג צו רעאַליזירן. די י. וו. ווס. זענען אָבער נישט געוואָרן אונטער־שטיצט דורך די פינאַנסיסטן, אין קעגנטייל: זיי האָבן אַרויס־געשיקט דעם שעריף מיט צוואַנציק באַוואָפנטע מענער, וועלכע

זענען באַפאַלן די בונטאָווטשיקעס, זיי אַריינגעזעצט אין אויטאָ און אַריינגעוואָרפן אין טורמע אַריין.

דאָרט זענען זיי איצט. בוני האָט זיך דערוווּסט די טרויעריקע געשיכטע פון עלדי פיאַט, איינעם פון פּאָוולס פריינט, וועלכער איז געגאַנגען קיין סאַן עלידאַ, כּדי זיך צו דערוויסן די גרויס פון דער קויציע און איז אַליין געוואָרן אַרעסטירט אונטער דעם פּאַרדאַכט, אַז ער איז אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע. ער איז עס אפשר נישט געווען, נאָר ווי אַזוי האָט ער עס געקענט באַווייזן?

„קען אייער פאָטער נישט איינלעגן די קויציע פאַר עלדי פיאַט?" — האָט רות געפרעגט, נאָכדעם ווי זי האָט בונין די געשיכטע דערציילט,—„איר דערמאָנט זיך אים? אַ טונקל-האָריקער יינגער פּאַרשוין, אַ זייער שטילער און אַנטשלאָסענער."

יאָ, בוני האָט זיך דערמאָנט.

„ער איז פונקט אַזוי פאַרטרויענסווערט, ווי אַ יידישער באַקלייד-אַרבעטער,"—האָט רות ווייטער געבעטלט,—„און דאָס עסן, וואָס די אַרעסטירטע באַקומען איז פול מיט ווערים. די יינגען באַקומען אפילו נישט קיין קאָלדרע אויף ביינאַכט. פּאָוול האָט געקענט אַ „פּאָליטישן", וועלכער איז באַפרייט געוואָרן פון דער טורמע, ער האָט דערציילט שוידערלעכע מעשים."

מיט טרערן אין די אויגן האָט רות איבערגעגעבן בוני פון די שפּינערייען, ווו די אַרעסטירטע מוזן אַרבעטן. דער שטויב דרינגט אין די לונגען און נאָך אַ קורצע צייט הויבן זיי אָן צו הוסטן, דעמאָלט איז שוין די שטראָף פון געפּענגעניס גלייך צו אַ טויט-אורטייל, און ווען זיי פּאַרטיקן נישט אויס דאָס, וואָס מען האָט זיי געהייסן, אַזוי באַקומען זיי טונקל-אַרעסט.

„שטעלט אייך פאָר, אַז מענטשן, וועלכע מיר קענען און וועלכע מיר האָבן ליב, מוזן אַזעלכעס ליידן."

בוני האָט געקענט דעם שעריף פון סאַן עלידאָ און אויך דעם קרייז-פּראָקוראָר. ער האָט געוווּסט, אַז דער פאָטער האָט די באַאַמטע אַריינגעזעצט און קען זיי דעריבער געבן באַפעלן. אָבער צי וועט דער פאָטער זיך ווען אנטקעגנשטעלן די באַ-

מיהונגען פון אַלע צו שיצן די נאַפטגעזעלשאַפטן און צי וועט ער וועלן גיין אַנטקעגן די ווונטשן פון אַלע דירעקטאָרן אין דער אָנפירערשאַפט פון ראָסקאָנסאָלידאַטעט? געוויס נישט.

בוני האָט געגעבן רותן צווייהונדערט דאָלאַר פאַר די אַרעסטירטע אויף שפּייז, און דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט געקענט טון.

ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אויף דעם אוניווערסיטעט, דאָך איז טיף אין אים געווען אַ „לאָך". דאָרט אינעווייניק האָט אים דאָס געוויסן געפּייניקט. ער האָט אומזיסט געפּראָטעסטירט און זיך געווערט. הינטער אים האָט זיך אַ שטאָלענע טיר פאַרהאַקט.

יאָ, אפילו דעמאָלט, ווען ער האָט זיך געפונען אין שניי־ווייסן שלאָפצימער און אין זיינע אָרעמס דעם אויסגעבענקטן קערפּער פון זיין געליבטע געהאַלטן,—אפילו דעמאָלט האָט ער געהערט סקריפּען די שטאָלענע טיר און ער האָט געפילט, אַז ער איז אויך אין טורמע צוזאַמען מיט די אַרעסטירטע פון דעם קלאַסנקאַמף.

# III

צו די איינריכטונגען וועלכע האָבן באַדאַרפט איינהאַלטן דעם שלום אין דער נאַפטאינדוסטרי אין משך פון דער מלחמה האָט אויך געהערט אַ באַזונדערער קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו פאַרנעמען די אָנקלאַגעס פון די נאַפטאַר-בעטער און אַרויסגעבן אַן אורטייל.

איצט אָבער, ווען די מלחמה איז שוין פאַרבליבן נישט מער ווי אין זכרון, האָבן די אונטערנעמער זיך דערפילט גע-שטערט פון דער קאָנטראָל. איז עס דען נישט די רעכט פון יעדן אַמעריקאַנער זיינע געשעפטן צו פירן ווי ער פאַרשטייט? און איז עס דען נישט קלאָר, אַז די מלחמה-לוינען זענען גע-ווען צו הויך, און אַז מען דאַרף זיי איצט פאַרקלענערן? צייטנ-וויַיז האָבן זיך די אונטערנעמער אָפּגעזאָגט צו אָנערקענען דעם אורטייל פון דער „נאַפטקאָמיסיע”.

עס איז געקומען צו לאַנגע דעבאַטן און די פאַרטייען האָבן זיך געווענדט צום געריכט, דערווייל האָבן די אַרבעטער פּראָטעסטירט און געדראָט.

עס האָט זיך דערנענטערט אַ קריזיס.

אַמאָל האָט י. אַרנאָלד ראָס געהערט צו די קליינע און בוני האָט נאָר געקענט אָפּוואַרטן און זען וואָס עס וועט גע-שען. איצט אָבער האָט ער געטראַנט צווישן די אָלימפּיאַנער

און האָט געזען וואָס עס טוט זיך הינטער די קוליסן פונם גורל.

די נאַפטאונטערנעמער פאַרייניקונג האָט דורך איר עקזע־קוטיווקאָמיטעט, צו וועלכן עס האָט געהערט אויך ווערנאָן ראָס־קאָע, אָנגענומען דעם באַשלוס די נאַפטקאָמיסיע צו באַזייטיקן און אַ נייע לוין־סקאַלע פאַר דער אינדוסטריע איינפירן, דער פאָטער האָט באַזיצט אַ קאָפּיע פון דער לוין־סקאַלע; זי איז געווען אויף אַ צען פּראָצענט קלענער פון דער הערשנדיקער.

דאָס האָט געמוזט פירן צו אַ פאַרביטערטן קאַמף און בו־ני איז געווען אַזוי שטאַרק אויפגערעגט, אַז ער האָט זיך גע־ווענדט צו הער ראָסקאָע, נישט זאָגנדיק אַפילו פריער דעם פאָטער וועגן דעם, ווייל דאָס איז אַ געשעפטלעכער ענין, האָט עס געמוזט דערליידיקט ווערן נאָר אין ביורא.

בוני האָט אויפגעזוכט דעם סעקרעטאַר און אים געבעטן, ווי עס איז געווען אָנגענומען, אַן אוידיענץ מיט הער ראָסקאָע.

דער גרויסער מענטש איז זיך געזעסן ביי זיין פלאַכן מאַהאָני־שרייבטיש, אויף וועלכן עס איז נישט געלעגן קיין שום שטיקל אָנגעשריבן פּאַפּיר.

מען האָט געקענט גלויבן, אַז אַן אינדוסטריבאַראָן האָט קיין בעסערס נישט צו טון, ווי צו פּלוידערן מיט אַ סטודענט וועגן דעם סטודענט און זיין אייגענער געליבטע.

דאַן אָבער האָט בוני אַ זאָג געטון:

„הער ראָסקאָע, איך האָב אייך אויפגעזוכט, כדי איבער־צורעדן מיט אייך וועגן דער נייער לוין־סקאַלע".

און אין דעם זעלבן אויגנבליק איז פון דעם געזיכט פון דעם נאַפטמאַגנאַט פאַרשוונדן דער שמייכל. עס האָט אַפילו אויסגעזען, ווי עס זאָל דאָס האָבן אויך פאַרשוונדן געוואָרן דאָס פעטס פון זיינע קינבאַקן. — האָט איר ביז אַהער ראָסקאָע געהאַלטן פאַר אַ געמיש פון גוטמוטיקייט און נאַרישע איינפאַלן, מוזט איר ווי אַמשנעלסטן צוזאַמען מיט בונין און די אַנ־דערע אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָנערן אייער מיינונג איבער דעם דאָ־זיקן מאַן ענדערן.

בוני האָט איבערגעגעבן ווי די אַרבעטער איז שלעכט און עס דראָען אומרועז.

הער ראָסקאָע האָט אים איבערגעשלאָגן:

„הערט מיך אויס, ים יוניאָר, און שפּאָרט אײַן אײַער אָטעם. איך ווייס גענוי וואָס די אַרבעטער זאָגן און וואָס די באָלשעוויסטישע באַנדע לערנט זיי. איך באַקום אַלע וואָך אַ געהיימען באַריכט. איך ווייס אויך אַלץ וועגן אײַערע פרײַנט. טאָם אַקסטאָן, פּאַול וואטקינס, פּיאַט, בוד סטאָנער און זשיק דוגען... איך וואָלט זיי געקענט זאָגן אַלץ, וואָס זיי ווייסן אַליין און נאָך אַ סך אַנדערס, וואָס וואָלט זיי דערשטוינט!"

בוני איז געווען צעמישט און דאָס גראָד האָט הער ראָסקאָע געוואָלט.

„ים יוניאָר", — האָט ער ווײַטער גערעדט, — איר זענט אַ קלוגער ייִנג און וואָלט שוין באַדאַרפט די נאַרישקייטן אַוועקוואַרפן. איך וואָלט אײַך דערבײַ בײַהילפיק געווען און דורך דעם פיל לײַדן אײַנגעשפּאָרט אײַך און אײַער פאָטער, דעם דאָזיקן פּראַקטיקן מענטשן, איך לעב שוין דרײַסיק אָדער פערציק יאָר מער פון אײַך און האָב שוין זיך באַקענט מיט אַ זעלכע זאַכן, און איר האָט נאָך נישט קיין אַהנונג, אָבער מיט וועלכע איר וועט זיך אַמאָל מוזן באַקענען, אײַער פאָטער און מיר אַנדערע קאָנטראָלירן די נאַפטאינדוסטריע, ווייל מיר פאַרשטייען זיך דערויף. און דאָס איז עטוואָס רעאַלעס, נישט בלויז קיין ווערטער. אָבער די איבעריקע חברהלייט ווילן אונדז אַרויסשטופן, גלויבנדיק, אַז דערצו איז גענוג צו האַלטן רעדעס פאַר די נאַפטאַרבעטער און זיי אויפצוהעצן... אָבער לאָזט זיך זאָגן, מיין ייִנגל, דערצו דאַרף מען האָבן אַ סאַך מער!"

„יאָ, הער ראָסקאָע, אָבער נישט אין דעם האַנדלט זיך עס..."

„אַנטשולדיקט מיר, אין דעם האַנדלט זיך עס. לאָזט דעם שווינדל אין אַ זייט, שטעלט אײַן פּאָר, אַז איך קען אַלע אַרגומענטן פון אײַער באָלשעוויסטישער באַנדע. צי ווילן זיי אַרויס-

שטויסן דעם אַלטן און מיר פון דער נאַפטאינדוסטרי, צי נײן?

„אפשר זענען זײ בײ דער מײנונג, אַז בײ דעם לעצטן סוף...“

„דאָ ד׳האָבן מיר עס. װי מיר דאַכט איז עס איצט די צײט צום דאָזיקן „לעצטן סוף“ אַ סוף אנצוגרײטן. און איך זאָג אײך: אויב די דאָזיקע הינטישע זין גלויבן, אַז זײ װעלן קענען לעבן פון מײנע לוינען, אין דער צײט װען זײ גרײטן זיך מיך צו באַרויבן, אַזוי האָבן זײ אַ גרויסן טעות. און װען די באַנדע זיצט אין געפענגעניש, אַזוי װעט זי נישט באַפרײט װערן פאַר מײן געלט“.

דאָס איז געװען אַ שאָס אין דער שװאַרצקײט. װערנאַן ראָסקאָע האָט געקוקט בוני גלײך אין די אויגן.

„ים יוניאָר, איך קען זײ גוט די שענע אידעאַליסטישע פראַזן, װעלכע די חברהלײט ד׳האָבן אין אײך אַרײנגערעדט, אַלץ איז שײן און הערלעך און צום נוצן פון דער מענטשהײט. אָבער די לײט װײסן גאַנץ גוט, אַז דאָס איז נישט מער װי אַ נעץ פאַר די גרינגע. הערט זיך צו אַמאָל װי זײ לאַכן הינ-טער אײערע פּלײצעס, און איר װעט פאַרשטײן, װי זײ נוצן אײך אויס. איך ראָט אײך שטעלט אײך אַװעק אויף אײער זײט אײדער דאָס שיסן הויבט זיך אָן“.

„צי װעט געשאָסן װערן, הער ראָסקאָע?“

„דאָס איז אָפּהענגיק פון אײערע באָלשעװיסטישע פרײנט. מיר ד׳האָבן אַלץ, װאָס מיר דאַרפן, און זײ װילן עס אונדז צונעמען“.

„אין דער צײט פון דער מלחמה האָבן מיר באַדאַרפט די נאַפטאַרבעטער און זײ געגעבן אַלערלײ הבטחות...“

„אַנטשולדיקט מיר, מײן ײנגל, מיר האָבן זײ גאָרנישט צוגעזאָגט. אַ נאַרישער, לאַנגקעפּיקער, עלנטער אוניװערסיטעט-פּראָפעסאָר האָט זײ געגעבן אין אונדזער נאָמען הבטחות. פון דעם דאָזיקן שװינדל האָבן מיר זיך אַנטגילטיק אָפּגעטרײסלט. איצט איז אונדזער פּרעזידענט אַ געשעפטסמאַן און מיר װעלן דאָס לאַנד פירן לויט די געזעצן פון געשעפט. אויסערדעם

ווייל איך אייך נאָך איינס זאָגן: איך האָב עס שוין געגוג צו קויפן אַרבעטערפירער, איך קען מיר בילליקערע מיטלען פאַר-שאַפן".

בוני איז געוועזן צעמישט.

„איז דאָס ווירקלעך אמת, הער ראָסקאָע? איז עס אייך געלונגען אונטערצוקויפן פאַריינבאַאַמטע פון די גאַפטאַרבעטער?"

ווערנע האָט זיך עטוואָס איינגעבויגן פאָרויס און גע-האַלטן זיין פעטן פינגער בונין פאַר דער נאָז.

„מיין יינגל, נעמט עס אייך אין אַכט. איך קען אַזוי גוט קויפן פאַריינבאַאַמטע ווי פּאָליטיקער אָדער אַנדערע מענטשן, וועלכע ווערן געוויילט פון אַ מאַסע אידיאָטן צו זייער פירער. איך ווייס שוין וואָס איר קלערט איצט: דאָ זיצט אַן אַלטער פישטעמפּלער, וועלכער האָט נישט קיין שום אידעאַלן, נאָר אַ באַרג געלט, און גלויבט, אַז ער קען דערמיט דערגרייכן אַלץ, וואָס ער וויל. אָבער נישט אין דעם דרהאַנדלט זיך עס, מיין יינגל, דאָס אַלץ נעמט זיך דערפון וואָס איך האָב פאַרשטאַנען ווי אַזוי דאָס געלט צו פאַרדינען, און ווי אַזוי אויך עס צו פאַרווענדן. געלט באַטייט מאַכט ערשט דעמאָלט, ווען עס ווערט פאַרווענדט, און איך קען מיר קויפן מאַכט, ווייל די מענטשן ווייסן, אַז איך פאַרשטיי ווי דאָס געלט ריכטיק צו פאַרווענדן. אַ נישט וואָלטן זיי מיר קיין שום מאַכט נישט פאַרקויפט, האָט איר פאַרשטאַנען?"

„יאָ, אָבער וואָס וועט איר מיט אייער מאַכט טון, הער ראָסקאָע?"

„נאַפט זוכן, פון דער ערד עס אַרויסנעמען," רייניקן און פאַרקויפן דעם, וואָס האָט דערפאַר געלט צו באַצאָלן. דאָס איז מיין אויפגאַבע אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט דאַרפן האָבן נאַפט. ווי נאָר זי וועט זיך קענען באַגיין אָן נאַפט, אַזוי וועל איך מיר אָפּזוכן עפּעס אַנדערש. און ווען עמעצער וויל האָבן זיין חלק, טאָ זאָל ער טון דאָס, וואָס איך האָב געטון: שווינד-לען, שוויצן און די שפּיל ריכטיק שפּילן".

„אָבער, העָר ראָסקאָע, דאָס איז פאַר די אַרבעטער נישט קיין גוטע עצה. נישט יעדערער קען זיין אַן אונטערנעמער...“

„ניין, מיין יינגל, נאָר דער, וועלכער באַזיצט פאַרשטאַנד, די איבעריקע מוזן אַרבעטן, אַרבעטן זיי פאַר מיר, אַזוי באַקומען זיי אַנשטענדיקע לוינען, באַקומען יעדן שבת צונאַכט זייער געלט, נישט געקוקט דאַרויף וויפל זאָרגן און מי איך דאַרף האָב. קומט אָבער אַזאַ חברהמאַן מיט אַ גרויס מויל און זאָגט, אַז איך מוז אויך די אַרבעטער באַטייליקן, אַזוי ענטפער איך: אין געזעגעניש מיט אים!“

# IV

די לעצטע ווערטער, וועלכע בוני האָט אַרויסגעטראָגן פון דעם דאָזיקן שמועס מיט ווערנען ראָסקאָע, זענען געווען כמעט אַ ביטע:

„זעט איר דען נישט, יינגל, אַז אייער פאָטער איז אַ קראַנקער מאַן? איר וועט אים שוין נישט האָבן ביי זיך קיין סאַך יאָרן, און אין אַ געוויסן טאָג, ווען עס וועט שוין זיין שפּעט, וועט איר זיך אויפכאַפּן און דערקענען וואָס פאַר אַ צרות איר האָט אים פאַרשאַפט. דער אַלטער מאַן האָט נאָר איין געדאַנק אויף דער וועלט: אייך דאָס לעבן גרינגער צו מאַכן. אפשר וועט איר זאָגן, אַז עס איז נישט רעכט אַזוי, אָבער ער האָט נאָר דערפאַר געלעבט. איר אָבער שפּייט אויף זיין לעבן. יאָ, זייט זיך עס אָפּן מודה, אַלץ וואָס ער האָט געטון, איז אין אייערע אויגן שלעכט, נישט ערלעך און שמוציק. די איינציקע מענטשן, וועלכע באַזיצן אידעאַלן און רעכט זענען אַ באַנדע פון שלים-מזלן, וועלכע האַסן זייער אייגענעם פאָטער, ווייל ער איז אין גענצאַך צו זיי געגאַנגען פאַרויס. אויב איר גלויבט, אַז דער אַלטער מאַן פילט דאָס נישט, און אַז דאָס דערדרוקט אים נישט זיין האַרץ,—אַזוי דערלויבט מיר אייך צו עפענען די אויגן נאָך איידער עס איז צו שפּעט. אויב איר מוזט שוין פאַראַכטן דאָס געלט פון אייער פאָטער, אַזוי ווארט כאָטש, אין

גאָטעס ווילן, ביז ער וועט שטאַרבן און דאָס געלט וועט גע-
הערן צו אייך״.

אַזוי איז עס געקומען דערצו, אַז בוני, פאַרלאָזנדיק די
ביוראָ, האָט שוין מער נישט געקלערט וועגן די זאָרגן פון די
נאָפּטאַרבעטער. איז עס אמת, אַז דער פאָטער איז אַזוי קראַנק?
און צי קען מען אים נישט באַוועגן ער זאָל אויפהערן אַזוי
שווער צו אַרבעטן? צי מוז ער דען שטענדיק זיין דערביי,
ווען אַ נייער קוואַל פון דער ראָס קאָנסאָלידאַטעט הויבט אָן
צו פליסן, אַלצאיינס צי אין לאָבאָס ריווער, צי אין פּאראדיז,
צי אין ביטש-סיטי? און וואָס וועט זיין מיטן פאָטער, ווען דער
קאַמף מיט די אַרבעטער וועט דערגרייכן זיין העכסטן פּונקט?

עריב פרילינג האָבן די פאַריינפירער אָפּגעהאַלטן אַ קאָנ-
פערענץ און מיטגעטיילט דער קאָנטראָל-קאָמיסיע, אַז די מי-
סאכטונג פון איר אויטאָריטעט דורך די אונטערנעמער איז שוין
געוואָרן אומדערטרעגלעך.

אָדער די קאָמיסיע וועט אָפּהיטן איר אויטאָריטעט, אָדער
די אַרבעטער וועלן זייערע אַנגעלעגנהייטן נעמען אין די איי-
גענע הענט. די קאָמיסיע האָט נישט אונטערגענומען קיין שריט.
די בריוו, וועלכע די פאַריינבאַאַמטע האָבן אַוועקגעשיקט צו
דער אונטערנעמער פאַריייניקונג זענען געבליבן אָן ענטפער. אַ
שטרייק איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך. וואָס מער מען האָט אים
אָפּגעלייגט, אַלץ ערגער איז דאָס געווען פאַר די אַרבעטער.

דאָ איז פאָרגעקומען עטוואָס אויסטערלישעס. ווי טראָסי
איז געקומען צו בונין; זי האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט אַ נייעם
פילם, דאָסמאָל שוין נישט קיין פּראָפּאַגאַנדעפילם, ניין, ווי האָט
שמאלסקין קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז זי וויל מער נישט האָבן
צו טון נישט מיט רוסלאַנד, נישט מיט קיין שטרייקן אָדער
עטוואָס אַנדערש, וואָס וואָלט געקענט אָנרירן די עמפינדלעכ-
קייט פון איר נאָפּטפרינץ.

דאָסמאָל האָבן די צייטונגען מודיע געווען, אַז וויאָלאַ
טראָסי טרעט אויף אין אַ סטודענטן פילם: „לאַקנדע אויגן״. ווי
איז געווען הערלעך אַלס די קאָקעטע פון דעם אוניווערסיטעט.

די פרעמיערע האָט געזאָלט פאָרקומען אין ניו-יאָרק און די אַרטיסטן האָבן געמוזט אים בייוווינען.

„בוני", — האָט ווי געפרעגט, — „פאַרוואָס זאָלסטו מיר נישט באַגלייטן? מיר וואָלטן זיך געקענט גוט אונטערהאַלטן".

בוני איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אויף מזרח, און דער געדאַנק דאָרט צו זיין האָט אים געלאָקט, עס זענען פונקט געווען די פסח-ימים-טובים, און ווען אַפילו ער זאָל דאָרט בלייבן אַ ביסל לענגער, אַזוי וועט ער אויך קענען די פאַרלוירענע צייט אָניאָגן. ער האָט געענטפערט, אַז ער וועט זיך באַקלערן, און נאָך דעם זעלבן טאָג האָט אַנאַבעלע, וועלכע ער האָט באַזוכט אין מאָנאַסטיר, געזאָגט:

„פאַרוואָס פאָרט איר נישט מיט ווי און נעמט מיט דעם פאטער אויך? דאָס בייטן דעם קלימאַט וועט אויף אים גוט ווירקן".

בוני האָט געפאָרשט דאָס אומשולדיקע געזיכט און געשמייכלט:

„וואָס הייסט דאָס, אַנאַבעלע? ווילט איר מיט ווערנען אונדז נישט האָבן ביי דער זייט אין משך פונם שטרייק"?

„אויב איר האָט ווירקלעך ליב אייערע פריינט, אַזוי מוזט איר זאָרגן וועגן זייער גליק".

„און ווען בוני האָט אַ מורמל געטון, אַז עס וואָלט געווען פּחדנות צו אַנטלויפן פונדאַנען, האָט אַנאַבעלע געענטפערט צעמישט:

„מיר האָבן היינט צו מיטאָג אַ פסח-שעפעלע, נאָר עס איז זיי נישט איינגעפאַלן דאָס שעכטהויז צו באַטראַכטן".

„אַנאַבעלע איר זענט אַ סאָציאַלפילאָזאָפין".

זעט אויס, אַז דאָ האָט זיך געהאַנדלט אין אַ ווייטפאַרצווייגטע פאַרשווערונג, ווייל ווען בוני האָט זיך אַהיימגעקערט, האָט דער פאָטער אים געפרעגט:

„האָט ווערנע עפּעס געזאָגט איבער דעם, וואָס איך האָב צו טון?"

„ניין, טאַטע, וואָס מיינסטו דערמיט?"

„אין ניו-יאָרק קומט פאָר אַ קאָנפערענץ, צו וועלכער זיי-ער פון אונדז מוז פאָרן, ווערנע האָט געוואָלט וויסן, צי איך וועל מיר קענען באַפרייען. צי וועט עס שטאַרק שטערן דיין שטודיום, אויב דו וועסט דיינע פעריען פאַרציען עטוואָס לענגער?"

בוני האָט זיך באַקלערט; וואָס וועט ער קענען טון, אַז ער וועט בלייבן דאָ? ביי דעם ערשטן שטרייק איז עס אים געלונגען צו פאַרזיכערן די אַרבעטער זייער היים, אָבער איצט וועט ער אַפילו דאָס נישט קענען אויפטון, ווייל ווערנע האָט די זאַך גענומען צו זיך אין די הענט און וועט באַשטימט נישט וועלן נאָכגעבן גאָרנישט פון זיינע באַשלוסן.

אויך בערטי האָט גענומען אַנטייל אין דער פאַרשווערונג, זי האָט אויך געוואָלט, אַז בוני זאָל פאָרן קיין ניו-יאָרק.

זי האָט געהאַט בכוונה די עלעגאַנטע וואַנדערבילד-רילעיס צו באַזוכן און איז געווען איינגעלאַדן אויף דער יאַכטשיף פון טעלמאַ נאָדמאַנס, דעריבער האָט זי געוואָלט, אַז דער ברודער זאָל אויף קיין שום פאַל נישט זיין פאַרפלאָנטערט אין דעם נאַפטשטרייק, אָדער נאָך אפשר נאָכאַמאָל אין דער צייטונג גע-בראַכט ווערן.

„קענסטו שוין גאָרנישט לעגן קיין אַכט אויף דעם פאָ-טער", — האָט זי געפרעגט, — „און זאָרגן דערפאַר, אַז דער אַלטער מאַן זאָל זיך אויסרוען?"

בוני, אַ מידער פון די דעבאַטן, האָט איינגעשטימט.



די געפּלאַנטע רייזע אין דעם לאַנד, וואָס האָט געטראָגן אַמאָל דעם נאָמען „דער שטאָלץ פון דעם עולה-רגל”, האָט אָנגעוואָרפן אַ מערקווירדיק פּראָבלעם: ווי אַזוי פאָרט מען מיט אַ געליבטער? בוני האָט זיך דערמאָנט, אַז מענטשן, וועלכע באַזיצן נישט קיין חתונה-אַקטן, ווערן צייטנווייז אַרויסגעוואָרפן פונעם האָטעל. וועט ער מיט ווי זיך מוזן טרעפן בסוד? ער האָט זיך אינפאָרמירט ביי ווי, גלויבנדיק, אַז זי האָט שוין אין דעם דערפאַרונג.

„אין צוג נעמט מען איין קופּע און קיין מענטש פרעגט נישט נאָך. וואָס אַנבעלאַנגט אַ האָטעל. אַזוי גייט מען אין דעם סאַמע עלעגאַנטסטן, מען זאָגט ווער מען איז, און מען באַקומט צימערן מיט פאַרבינדונגסטירן. דערמאָן זיך נאָך אין ווערגען מיט אַנאַבעלען; ווען עס קומט זיי אויס, אַזוי וווינען זיי אין דעם פאָרנעמסטן האָטעל פון אַנגלי-סיטי און נישט די דירעקציע, נישט די צייטונגען זאָגן קיין וואָרט נישט. פרוי ראָסקאָע איז מער ווי איינמאָל אָראָפּגעשטיגן אין דעם זעלבן האָטעל; די צייטונגען זענען מודיע וועגן איר און דער רובריק „פון דער געזעלשאַפט” און וועגן אַנאַבעלען אין דער רובריק „טעאַטער”.

אויף אַזאַ אופן איז אַלץ געווען אין דער בעסטער אָרדנונג.

דאָס לאַנד, וואָס האָט אַמאָל געהייסן „דער שטאָלץ פון דעם עולה-רגל", האָט מער נישט עקזיסטירט, איצט הייסט עס „די הערלעכקייט פון מיליאָנערן".

פאָרט אַ פילם-אַרטיסט מיט אָדער אָן אַ געליבטן קיין מזרח, אַזוי פאָרט ער שטענדיק אַראָפּ בייטאָג און זיין פּרעסע אַגענט זאָרגט שוין דערפאַר, אַז עס זאָל באַקאַנט זיין דאָס אָרט און די שעה פון זיין אָנקומען. טויזנטער ברילנדיקע מענטשן באַגעגענען אים, פּאָליציאַנטן האַלטן אָרדנונג, פאָטאָגראַפיסטן שטופּן זיך פאָרויס און ריזיקע בוקעטן-בלומען זענען מודיע אַלע פּאַסאַזשירן, ווער מיט זיי איז געפאָרן.

אויף יעדער סטאַציע האָט זיך געפונען אַ גרויסע מאַסע פון מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט זעען זייער ליבלינג, און איז געפאָרן אין דער זעלבער אָפּטיילונג אַ נאַפּטפּרינץ, איז דאָס נישט געווען קיין סקאַנדאַל, נאָר אַן אידיליע.

אין ניי-יארק האָט זיי אויך באַגעגנט אַ גרויסע מאַסע. אין האָטעל האָט זיי ווידער אָפּגעוואַרט מענטשן מיט בוקעטן ווי אויך אפשר אַ האַלב טוץ רעפּאָרטערן, וועלכע האָבן זיך געבעטן אַן אונטערוווּ.

קיינער האָט זיך נישט געקימערט צו די טיר צווישן ביידע צימערן איז געווען פאַרשלאָסן. צי נישט.

אויסערדעם איז נאָך געפאָרן אַזאַ אַרט וויכטיקע פּערזענלעכקייט, ווי י. אַרנאָלד ראָס, און ער האָט דאָס אינגאַנצן פאַרגלעט מיט זיין אָנוועזנהייט.

דאָס געזיכט פונם פאָטער האָט אין יעדן האָטעל פון אַמע־ריקע איבערגעוויגן אַ טוץ חתונה-אַקטן.

פאַר דעם אַלטן מאַן איז די גאַנצע רייזע געווען אַ גרויסן פאַרגניגן. ער איז מסכּים געווען פאַר אַלץ צו באַצאָלן, און היות ווי ער האָט מיטגענומען מיט זיך זיין סעקרעטאַר, איז עס געגאַנגען ווי מיט כּישוף: קופּעס אין צוג, אַפּאַרטעמען אין האָ־טעל, אויטאָדראָזשקעס, בלומען, באָנבאָניערקעס, טעאַטער-בילעטן, — מען האָט נאָר באַדאַרפט אַ ווונטש אַרויסזאָגן און באַלד איז ער געוואָרן דערפילט.

זיי האָבן געזען די פּרעמיערע פון „לאָקנדע אויגן".

אַ רייצנדער טיטול און אַ רייצנדער פילם, וועלכער איז געווען אַזוי גוט צוגעפּאַסט, מיליאָנען מידע און געלאַנגווייליקטע מענטשן צו פירן אין דער הערלעכע וועלט פון געלט-אויסגעבן, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט בוני און ווי.

דער מעכאַניקער, וועלכער האָט דעם גאַנצן טאָג אין אַן אויטאָמאָביל-פאַבריק די שרויף נומער 867 געמאַכט, די מידע הויז-פרוי, וועלכע האָט די קינדער-ווינדעלעך געוואַשן, זיי אַלע האָבן זיך געפילט אין דעם אָוונט אין דער גליקלעכער לאַגע פון אַ הער ראָס.

ביי דער ניי-יאָרקער פּרעמיערע זענען פאָרגעקומען די זעלבע סצענעס ווי אין אַנגל-סיטי; די מאַסע איז געווען אויך אַזוי גרויס און די באַגייסטערונג אויך אַזוי שטורמיש.

דעם צווייטן מאָרגן זענען געזעסן ווי און בוני אין זייערע פּידזשאַמעס אויף דעם בעט, אין דער צייט ווען שוואַרצע געקליידעטע שקלאַפן האָבן סערווירט אויף זילבערנע טאַצן דעם פרישטיק, און האָבן געלייענט דעם באַריכט פון זייער טריאומף, ווער עס איז געווען אַנוועזנט און ווי די צושויער זענען געווען געקליידעט.

דאַן אָבער האָט בוני איבערגעמישט די צייטונג און איבערגעלייענט אַ דעפּעשע פון אַנגל-סיטי: צענטויזנט נאַפט-אַרבעטער האָבן פאַרשטרייקט און די נאַפט-אינדוסטרי איז פּאַראַליזירט. די אונטערנעמער האָבן מיטגעטיילט, אַז זיי אַנערקענען ניש מער דעם אויטאָריטעט פון דער קאָנטראָל-קאָמיסיע און האָבן אויסגעשטעלט אַ נייעם לוינטאַריף.

די צייטונג האָט מיטגעטיילט, אַז מען שרעקט זיך פאַר אומרוען, ווייל עס איז באַקאַנט, אַז אין דער לעצטער צייט האָבן זיך צווישן די אַרבעטער ראַדיקאַלע אַגיטאַטאָרן אַרומגעדרייט.

# VI

בוני האָט געהאַט פעריען און האָט געמוזט פון זיי גע-
ניסן, אַנדערש וואָלט ער צעשטערט די פרייד פון זיינעביידע
רייזעגענאָסן.

ער האָט געמוזט מאַכן אַ צופרידן געזיכט, ווי מיטן פאָ-
טער אין טעאַטער באַגלייטן, נאָך דער פאָרשטעלונג זיי אין
אַן אויסאָדראָשקע אַהיימשיקן, מיט ווי גיין אין דעם רעסטאָ-
ראַן פון די פילמלייט, דאָרט איבער דעם פילם און זיינע דער-
פאָלגן צו פלוידערן און צוצוזען ווי די גרויסע פון פילם שיכורן
זיך אָן.

אויף צומאָרגנס איז דאָס פאָר זיך געגאַנגען ווי געוויינ-
לעך אין דעם טורנזאַל.

זיי האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן אזוי צעשפּילט, אַז
ווי האָט דערקלערט, אַז ווען דער פאָטער וועט זיין באַנקראָט
און זי צו דיק נאָך אויפצוטרעטן אין פילם, וועלן זיי נאָך
אַלץ קענען פאַרדינען געלט אַלס אַקראָבאַטן.

דערנאָך האָבן זיי דאָס צווייטע מאָל געפרישטיקט, דער-
נאָך זענען זיי געגאַנגען אויף אַ מאַטינע, אָדער אויפגענומען
געסט, צי רעפּאָרטערס, ווי האָט געמאַכט פאַרשידענע איינקוי-
פונגען און זיך איינגעקשנט. אַז איר געליבטער בוני זאָל
אויך מיט איר מיטגיין. ער האָט דאָך אַזאַ גוטן געשמאַק און
זי קליידט זיך דאָך נאָר צוליב אים.

בוני האָט זיך באַקענט מיט אַנדערע רייכע יינגעלייט, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער זעלבער לאַגע, און ד׳האָט זיך דערוווּסט, אַז אַזעלכע ווערטער באַטייטן, אַז די רעכנונגען וועלן אים צוגעשיקט ווערן, דאָך איז ווי נישט געווען קיין „גאָלדגראַבערין“, ווען זי האָט עמעצן איינגעלאַדן, אַזוי האָט זי אויך געצאָלט.

זי האָט ווירקלעך געוואָלט נאָר איר בונין, געווינשט, אַז ער זאָל שטענדיק זיין מיט איר צוזאַמען, געוואָלט אים יעדן וויזן, איינשליסנדיק דער פרעסע.

בוני האָט שוין איצט ווי געקענט גענוג גוט, כדי צו באַגרייפן דעם שאָדן, ווי אויך דעם פאַרדינסט פון דעם פאַרהעלטניש, איר חושימדיקייט האָט אים נישט געשטערט, ער איז געווען יינג אין איר ליידנשאַפט האָט אַנטשפּרעכט די זייניקע, די קונסט, וועלכע, ער האָט זיך ביי עאוניס האָיט אויסגעלערנט האָט ער קאָמבינירט מיט די, וועלכע ווי האָט זיך דערוווּסט פון אירע פיל געליבטע, אָפּט ד׳האָט זיי אַזש געשווינדלט פון תאוה; די קראַפט וואָס האָט זיי געטריבן אייבער צום צווייטן איז געווען נישט צו באַזיגן.

אינטעלעקטועל האָבן זיי אַמווייניקסטן געפּאַסט איינער צום צווייטן, ווי האָט טאַקע זיך צוגעהערט צו אַלץ, וואָס בוני האָט גערעדט, אָבער איר אָפּשפּרונגען פון דער טעמע האָט באַוויזן ווי ווייניק אינטערעס זי האָט פאַר ערנסטע זאַכן.

איר לעבן איז געווען געשווינדקייט, אויפרעגונג און גלאַנץ דערפאָלג און אויפמערקזאַמקייט איז געווען איר אָטעם, זי האָט זיך שטענדיק געפונען אויף דער בינע, האָט געשפּילט שטענדיק איין ראָל, איז געווען אומדערמידלעך, פריש, יינג, שיין און מונטער, פאַרקלערטקייט, דאַקעגן, האָט איר אויסגעזען פאַרדעכטיק:

„וואָס פעלט דיר מיין טייערער? איך גלויב, אַז דו קלערסט פון דעם עקלהאַפטן שטרייק.“

צו זיצן רויק און לייענען אַ בוך איז געווען פאַר דעם ...ינג פונם פובליקום עטוואָס פרעמדס, אַ צייטונג, אָדער אַ

זשורנאַל דאָס יאָ, אָבער זי איז שטענדיק געווען גרייט זיי אַוועקצולייגן, כדי צו פלוידערן אַ ביסל אָדער אַ ניי קלייד צו באַטראַכטן.

אָבער פאַרטיפן זיך אינם לייענען, נישט וועלן ווערן געשטערט,—דאָס האָט איר אויסגעזען נישט אינגאַנצן העפלעך, און אַז אַ מענטש זאָל קענען פאַרברענגען דעם גאַנצן נאָכמיטאָג אָדער אָוונט מיט אַ בוך—פון אַזעלכעס האָט זי איבערהויפּט נישט געוווסט.

זי האָט אירע געדאַנקען נישט אַרויסגעזאָגט, דאָך האָט בוני געוווסט, אַז זי פאַראַכטעט ביכער צווישן אַנדערעס נאָר דערפאַר ווייל זיי זענען ביליק; יעדער קען זיך אַוועקזעצן אין אַן עק מיט אַ בוך אין דער האַנט, אָבער נאָר ווייניק מענטשן באַקומען פון דער טעאַטער-דירעקציע אַ לאָזשע.

איינער פון די ייִנגע מענער וועלכע האָבן אונטעריכטעט אין ירווינגס אַרבעטערהויכשולע האָט זיך געפונען אין ניי-יאָרק, בוני האָט אים אויפגעזוכט און זיי האָבן זיך אונטערגעהאַלטן שמועסנדיק פון דער אַרבעטערבאַוועגונג.

בוני וואָלט דעם ייִנגערמאַן גערן געזען וואָס אָפטער, און וואָלט גערן געגאַנגען אויף די פאַרזאַמלונגען, וועלכע זענען אין דער דאָזיקער שטאָט, דעם צענטער פונם גאַנצן לעבן, אַלזאָ אויך פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג, באַזונדערס אינטערעסאַנט געווען.

אָבער ווי איז באַלד אונטערגעקומען און האָט אָנגענומען רעטונגסמיטלען, גלייך עס זאָל זיך האַנדלען אין אָפּיום.

זי האָט געמאַכט מיט אים ראַנדעווו, האָט אויסגעפּולט זיין גאַנצע צייט און אים באַזאָרגט אויסגעפּרעגט.

„ווי ווילט זיך מיין אָרעמער ייִנגל היינט ביינאַכט?"

ווי עס שטייט אין ליד.

בוני, פאַרשטענדלעך, האָט געוווסט, אַז דאָס אַלץ ווערט נאָר געטון אַלס רפואה פאַר זיין נשמה, אָן שום ספק אויך צוליב זיין פאָטער, דערפאַר האָט עס אים גערייצט און געלאַנגווייליקט.

אין דער שטאָט האָט נאָך געוואוינט נאָך איין באַקאַנטע בוניס, קעגן וועלכער ווי האָט גאָרנישט געהאַט װאָס אָנצוווענדן: זיין מוטער.

זי האָט מיט אַ צייט צוריק ווידער חתונה געהאַט פאַר אַ רייכן מאַן און האָט באַזיצן אַ וווּנדערשיינע חיים.

בוני האָט איר באַזוכט און האָט זיך געמוזט געבן ביי איר אָנבליק אַלע מי, כדי זיין צעמישונג צו פאַרבאָרגן. די מאַמע איז געווען רונד ווי אַ פוטערקוגל און אַזוי ווייך, אַז אין אַזאַ הייסן טאָג, ווי היינט, איז זי כמעט צעשמאָלצן געוואָרן.

„בלאָנד, פעט און פערציק" זאָגט אַן אַלט שפּריכוואָרט, צו וועלכן די דאָקטוירים געבן צו „און אַ קראַנקע לעבער."

אָבער נישט בוני נישט די מאַמע האָבן דאָס געוווּסט, זי האָט זיך פאַר זיין כבוד וועגן געקליידט, ווי אַ קעניגין, און האָט געהאַט אַ פּודל, וועלכער האָט זיך צוגעפּאַסט צו איר געשטאַלט.

איר מאַן איז געווען אַ סוחר פון טייערע שטיינער און האָט איר געהאַלטן, זעט אויס, פאַר אַן אוצר.

די מאַמע האָט געשענקט בונין אַ דימענט-רינג, און ווען ער האָט איר דערציילט פונם שטרייק, האָט זי אים געשיקט נאָך איינעם, וועלכן ער זאָל פאַרקויפן און דאָס געלט אין דער אונטערשטיצונגסקאַסע פון די שטרייקערס איבערגעבן.

„די נאַפטמענער זענען אכזריותדיק" — האָט געזאָגט די מאַמע,—„איך ווייס עס!"

# VII

דער פּאַטער האָט זיך געזאָרגט וועגן דעם ענין, וועלכער האָט אים אַהערגעבראַכט. ער האָט ווייניק דערפון גערעדט, דאָס איז געווען נישט נאַטירלעך, און האָט אין בונין געוועקט חשד.

ענדלעך איז אים געלונגען אַרויסצובאַקומען פונם פּאַטער איינצלהייטן: עס האָט זיך געהאַנדלט אין די פלאַט-רעזערוו-קאָנטראַקטן, וועלכע די געזעלשאַפט האָט געהאָפט צו שליסן.

דער פּרעזידענט האַרדינג האָט איבערגענומען זיין אַמט, באַרניי-בראָקוויי איז באַשטימט געוואָרן צום העכסטן ריכטער און האָט פון זיין זייט דאָס מיניסטעריום פון אינערן צוגע-שאַרט צו דעם פון הער ראָסקאָע אָנגעוויזענעם מאַן.

דער דאָזיקער מאַן איז געווען דער סענאַטאָר קריסבי, אַן אַלטע פּאַרטייקליאַטשע, וועלכע ראָסקאָע און אָרעי האָבן שוין אַמאָל באַנוצט, ווען זיי זענען געווען דערמיט באַשעפ-טיקט אַ מעקסיקאַנישע רעגירונג אַראָפּצוואַרפן, דעמאָלט האָבן זיי די מעקסיקאַנער מיט אַן אַמעריקאַנישע אינטערווענץ גע-דראָט, און קריסבי, צו יענער צייט דער סענאַטאָר פון טעק-סאַס האָט געהאָלפן אין איין אַליאַרמירן מלחמה און האָט עס שיעור נישט רעאַליזירט.

„ער קען נישט זיך אָפּזאָגן פון די ווייבער,"—האָט דער

פּאָטער דערקלערט, — „פּאַרלירט אויף אַזאַ אַרט יעדן אַמט אַן איז דעריבער שטענדיק גרייט אַ נייעם אָנצונעמען.“

דערווייל זאָל קריסבי די נאָמינאַציע... דערווייל זאָל קריסבי די נאַפּטאַונטערנעמער איבערגעבן אַ גרויסע צאָל פון ווערטפולע אַרענדעס פאַר שפּאָט ביליק. אָבער ער האָט געוואָלט שטענדיק געלט. דאָס איז געווען דאָס סאַמע נישט אָנגענעמסטע ביי די פּאָליטיקער: מען האָט זיי געקויפט פאַר די וואַלן און מען האָט זיי געמוזט נאָך די וואַלן נאָכאַמאָל איבערקויפן. מען האָט זיך אויף זיי נישט געקענט פאַרלאָזן. הער ראָס איז געקומען קיין ניו־יאָרק כדי זיך אַן עצה האַלטן מיט אַ יוריסט, וועלכן ווערנאָן ראָסקאָע האָט גע־האַלטן פאַר דעם גרעסטן אין לאַנד, ווי אויך אַ קליינע קער־פּערשאַפט צו בילדן, וועמענס אויפגאַבע עס זאָל באַשטיין אין דעם אויף אַ לעגאַלן אופן מלוכה-באַאַמטע אָפּצוקויפן.

פאַרשטענדלעך, אַז דער פּאָטער האָט זיך נישט באַנוצט, מיט די אַלע אָפּנהאַרציקע אויסדרוקן, נאָר בוני האָט עס שוין אַליין פאַרשטאַנען.

„ווי אַזוי וועט איר עס אָנהייבן?“ — האָט בוני געפרעגט.

„אַווירקלעך גוטער יוריסט מאַכט אַלץ אין אָרדנונג, עס זאָל זיך גרינדן אַ קאַנאַדישע קערפּערשאַפט, וועלכע דאַרף זיך נישט אונטערוואַרפן די געזעצן פון די פּאַרייניקטע שטאַטן, די אַקציאָנערן וועלן אַבער ענדע באַקומען זייערע אַרענדעס, דאָס אומגליק איז נאָר, וואָס קיינער ווייסט נישט גענוי, וואָס די אַרענדעס זענען ווערט, פּעטער אָרעי און פּריד אָרפאַן ווילן, אַז איך מיט ווערנען זאָלן צאָלן אַ צו גרויסע טייל פון דער סומע. ווערנע איז בייז, ער זאָגט, אַז זיי מעגן גיין צום טייוול, דעריבער זאָל איך אַ לענגערע צייט בלייבן אין ניי־יאָרק, צי קענסטו זיך אַנטשליסן אָפּצוזאָגן זיך פון דעם סעמעסטער, אפשר מיט אַ לערער דאָ צו אַרבעטן און דעם עקזאַמען ערשט אין הערבסט בייצולייגן.“

בוני האָט געענטפערט אַז אים גייט דער אוניווערסיטעט גאָרנישט אָן.

„נאָר איינס פאַרשאַפט מיר שמערצן: וואָס ווילסטו מיט

דער קאנאדישער קערפערשאפט אויפטון?"

דער פאטער האט דערקלערט, אלץ וועט זיין אין דער בעסטער ארדנונג, זיי האבן די בעסטע יוריסטן אין דעם גאנצן לאנד.

בוני אבער האט געפרעגט:

„צי ביסטו איבערצייגט, אז ווערנע וויל דיך נישט אוועקלייגן?"

דער פאטער איז געווארן אויפגערעגט.

„ווי קענסטו גאר אזעלכעס קלערן? ווערנע איז דער בעסטער געשעפטספריינט, וועלכן איך האב ווען עס איז געהאט; ער איז די ערלעכקייט זעלבסט."

„יא, פאטער, אבער אין דעם נאפטשפיל איז נישטא קיין ערלעכקייט, פארוואס גיט ווערנע אליין נישט די מענטשן קיין כאבאר? פארוואס קומט ער נישט קיין ניי־יארק?"

„אבער, מיין זון, ווערנע מוז מיט דעם שטרייק פארטיק ווערן; דו ווייסט דאך, אז ער קען איצט נישט אוועקפארן. דו דארפסט זיין צופרידן וואס ער האט דעם עול אראפגענומען פון מיר."

דער פאטער האט נאאיוו צוגעגעבן, אז די אונטערנעמער האבן אים נישט געוואלט איבערגעבן דאס אונטערהאנדלען מיט די ארבעטער; ער איז צו „ווייך", דאס ווארט האט בונין אויסגעוויזן באקאנט צו זיין.

עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז ווי מיט דעם פאטער האבן געמיינזאם די פלענער געשמידט, אויך ווי האט בעדארפט א ביסעל קומען צו זיך.

זיי האבן געוואלט פארן קיין קאנאדע, הער ראס האט דארט געקענט זיינע ענינים דערליידיקן און דאן וואלטן זיי ערגעץ־ווו א לאגער אויפגעשלאגן, און ווי האט געחלומט, אנשטאט די לאנגווייליקע טורנעס, ארומצוּוואנדערן מיט בונין דורך די וועלדער און אין א שיינע אזערא צו שווימען.

הער ראס האט טעלעגראפירט צו דעם רעקטאר אלאנצא ט. גאפער און דערקלערט, אז דרינגענדע געשעפטן האבן גע-

צווונגען דעם זון צו פאַרבלייבן אויף מזרח.

צי וואָלט עס מעגלעך [illegible], אַז בוני זאָל זיין עקזאַמען ביילייגן אין הערבסט? הער גאָפּעד האָט צוריק טעלעגראַפירט, אַז דער פאַקולטעט וועט גערן דערפילן די דאָזיקע ביטע.

צומאָרגנס, נאָכדעם ווי דאָס אַלץ איז שוין געווען דערלעדיקט, האָט בוני באַקומען אַ דעפּעשע, ער האָט איר אויפגעריסן, די אונטערשריפט: רות וואַטקינס.

ער האָט שנעל איבערגעקוקט דעם אינהאַלט: פּאַוול און עדי פּיאַט, בוד סטאַנער, זשיק דוגען און פיר אַנדערע פון דעם קרייז פון פריינט זענען פאַר איבערטרעטן דאָס „סינדיקאַליסטנגעזעץ" אַרעסטירט געוואָרן.

איצט זיצן זיי אין דעם געפענגעניש פון סאַן-עלידאָ, די קויציע פאַר פּאַוולען באַטראַפט צענטויזנט דאָלאַר, פאַר אַלע איבעריקע צו זיבנטויזנט פונפהונדערט.

„זיי האָבן דאָך קיין געלט נישט, דאָס הייסט דאָך יעדער, דער גאַנצער צוועק איז זיי צו פאַרהאַלטן אין געפענגעניש אין משך פונם שטרייק, דאָס געפענגעניש איז שרעקלעך, פּאַוולס געזונט וועט עס נישט אויסהאַלטן, איך בעט אייך אין נאָמען פון אונדזער אַלטער פריינטשאַפט, די אַלע קויציעס איינצוצאָלן, איך דאַרף אייך נישט פאַרזיכערן, גלויב איך, אַז דאָס געלט ביי אונדזערע ייִנגען איז פאַרזיכערט."

# VIII

צוערשט האָט בונין געפּייניקט דער בייזער פאַרדאַכט, אַז דער פאָטער האָט געוווּסט פון די אַרעסטן און דערפאַר אים געהאַלטן האַלטן ווייט פון קאַליפאָרניע.

דערנאָך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ווערנאָן ראָסקאָע געוואָלט ליקווידירן, די „באָלשעוויסטנעסט״ און דעריבער אים מיטן פאָטער אָוועקגעשיקט, אָבער דער מאַנעוור וועט אים נישט געלונגען בוני וועט נישט דערלויבן, אַז זיינע פריינט זאָלן אויף אַזאַ אַרט באַהאַנדלט ווערן.

דער פאָטער איז נישט געווען אין דער היים; בוני האָט געוויזן ווין די דעפּעשע און איבערגעשמועסט מיט איר וועגן דעם.

זי האָט געוואָלט וויסן וואָס ער וועט אונטערנעמען, און בוני האָט געענטפערט, אַז דער פאָטער וועט אַמוויינינקסטנס איינצאָלן די קויציע פאַר פאַוולען.

„אָבער, בוני, דו ווייסט דאָך, אַז ער וועט עס נישט קענען טון; דאָס וואָלט דאָך געהייסן גיין אַנטקעגן די פּלענער פון ווערנען לגבי דעם שטרייק.״

„ער וועט עס מוזן טון, ווי. איך וועל זיין אַ הונט, אויב איך וועל לאָזן אַזאַ מענטשן ווי פאַוולען זיצן אין אַזאַ לאָך.״

„און אויב ער וועט עס נישט טון, בוני?״

„דעמאָלט וועל איך מוזן אַהיימפאָרן, דאָס איז אַלץ.״
„וואָס וועסטו דאָרט קענען אויפטון?״
„גאָכזוכן עמעצן, וועלכער באַזיצט עטוואָס טאַקט און אַ ביסל באַרעס געלט.״
„די דאָזיקע ביידע זאַכן צוזאַמען איז נישט לייכט צו געפונען, ליבסטער; איך וויים עס, ווייל איך אַליין האָב עס נאָכגעזוכט, אויסערדעם וועט עס דעם פאָטער מאַכן זייער אומגליקלעך און אונדזערע גאַנצע פעריען צעשטערן. איך האָב גראָד געהערט פון אַ ווונדערלעך אָרט, אַ לאַגער, וואָס שמאַלסקי האָט ביי דער אָנטאַריאָ־אָזעראָ אָפּגעקויפט, ער אַליין האָט נאָך נישט געהאַט קיין צייט אַהינצופאָרן. אָ, בוני, איך האָב מיר שוין איבער די דאָזיקע שיינע טעג אַזוי געפרייט!״
זי האָט אים אַרומגענומען, אָבער ער האָט עס קוים באַמערקט, אַזוי האָט אים געפּייניקט דער געדאַנק, אַז פּאָול זיצט אין געפענגעניש. און ער, בוני, איז אַנטלאָפן פון די צרות, שלעפט זיך אַרום ליידיק און לויז, אָפּנאַרנדיק זיך אַליין, אַז ער האָט פעריען.
ער האָט זיך באַפרייט פון וויס אָרעמס, געשפּאַנט אַהין און צוריק, זיך גערופן רענעגאַט און געזידלט די געמיינע שווינדלער, וועלכע פאַרוואַלטן מיט דער געפענגעניש פון סאַן־עלידאָ, און גנבענען צו דאָס געלט, פאַר וועלכן מען דאַרף איינקויפן שפּייז פאַר די אַרעסטירטע און די געפענגעניש ריין האַלטן. ווי האָט אים באַאָבאַכטעט אַן אויפגערעגטע; דאָס איז געווען אַ נייער בוני, וועלכן זי האָט נישט געקענט.
„הער מיך אויס, ליבסטער,״—האָט זי אים פלוצים איבערגעריסן,—„זיי אַן אויגנבליק שטיל און רעד מיט מיר רויק, דו ווייסט דאָך, אַז איך פאַרשטיי ווייניק אין די ענינים.״
„וואָס ווילסטו?״
„ווי קענסטו עס וויסן, אַז פּאָול האָט טאַקע באמת נישט איבערגעטרעטן דאָס געזעץ?״
„ווייל איך קען אים, און אַלע זיינע אידעען, איך האָב מיט אים אַרומגערעדט פון אלף ביז תיו דעם גאַנצן שטרייק

ווי אַזוי ער זאָל געפירט ווערן, ווי וויכטיק עס איז, אַז אַלע, אַרבעטער זאָלן זיין איינהייטלעך, אַזוי האָט ער אויך געהאַנדלט און דערפאַר האָט אים ווערנע אין געפענגעניש אַריינגעוואָרפן״

„ביסטו זיכער, אַז ווערנע האָט עס געטון?״

„פאַרשטעגדלעך, ער און די איבעריקע פון דעם אונטער-נעמעוי-קאָמיטעט, וואָס דען זענען די מלוכה-באַאַמטע פון סאַן-עלידאָ, אויב נישט שיק-ייִנגלעך פון די נאַטמאַגנאַטן? איידער ווערנע איז אַהינגעקומען, האָט מיין פאָטער באַהערשט דאָס לאַנד, איך האָב מער ווי איינמאָל געזעען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי דער פאָטער האָט די באַאַמטע געלט געגעבן.״

„צי גלויבסטו נישט, אַז עס קענען אפשר זיין באַווייזן, אַז פּאַוול האָט געפּלאַנט געוואַלדטאַטן?״

„איך ווייס נישט וואָס פאַר אַ באַווייזן די דאָזיקע לייט האָבן. ווערנע האָט מיר געזאָגט, אַז צווישן די אַרבעטער זע-נען פאַראַן שפּיאָנען, און איך ווייס נישט וואָס זיי האָבן גע-פּלאַנט; אויך ווערנע ווייסט עס נישט. דו קענסט דאָך די באַ-שולדיקונג: דאָס איבערטרעטן דעם סינדיקאַליסטנגעזעץ, וואָס די לייט סינדיקאַליזם רופן, הייסט דער פּרווו, די רעגירונג אַראָפּצעוואַרפן און מיט געוואַלד דעם עקזיסטירענדן געזעלשאַפט-לעכן סיסטעם צו ענדערן, אָבער אַרעסטירט ווערט מען שוין, ווען מען וואַרפט נאָר אַ חשד פון סינדיקאַליזם. מיט אַנדערע ווערטער, ווען מען האַלט נאָר פון אַן אידעע, וועלכע אַ איד-יאָטישער פּאָליציאַנט, אָדער אַ שווינדלערישער באַאַמטער פאַר אַ געפערלעכע באַטראַכט, שוין דעמאָלט ווערט מען אַריינגע-וואָרפן אין געפענגעניש און מען בלייבט דאָרט. די געריכטן זענען איבערפולט און די אויספאָרשונג פאַרשלעפּט זיך אויף יאָרן.״

„דאָס איז דאָך נישט מעגלעך, בוני.״

„דאָס געשעט כסדר, איך קען מענטשן, מיט וועמען דאָס האָט פּאַסירט, די קויציע איז איינמיסטן אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע, כדי אַן אַרבעטער זאָל זי נישט קענען איינצאָלן. און איצט, מיין גאָט, איז דאָס זעלבע געטון געוואָרן מיט פּאַוול וואַט-

קינס, מיין בעסטן פריינט, דעם אַנשטענדיקסטן מענטשן, וואָס איך קען נאָר, און ער האָט דאָך געדינט אין סיביר, דעם גאַנצן קריג מיטגעמאַכט און איז געקומען אַהיים אַ קראַנקער און צעבראָכענער, דער ייִנג, וועלכער איז פֿריער געווען ווי אַ נוס, פּשוט און גלייך און אָן אַ שום פֿעלער. דאָס איז דער לוין דערפֿאַר, וואָס ער האָט דעם פֿאָטערלאַנד געדינט. מיין גאָט, זיי ווילן נאָך פֿרווון פֿון מיר צו פֿאַרלאַנגען, אַז איך זאָל אַזאַ פֿאָטערלאַנד דינען!”

בוני האָט זיך געווישט די טרערן פֿון די אויגן. דערנאָך האָט ער ווידער אַרומגעשפּאַנט אַהין און צוריק און ענדלעך זיך אין אַ שטול אָנגעשלאָגן. ווי האָט אים אַרומגענומען און געפּליסטערט:

„הער מיך אויס, ליבסטער, איך קען מענטשן, וועלכע האָבן געלט, אפשר וועל איך מיר קענען העלפֿן, גיב איבער די זאַך אויף אַ פּאָר שעה מיר, און זאָג דעם פֿאָטער גאָרנישט; וואָס פֿאַר אַ זין האָט עס אים צו פֿאַרשאַפֿן שמערצן אָן אַ שום נוצן? ווען עס מיר געלונגען די זאַך צו דערלעדיקן אַזוי, וועט ער מיט אַ ריינעם געוויסן קענען זאָגן ווערנען, אַז ער האָט דערפֿון גאָרנישט געוווּסט.”

זי האָט פֿאַרלאָזן דאָס הויז און אין אַ צוויי שעה צוריקגעקומען. בוני זאָל טעלעגראַפֿירן צו רותן, אַז נישט ער, נישט דער פֿאָטער קענען עפּעס טון; דאַקעגן אינטערעסירט זיך מיט דעם ענין אַ פּריינט, דאָס נויטיקע געלט וועט דעפּאָנירט ווערן אין דער אַמעריקאַנישער באַנדינג-געזעלשאַפֿט, וועמענס פֿיליע אין אַנגל-סיטי וועט אויספֿירן פֿאַלס באַפֿרייאונג.

„ווי אַזוי איז דיר דאָס געלונגען?”—האָט בוני געפֿרעגט.

„וואָס ווייניקער דו וועסט דערפֿון וויסן אַלץ בעסער. איך קען עמעצן, וועלכער באַזיצט גרונטשטיקער אין אַנגל-סיטי און באַקומט געהאַלט, אויסערדעם גייט עס זיין פֿירמע שטאַרק אָן אים צו זען אַ צופֿרידענעם און גליקלעכן.”

„עס איז אַ סך געלט,”—האָט בוני אַ זאָג געטון,—„איך מוז עס אייגנטלעך צוריקגעבן.”

„יאָ, אַ סומע געלט, און דו וועסט עס מיר צוריקצאָלן מיט צערטלעבקייט און ליבע, קענסט שוין אָנהייבן.“

ווי האָט זיך אים געוואָרפן אין די אָרעמס און ער האָט זי באַדעקט מיט קושן; עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, גלייך אַן אָרקעסטער זאָל שפּילן אין זייערע בייזיגע הערצער.

# IX

פּאָול איז ווירקלעך באַפרייט געוואָרן פונם געפענגעניש און בוני האָט זיך דערמיט געמוזט באַגנוגענען. געוויס, זענען נאָך געזעסן די זיבן אַנדערע באַקאַנטע, אָבער זייער באַפרייאונג האָט באַדאַרפט קאָסטן צווייטויזנטפינפהונדערט דאָלאַר, דאַריבער האָט בוני זיך געלאָזט פאַרנאַרן דורך ווי און דעם פאַטער אין דעם „לאַגער" ביי אַן אָזערע מיט אַ לאַנגן אינדיאַנישן נאָמען.

דאָ זענען זיי געשווימען, געפאָרן אין שיפלעך און געוואַנדערט דורך די וועלדער. זיי האָבן געהאַט אינדיאַנער*אַלס פירער, און אויך אַזוי איז אַלץ געווען ראָמאַנטיש; אײנצייטיק איז אין דעם שלאָפצימער געווען הייס און קאַלט וואַסער און דאַמפבאַהייצונג: אַלע באַקוועמלעכקייט פון בראָדוויי.

איצט האָבן זייביידע, בוני מיט ווי, געהאַט די בעסטע געלעגנהייט זיך צו עסן איינער דעם צווייטן. עס זענען נישט געווען קיין שום צעשטרייאונגען, קיין שום געזעלשאַפטלעכע פאַרפליכטונגען; זיי זענען געווען בייטאָג און ביינאַכט צוזאַמען.

בוני האָט אַנטדעקט, אַז זיי זענען פאָלקאָמען גליקלעך, כל זמן זיי טוען ריין פיזישע זאַכן: פאָרן אויף שיפלעך, כאַפּן

פיש, פאָטאָגראַפירן און צעלייגן אַ פייער אויף דעם פרייען פעלד, ווי די אינדיאַנער.

אָבער זיי האָבן געמוזט זיך פסדר פאַרשפּילן, אַ נישט האָט זיך צעלייגט צווישן זיי אַן אָפּגרונט, וואָס זאָל ווי טון, ווען בונין וועט זיך פאַ־גלוסטן לייענען?

איינמאָל אין טאָג איז פון דעד צווייטער זייט אָזעראָ אָנגעקומען די קליינע דאַמפשיף און געבראַכט שפּייז און פּאָסט.

עס זענען אָנגעקומען צייטונגען פון אַנגל-סיטי און איינמאָל אין וואָך דער שטרייקביולעטין פון די נאַפטאַרבעטער, וועלכע בוני האָט אומפּאַרזיכטיק אַבאָנירט. האָט בוני געלייענט די באַריכטן פון די ווילבאַקאַנטע סצענעס, פון די פאַרזאַמלונגען, אונטערשטיצונגס-אַרבעטן, געלט זאַמלונגען, קאַמפּן מיט דער וואַך, אַרעסטן, פון די ליידן פון די אַרעסטירטע, דאָס שלאָגן די שטרייקפּאָסטנס, דאָס פּראָוואָצירנדע פאַרהאַלטן זיך פון דעם שעריף און אַנדערע באַאַמטע און פון די ליגנס פון דער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע,—דעמאָלט האָט בוני געגלויבט, אַז ער איז אין פּאַראַדיז, פּאַוול איז געווען אַ מיטגליד פונם שטרייקקאָמיטעט, טאָם אַקסטאָנס רעכטע האַנט.

זיינע רעדעס זענען געוואָרן ציטירט און זיינע איבערלעבענישן אין געפענגעניש באַשריבן. ווען בוני האָט דאָס קליינע בלעטל אַדורכגעלייענט, איז ער יעדעס מאָל געווען אַזוי דערשיטערט, אַז ער האָט זיך דעם גאַנצן טאָג נישט געקענט באַרויקן.

ווי האָט עס פאַרשטענדלעך באַמערקט און האָט אים נישט געוואָלט דאָס ווייטער לאָזן לייענען. האָט ער דען נישט געטון שוין זיינס דערמיט, וואָס ער האָט די שטרייקנדע צוריקגעגעבן זייער פּירער? און האָט ער דען נישט צוגעזאָגט זיין ליבער ווי מיט ליבע און צערטלעכקייט אַ גאַנצן זומער לאַנג צו באַלויבען?

אין די געציילטע מינוטן וואָס זענען אים געבליבן פריי פאַר אים אַליין, האָט זיך אין זיין האַרץ צעפלאַמט דער קאַמף.

ער האָט זיך אַליין געזאָגט, אַז ער האַנדלט אַזוי, כּדי דעם פאָטער צו העלפן; אַן אַנשטענדיקערע סבֿה, ווי דאָס אונ־טערהאַלטן זיך מיט אַ געליבטע, אָבער צי האָט דער פאָטער דאָס רעכט פון אים אַזויפיל צו דערוואַרטן? צי האָט דאָס רעכט אַן איינצעלנער מענטש צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַלע איבעריקע מענטשן? אויב די פליכט פון די ייִנגע וואָלט געווען צו אָפּפערן זיך פאַר די אַלטע, ווי וואָלט דאַן געקענט זיין אַ פאָרשריט? מיט דער צייט, ווען דער קאַמף אויף די נאַפטפעלדער איז געוואָרן אַלץ פאַרביטערטער, האָט בוני זיך אָפן מודה געווען, אַז זיין אַנטלויפן איז געווען פּחדנות.

ער האָט געפּרוווט דאָס קלאָרמאַכן ווי, אָבער ער האָט זיך אַנגעשטויסן דערביי אויף שטיין. ביי איר האָט אין דעם פאַל געאַרבעט נישט דער פאַרשטאַנד, נאָר דער אינסטינקט.

זי האָט געגלויבט אין איר געלט, זי האָט געהונגערט, דעם קערפּער און די נשמה פאַרקויפט כּדי דאָס זיך צו פאַר־שאַפן, און דאָס נישט געוואָלט איצט אָפּגעבן.

בוניס גאַנצע ראַדיקאַלע באַוועגונג האָט פאַר איר באַטייט נאָר דאָס, אַז אַנדערע ווילן ביי איר דאָס געלט צונעמען.

ער האָט אַנטדעקט אין ווי אַ זעלטענע עקשנות; זי איז שטענדיק געווען גרייט אויסצוגעבן געלט אויף זיידנס, פּעלצן, צירונג און אויטאָס, — דאָס האָט געהערט צו איר באַרוף, עס איז געווען אַ טייל פון איר רעקלאַמע, האָט זיך עס אָבער געהאַנדלט אין זאַכן, וועלכע דאָס פּובליקום האָט נישט געזען, אַזוי האָט זי פיינט געהאַט געלט אויסצוגעבן: בוני האָט נישט איינמאָל געהערט ווי זי האָט זיך געדינגען מיט דער וועשערין פאַרן איבערוואַשן אירע שמעקנדיקע נאַכטהעמדער, אין וועלכע זי האָט זיין נשמה פאַרפירט, אָדער פאַרן איבערפּרעסן די אונ־טערוועש.

ניין, עס האָט אים קיינמאָל נישט געלונגען דעם ליבי־לינג פון דעם פּובליקום פאַר אַ „ראַדיקאַלע“ צו מאַכן; פון דעם מוז ער זיך אָפּזאָגן. זי הערט אים אויס, ווייל זי האָט אים ליב, אפילו דאַן, ווען ער רעדט אַן „אומזין“.

צייטנווייז האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי איז אויך מיט זיין מיינונג דאָך האָט זי זיך שטענדיק באַנומען אזוי ווי ער זאָל זיין קראַנק און זי זאָל אויף זיין געזונט ווערן וואַרטן, אָדער, ווי ער זאָל זיין אַ שכור און זי זאָל האָפן, אַז ער וועט נאָך אַמאָל אַ ניכטערער ווערן.

זי האָט זיך פאַר רחלען אַנטשולדיקט, די קויציע פאַר פאַוולן איינגעלייגט, אָבער זי האָט דאָס אַלץ געטון, נאָר כּדי אים פרייד צו פאַרשאַפן.

אין אמתן האָט זי זיי ביידע געהאַסט. פאַר אַלעמען האָט זי רותן פיינט געהאַט מיט אַ קאַלטער, פאַרעקשנטער שנאה; זי האָט זי געהאַלטן פאַר אַן אינטריגאַנטקע, וועלכע מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ פשוט דאָרפסמיידל, .כּדי דעם ייִנגן נאַפּטפריץ צו פאַרנאַרן.

ווען מען זאָל גלויבן ווי, אַזוי זענען פאַראַן זייער ווייניק מיידלעך, און פשוטע פרויען זענען בכלל נישטאָ.

רות האָט אויך נישט געגעבן קיין רו, גראָד ווען ווי מיט בונין האָבן זיך געפילט צום גליקלעכסטן, האָט זי געמוזט נאָכאַמאָל טעלעגראַפירן: דעם ברודער האָט מען ווידער אַמאָל אַרעסטירט, דאָסמאָל פאַר מיסאַכטונג צום געריכט.

בוני איז באַלד צוגעפאָרן מיט אַ שיפל צו דער נאָענטסטער טעלעגראַפנסטאַציע און טעלעגראַפירט צו הער דאָליווער דעם אַדוואָקאַט, אַז ער זאָל זיך מיט דעם ענין פאַרנעמען. דער ענטפער איז געווען, אַז עס קען גאָרנישט געטון ווערן,— פאַוול און נאָך איינער פון די שטרייקפירער האָבן עובר געווען אויף אַ פאַראָרדנונג, קיין קויציע וועט נישט העלפן, עס וועט אויך נישט העלפן קיין אַפּעלאַציע, פאַוול וועט מוזן זיינע דריי חדשים אָפּזיצן.

בוני איז געווען צאָרנדיק און פאַרביטערט, און ווי האָט נישט געוואַגט אירע געדאַנקען אַרויסזאָגן, פאַרשטענדלעך, אַז דער פאָרפאַל האָט געוואָרפן אַ שוואַרצן שאָטן אויף די פעריען; בוני האָט זיך די גאַנצע צייט געגריבלט איבער זיין פריינט אין געפענגעניש און צוגעשיקט רותן פינפהונדערט דאָלאַר פאַר

די אַר עסטירטע; ער האָט דערהאַלטן פון איר אַ בריוו, אַז די אַרעסטירטע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אָנצונעמען די אונטער-שטיצונג. איך האָב דאָס געלט איבערגעגעבן דעם שטרייקאונ-טערשטיצונגספאנד.

עס איז שרעקלעך צו זען הונגעריקע קינדער און נאָך שרעקלעכער איז, וואָס עס זענען פאַראַן מענטשן, וועלכע פאַר-ווענדן זייער מאַכט קינדער אויסצוהונגערן.

אַזוי האָט געשריבן די „פשוטע” רות—אָבער זי האָט דער-בײַ בשום אופן נישט געוואָלט דעם פאָטער אַ שטאָך טון.

# X

בוני האָט זיך געמוזט צוגרייטן צום הערבסטעקזאַמען; און דאָס איז געווען אַ דהאַרב פּראָבלעם, ווייל וואָס זאָל ווי טון אין משך פון דער צייט? אָבער דער גורל האָט געלעזט די פראַגע; דער פאָטער האָט טעלעגראַפירט אין דער האַרוואַרד אוניווערסיטעט מען זאָל אַרויסשיקן אַ ייִנגן לערער פאַר בונין.

דער ייִנגערמאַן איז געווען הויכגעוואַקסן, האָט געהאַט ווונדערלעכע בלויע אויגן, אַ ווייכע געלאָקטע גאָלדבלאָנדע באָרד און אויך אַזעלכע האָר.

ער האָט געטראָגן גאָלדענע ברילן, געהאַט אַ שטילע שטים און באַזעסן שרעקלעך פיל קולטור. דאָס איז געווען איינער פון די לערער, וואָס קענען צו אַלץ צוגרייטן, ווען מען זאָל זיי נאָר אַליין זיך לאָזן אויף אַ וואָך צייט פאַרברייטן.

דהיות ווי ער דהאָט געשטאַמט פון אַן אַלטער פאַמיליע אין פילאַדעלפיע און איז דערצויגן געוואָרן אין די הויכע קרייזן האָט מען געקענט גלויבן, אַז ער וועט אַן אַמאָליקן אייזל-טרייבער מיט זיין זון פאַראַכטן, שוין אָפגערעדט פון אַ פילמאַרטיסטן, וועלכע האָט איר קינדהייט פאַרבראַכט אין דעם וואגן פון אַ פאַטענט-מעדיצינפאַרקויפער און האָט איר גאַנץ לעבן קיין איין בוך נישט איבערגעלייענט.

אָבער דער ייִנגער אָפּעלטאָן לאָורענס האָט זיך צוגעפּאַסט

צו די באַדינגונגען, וועלכע האָבן געהערשט אין דעם לאַגער ביי דער אַנטאַריאָ אָזערע; ער האָט צייט זיין קאַריערע אין האַרוואַרד נאָך נישט איבערגעלעבט עטוואָס ראָמאַנטישערס.

וואָס אַנבעלאַנגט דער פילמאַרטיסטן, האָט ער די אויגן נישט געקענט פון איר אָראָפּנעמען; איז זי צוגעקומען, אַזוי איז אַוועקגעפלויגן דער גאַנצער שטודיום, ווי דורך אַ ווירבל־ווינט אַוועקגעטראָגן.

ווי האָט באַלד געלאָזט אין גאַנג אירע גלאַנציקע שוואַרצע אויגן ווי אויך די אַלע קונסטשטיק, וועלכע טאָמי פּאַלעי האָט איר אויסגעלערנט; זי האָט זיי אויסגעפּרובירט אויף דעם נייעם קרבן און בוני האָט זיי געקענט, ווערנדיק אַ צושויער, אָביעקטיוו באַטראַכטן.

ווי האָט געוואַרט ביז הער לאָורענס האָט אָפּגעגעבן בוּנין זיין מאַרגנלעקציע, דאַן האָט זי מיט דעם לערער אַרומגעוואַנדערט אין די וועלדער, אין דער צייט ווען בוני ד׳האָט זיך געפּרעגט, וואָס ער קען דערוואַרטן פון אַ פרוי, וועלכע האָט שוין אַזויפיל ליבהאָבער געהאַט.

זי האָט אים נישט לאַנג איבערגעלאָזט אין צווייפל.

„בוני, מיין טייערער,״—האָט זי געזאָגט—„דו האָסט דאָך גאָרנישט קיין זאָרגן פון מיין אַפּי?״

„נישט פריער ווי דו וועסט מיר זאָגן, אַז איך מוז עס טון.״

„דו ביסט ליב. דו מוזט באַגרייפן, אַז איך בין אַ שוישפּילערן און אויף אַזאַ אַרט פאַרדין איך מיר מיין חיונה, איך מוז וועגן דער ליבע אַלץ וויסן, און ווי זאָל איך עס קענען אויב איך וועל מיך נישט ליבן?״

„שוין גוט, ליבסטע...״

„די מענער אין האָליוווד זענען אַזוי אומגעשיקט, אַז עס קען איינעם קראַנק מאַכן; מען קען זיך פונקט אַזוי גוט לאָזן אַרומנעמען פון אַ ליאַלקע. איך מוז זיי זאָגן ווי אַזוי זיי זאָלן זיך באַנעמען, און מוז דאַריבער וויסן, ווי אַזוי אַ ווירקלעכער דזשענטלמאַן, אַן אינטעלעקטועלער, באַנעמט זיך. אָ, בוני, עס

איז רייצנד: ער פאַלט אויף די קני, האָט טרערן אין די אויגן און רעציטירט לידער, איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען עפּוואָס ענלעכעס, מען קען מיינען אַז ער איז אַ שעקספּיר־אַרטיסט, עס איז אַ גוטע געלעגנהייט פאַר מיר מיין געשמאַק צו פאַרפיינערן."

„איז עס נישט אַ ביסל אומברחמנותדיק לגבי אים?

„שטותים, עס וועט אים נישט שאַדן. ער וועט דערפון מאַכן סאָנעטן, ער טוט עס שוין. אפשר וועט ער ווערן דורך דעם באַרימט. האָב נישט קיין צרות נישט פון אים און נישט פון מיר, פאַר מיר עקזיסטירט אויף דער וועלט נאָר איין בוני. דאָס איבעריקע איז בלויז שפּיל.

זי האָט אים אַרומגענומען.

„איך ווייס וואָס דאָס הייסט אייפערזיכטיק צו זיין, ליבסטער, און איך וועל דיר פאַר קיין פאַל אויף דער וועלט נישט פאַרשאַפן די ליידן, שטערט עס דיר, אַזוי קענסטו דעם אַלטן אַפּי אָפּשיקן און איך וועל אויף דיר פאַר דעם קיין פאַריבל נישט האָבן."

בוני האָט געלאַכט.

„דאָס גייט נישט, ער מוז מיר צוגרייטן צום עקזאַמען."

ווי האָט וועגן דעם ענין גערעדט אויך מיטן פאָטער.

ווען דער הער ראָס האָט געהערט פון דעם פאַלן אויף די קני און פון די טרערן האָט ער זיך צעלאַכט: בוני נוצט אויס דעם שכל פונם לערער, ווי זיין האַרץ; זיי וועלן אים אַהיימשיקן ווי אַן אויסגעפּרעסטע לימענע, דאָס הייסט אַ גוט געשעפט.

# XI

און דערנאָך איז געשען נאָך עטוואָס אַזעלכעס, וואָס האָט ווי פון לאַנגווייליקייט איינגעהילט. שמאַלסקי האָט איר צו־געשיקט דעם מאַנוסקריפּט פון אַ נייעם פילם, וועלכער זאָל אין הערבסט געדרייט ווערן.

איצט האָט זיך פּלוצים אַרויסגעוויזן, אַז דער ליבלינג פונם פּובליקום פאַרשטייט זיך אויך אויף לייענען.

אַ שעה לאַנג האָט זיך ווי פאַרגראָבן אינם מאַנוסקריפּט און דערנאָך איז זי אויפגעשפּרונגען גרייט צו מאַכן אַ פּראָבע. אַלע ווירבלווינטן וועלכע האָבן זיך געפונען אין דער פּראָווינץ אָנטאַריאָ, האָבן זיך נישט געקענט פאַרגלייכן מיט דעם, וואָס האָט איצט אין ווין אויפגעברויזט; מאַכט פריי די גאַס פאַר דער „פּרינצעסין פון פּאַטשולי״!

עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ אָפּערעטע, וועלכע מען האָט געוואָלט פאַרוואַנדלען אין אַ פילם.

פּאַטשולי איז געווען אַ קליין באַלקאַן־מלוכהלע.

אַ יונגער אַמעריקאַנער אינזשעניער איז געקומען אַהין כדי אַן אייזנבאַן צו בויען, מען האָט אים אָבער באַטראַכט פאַר אַ פאַרשווערער.

ניין, נישט פאַר אַ באָלשעוויק, נאָר פאַר אַריסטאָקראַטישן פאָרשטייער, אַזוי, אַז בונין האָט עס נישט געקענט אָנרירן.

פֿאַרשטענדלעך, אַז דער העלד האָט חתונה געהאַט מיט דער פּרינצעסין, אויס ריינער ליבע, און האָט נאָך באַקומען דאָס גאַנצע מלוכהלע; — די באַנקירן, וועלכע האָבן דעם אייזנבאַן פֿינאַנסירט, האָבן עס אָפּגעקויפֿט פֿאַר אים. איצט האָט ווי איבעראַל געשפּילט די פּרינצעסין. בוני האָט איר באַאָבאַכטעט מיט פֿאַרווונדערונג און אָנערקענט, אַז איר דערפֿאָלג האָט זי צו פֿאַרדאַנקען נישט נאָר דעם געלט און איר ווייבלעכן רייץ.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטון ווי אַ טיגער אויף איר נייער ראָל; די גאַנצע איבעריקע וועלט האָט אויפֿגעהערט צו עקזיסטירן פֿאַר איר, אויף וויפֿיל זי האָט נאָר נישט געקענט דינען פֿאַר איר אַלס הינטערגרונט.

„פּאָטער, איצט ביסטו דער קעניג. דו קומסט דאָרט אַריין. אום גאָטעס ווילן לאַנגזאַמער, מלכים גייען נישט אַזוי שנעל! איך פֿאַל דיר צו די פֿיס און בעט דיך פֿאַר זיין לעבן. דערבאַרעם זיך, סיר, און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער...“

צו די אייגנשאַפֿטן פֿון פֿילם געהערט דאָס, וואָס עס איז אַלצאיינס, וואָס מען זאָל נישט רעדן. ווי האָט געשלוכצט:

„און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער...“

אָדער זי האָט גערופֿן מיט ליידנשאַפֿטלעכע ליבעטענער:

„און אַזוי, אַזוי, אַזוי,“ — אָדער צו בוניך, אָדער צו אַפּיך, און אין טויטשרעק פֿאַר דעם הענקער מיט דער האַק, האָט זי אויך געשריגן:

„און אַזוי, און אַזוי!“ — האָט דער פּאַרטנער נישט ריכטיק געשפּילט, אַזוי האָבן זידלערייען איבערגעריסן דאָס ליבעליד; — „האַלט פֿעסט, אידיאָט, איך בעט דיך, געליבטער.“ — אָדער: — „נעם אַוועק די האַנט, דו ברודיקע חיה; לאָז מיך נישט אָפּ, די שאָף. מערדער זענען נישט העפֿלעך.“

וואָלט בוני געהאַט פּראָבעס פֿון ליידנשאַפֿטלעכע געפֿילן, שרייען און די האָר רייסן, אַזוי וואָלט ער זיך צוריקגעצויגן אין די וועלדער, ווו נאָר די האָזן וואָלטן אים געקענט הערן.

ווי אָבער האָט די אַנוועזנהייט פֿון מענטשן נישט געשטערט.

דאָס ערשטע מאָל, ווען דער הענקער האָט די האַק אויפ־געהויבן, און ווי האָט אָנגעהויבן צו שרייען, זענען זיך אַלע אינדיאַנישע פירער צונויפגעלאָפן דערשראָקענע; אָבער ווי האָט אַפילו קיין שמייכל נישט געטאָן און ווייטער געשפּילט, אין דער צייט ווען די אינדיאַנער האָבן איר אָנגעקוקט מיט אָפענע מיילער.

זי האָט זיך אומגעקערט מיטביידע פּריינט פונם באָדן, און פּלוצים איז איר איינגעפאַלן אַז מען מוז פּרובירן דעם קעניגלעכן צוג, און זי האָט עס געמוזט דורכפירן אַ באָרוועסע און אינם באַד קאָסטיום.

הער אַפּעלטאָן לאָורענס האָט טאַקע קיינמאָל נישט געקענט קיין פּרינצעסינס, ער האָט אָבער פיל געשיכטעס און גע־דיכטן געלייענט און איז געווען דאַריבער אַן אויטאָריטעט.

ער האָט געמוזט וויס גאַנג, אירע מינעס און איר פאַר־האַלטן זיך לגבי שענעם, ייִנגן אַמעריקאַנישן אינזשעניער קרי־טיקירן.

„שטעלט אייך פאָר, אַז איר זענט אין מיר פאַרליבט, אַפי,״ — האָט זי געזאָגט, און איצט ווען ער האָט זיינע גע־פילן געקענט אַרויסזאָגן אונטער דער מאַסקע פון קונסט, האָט ער זיי געגעבן די פולקאָמע פרייהייט.

„איר שפּילט פיל בעסער פון בונין,״ — האָט ווי דער־קלערט, — „ער האָט זיך שוין אַזוי צוגעוווינט צו מיר, עס איז שוין כמעט אַזוי שלעכט, גלייך ווי מיר וואָלטן שוין חתונה געהאַט.״

אַזוי איז זיי פאַריבערגעגאַנגען זייער אנגענעם די צייט. זי האָט שוין שטילערהייט זיך אָנגעהויבן צו דערפילן אומגע־דולדיק; זי האָט שוין געוואָלט זען די דעקאָראַציעס פונם פילם און הערן טאָמי פאַלעי רופן:

„דרייען!״

בוני ווידער פון זיין זייט איז שוין געווען אָנגעשטאָפּט מיט ענטפערס אויף אַלערליי פאַרשידענע פראַגן.

דער פאָטער איז אַוועקגעפאָרן קיין טאָראָנטע אונטערצו־

שרייבן די לעצטע פּאַפּירן פון דער קאַנאַדישער געזעלשאַפט. ער האָט כמעט טעגלעך דערהאַלטן דעפּעשן פון ווערנען: די שטרייקנדע וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן כמעט פיר מאָנאַטן, זע־נען ענדלעך געוואָרן קלענער און די קאָנטראָל־קאָמיסיע האָט זיי געראַטן, אַז זיי זאָלן זיך צוריקשטעלן צו דער אַרבעט, צוזאָגנ־דיק זיי, אַז אויך די פאַריינסמיטגלידער וועלן צוריק צוגענומען ווערן.

אין אַ שענעם טאָג האָט דער דאַמפער געבראַכט אַ דעפּע־שע פון אַנאַבעלען צו בונין:

„דער קרבן פסח איז שוין אויף דעם טיש, קומט אַהיים".

— ער האָט דערקלערט וואָס דאָס הייסט: דער שטרייק איז פאַרענדיקט.

די לאַגעראייננוווינער האָבן איינגעפּאַקט זייערע זאַכן, אַפּעלטאָן לאָורענס האָט זיך אומגעקערט אין זיין שענעם האַר־וואַרד מיט אַ טיפן אומעט אין הארצן און אַ הויפן סאָנעטן אין קאַסטן. ווי טראַסי, בוני, דער פּאָטער און דער סעקרעטאַר האָבן זיך געמאַכט באַקוועם אין אַ קופּע פון דעם קאַנאַדישפּאַציפישן אייזנבאַן.

# קאַפּיטל זעכצן

# די יאַגדרויב.

## I

בוני האָט בייגעלעגט זיינע עקזאַמענס און איז איבערגעגאַנגען אין אַ העכערן סעמעסטער. דערנאָך האָט ער באַזוכט זיינע פריינט און אויף זיינע פּלייצעס איז באַלד אַרויפגעפאַלן אַ שווערע זאָרגלאַסט.

בוכשטעבלעך יעדן איינצעלנעם פון זיינע פריינט איז געגאַנגען שלעכט! יעקב און רחל מענציעס אַהיימקערנדיק זיך פונם רייסן אויבסט אַ גאַנצן זומער, האָבן געטראָפן די ביידע ברידער פונם „לינקן פּליגל״ אַרעסטירט.

די פּאָליציי האָט בשעת אַ קאָמוניסטישער פאַרזאַמלונג געמאַכט אַן אָבלאַווע און פאַרהאַלטן אַלע רעדנער, אָרגאַניזאַטאָרן, פאַרטיילער פון פלוגבלעטלעך און בכלל יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר געטראָגן אַ רויטן צייכן אין לאַץ. דערנאָך איז געקומען די ריי פון דער קאָמוניסטישער הויפּטקוואַרטיר: יעדער אַגענט פון מאָסקווע זאָל, ווי די צייטונגען האָבן איבערגעגעבן, פאַרטריבן ווערן פון דער שטאָט.

די אַרעסטירטע זענען געוואָרן „סאָרטירט״, אייניקע זענען באַפרייט געוואָרן מיט געלטשטראָפן, אַנדערע זענען איבערגעבליבן אין אַרעסט. צווישן די לעצטע האָבן זיך אויך געפונען די ביידע יינגערע מענציעס. די באַשילדיקונג האָט געלויטעט „אַ חשד אין סינדיקאַליזם״.

„די נאַרישע יינגלעך זענען אַליין אין דעם שולדיק", — האָט רחל געמיינט, — „אָבער עס איז דאָך אַ געמיינהייט מענטשן צו אַרעסטירן פאַר זייערע איבערציײַגונגען, אויסערדעם איז סתּם שרעקלעך צוזוזען, ווי דאָס אייגענע בלוט און פלייש ווערט געפייניקט אין די עקלהאַפטע קאַסטנס."

בוני ד'האָט זיך אינפאָרמירט וועגן דעם גרויס פון דער קויציע, זי האָט אויסגעטראָגן צווייטויזנט דאָלאַר פאַר יעדן איינציקן. .

בוני ד'האָט דערקלערט, אַז ער איז אָנמעכטיק לגבי די שוועריקייטן, וועלכע ער האָט מצד דעם פאָטער.

„איך פאַרשטיי", — האָט רחל געענטפערט. — „מיר קע-נען דאָך נישט דערוואַרטן פון אייך, אַז איר זאָלט ביילייגן די קויציעס פאַר דער גאַנצער ראַדיקאַלער באַוועגונג."

אָבער אירע ווערטער האָבן אים נישט אומגעקערט די רו פון זיין האַרץ.

הערי זיגפערס האַנדלסשול איז דורכן באַיקאָט אויף די-שילערס געוועזן פאָלקאָם רואינירט. ער האָט געוואָלט קויפן אַ פלאַנטאַציע פון נוס; עס איז שווערער נוס צו באַיקאָטירן און אונטערצושיידן ווייסע פון רויטע.

מיט ירווינגס אַרבעטערהויכשול איז אויך געגאַנגען שלעכט. די אַרעסטנאָרגיעס האָבן די אַלטע אַרבעטערפירער כמעט אַלע אָפּגעשראָקן. די הויכע האָט טאַקע נאָך אַלץ עקזיסטירט, אָבער זי איז געווען שטאַרק פאַרשולדיקט, און אירע פירערס האָבן שוין חדשים לאַנג קיין געהאַלט נישט באַקומען.

## II

בוני האָט באַלד אויסגעשטעלט אַ טשעק אויף צוויי הונ־דערט דאָלאַר, אָבער אויף דעם וועג אַהיים, האָט אים ווידער געפּייניקט די אייביקע פראַגע, אויף ווי ווייט גייען זיינע רעכט צו באַרויבן דעם פאָטער לטובת זיינע פיינט?

פון ירווינגן האָט ער זיך אויך דערוווּסט, אַז פּאַוול איז שוין ווידער פריי און אַז ער איז מיט רותן אין אַנגל־סיטי.

„די נאַפטאַרבעטער זענען זייער געמיין באַהאַנדלט גע־וואָרן,״ — האָט ירווינג דערקלערט. — „די אונטערנעמער האָבן ווידער זיך באַנוצט מיט דער קאָנטראָל־קאָמיסיע, כּדי די אַר־בעטער דורך שווינדל צו באַוועגן זיך אונטערצוגעבן. אפשר האָבן טאַקע די אונטערנעמער צוגעזאָגט דער קאָמיסיע, אַז זיי וועלן די פאַרייןסמיטגלידער נישט מאַכן קיין באַמערקונג, אָבער זיי קלערן אַפילו נישט פון דעם, זייער צוזאָג צו האַלטן. זיי האָבן אַלע שטרייקברעכער איבערגעלאָזט, און פון די שטרייקנ־דיקע צוגענומען נאָר אַזויפיל, וויפיל זיי האָבן באַדאַרפט. אַלע אַקטיווע פאַרייןסמיטגלידער ליגן אויף דער גאַס. די נאַפטאינ־דוסטרי איז געוואָרן אַ שקלאַפנשטאַל.

בוני האָט באַלד אויפגעזוכט פּאַוולן מיט רותן. זיי האָבן געוווינט אין אַ גרויער, אומעטיקער שטוב אין דעם מעקסיקאַ־ניש־כינעזישן טייל פון דער שטאָט. אַן אַלטע פרוי האָט בו־

נין געשיקט אויף דעם צווייטן שטאָק און אים אָנגעזאָגט אין וואָס פאַר אַ טיר ער זאָל קלאַפּן, דאָך האָט ער דאָרט קיין ענט־פער נישט באַקומען. ווען ער איז דאָס צווייטע מאָל געקומען, האָט ער געטראָפן רותן אינדערהיים. זיי ביידע האָבן געוווינט אין אַ קליין אַלקערל, וועלכעס איז דורך אַ פאָרהאַנג געווען צעטיילט אויף צווייען.

רות האָט זיך פאַרשעמט פאַר איר קליין און אָרעם וווי־נונג און דערקלערט, אַז ווי נאָר פּאַוול וועט קריגן אַרבעט, אַזוי וועלן זיי זיך פונדאַנען איבערציען; זי אַרבעט אין אַ געשעפט. אַז זיי וועט גיין בעסער, וועט זי זיך אפשר נעמען לערנען אויף אַ באַרמהאַרציקע שוועסטער.

רות האָט אויסגעזעצן בלאַס און מיד, דאָך האָט זי מונ־טער געשמייכלט; איצט, ווען פּאַוול איז אינדערהיים, אַרט איר שוין גאָרנישט.

בוני האָט זיך אַלץ געוואָלט דערוויסן און איר פאַרשיט מיט פראַגן:

„פאַרוואָס איז פּאַוול געוואָרן אַרעסטירט?"

„דאָס ערשטע מאָל," — האָט רות איבערגעגעבן, — „איז געקומען צו זיי דער שעריף מיט אַ סך ווילדע לייט און אַלץ איבערגעקערט, זיי האָבן צעוואָרפן אַלע ביכער פּאַוולס און זיי מיטגענומען מיט זיך, ווו זיי געפונען זיך נאָך היינט, דאָס זעלבע האָבן זיי געטון אויך ביי די איבעריקע פריינט, כּדי צו געפונען ביי זיי באַווייזן. וואָס פאַר אַ באַווייזן זיי האָבן געפונען, איז נאָך דערווייל אַ סוד, וואָס נישט דער שעריף נישט דער פּראָקוראָר זאָגן אים אויס. צווישן די אַרבעטער האָבן זיך אויך געפונען אַ סך שפּיאָנען, פון איינעם ווייסן מיר שוין באַ־שטימט, צוויי אַנדערע זענען נישט געבליבן, זיי וועלן זיכער דערשיינען אַלס עדות און ווער ווייסט, וואָס זיי וועלן אויס־זאָגן! די אַנדערע זיצן נאָך אַלץ אין תּפיסה. דער פּראָצעס זאָל פאָרקומען אין פעברואַר; ביז דעמאָלט מוזן די בחורים בלייבן אין געפענגעניש. פּאַוול איז דורך יאַייערע" צענטויזנט דאָלאַר

באַפרייט געוואָרן, איך ווייס גאָרנישט ווי איך זאָל אייך דאַנקען דערפאַר...״

„רעדט נישט דערפון. דערציילט מיר בעסער פון דער צווייטן אַרעסט.״

„דער ריכטער דעלאַנאָ האָט אַרויסגעלאָזט אַ פאַראָרדנונג, וועלכע האָט פאַרבאָטן יעדע אַריינמישונג אין דעם געשעפטגאַנג פון דער עקסעלזיאָר פעטאַזש. דאָס האָט, פאַרשטעענדלעך, באַטייט, אַז מען טאָר נישט פּראָפּאַגירן קיין שטרייק. פּאָול אָבער האָט עס יאָ פּראָפּאַגירט און איז דערדורך אין געפענגעניש אַריינגעפאַלן. דאָס איז עס איינגאַנצן. די ריכטער האָבן אַרויסגעגעבן אַזעלכע פאַראָרדנונגען איינע נאָך דער אַנדערער; וואָס האָבן געקענט טון די פאַרייניגספירער? עס איז געווען זייער שווער פאַר פּאָולן, ער איז נישט געזונט און אויסערגעוויינלעך פאַרביטערט. ער וויל שוין מער קיינמאָל נישט קומען צוריק קיין פּאַראַדיז. עס איז שוין טאַקע נישט מער דאָס זעלבע אָרט.״ — רות האָט אומעטיק אַ שמייכל געטון, — „זיי האָבן אַלע שענע בוימער, וועלכע מיר, בוני, האָבן געפלאַנצט, אויסגעהאַקט, מען האָט באַדאַרפט פּלאַץ פאַר די טאַנקס.״

בוני האָט אַרויסגענומען זיין טשעקביכל, ער האָט געוואָלט מיט אַ געשאַנק פאַר זיינע פריינט זיין געוויסן באַרויקן, אָבער רות האָט דערקלערט, אַז פּאָול וועט עס נישט אָננעמען.

זיי וועלן זיך שוין, ווי עס זאָל נישט זיין, אַדורכשלאָגן, פּאָול איז אַ גוטער סטאָליאַר, ער וועט פריער, אָדער שפּעטער, געפונען אַן אַרבעטסגעבער וועמען עס וועט זיין אַלצאיינס, צי פּאָול איז געזעסן, צי ניין.

בוני האָט נישט געוואַרט אויף פּאָולס אַהיימקומען, און האָט זיך אַנטשולדיקט מיט אַ געוויסן אויסרייד. ער האָט נישט געהאַט דעם מוט אין זיינע עלעגאַנטע, דורך ווי אין ניי־יאָרק אויסגעקליבענע קליידער צו בלייבן דאָ זיצן, מיט דעם נייעם אויטאָ פאַר דער טיר, און צו זען פּאָולן אַהיימקומען אַ קראַנקן און פאַרצווייפלטן פון דעם אומזיסטיקן אַרומזוכן אַרבעט.

# III

בוני האָט אויפגעזוכט דעם יינגן אַדוואָקאַט, וועמען די גאַפּטאַרבעטער האָבן איבערגעגעבן די פאַרטיידיקונג פון די אכט „פּאָליטישע געפאַנגענע״.

היות ווי די פאַריינען זענען דערווייל געווען אינגאַנצן דערשלאָגן, האָט דער אַדוואָקאַט זיך געפרעגט, ווער עס וועט אים באַצאָלן דעם האָנאָראַר.

בוניס באַזוך איז געווען פאַר אים אַ גרויסע דערלייכטערונג; באַשטימט וועט דער יינגער נאַפּטפּרינץ זיך לאָזן עפּעס קאָסטן פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זיינע פריינט.

הער הערינגטאָן האָט גערעדט גאַנץ אָפן וועגן דעם דאָזיקן ענין. וואָס דער שטאַט האָט די דאָזיקע אַכט מענטשן געטון, איז נאָך קיינמאָל נישט פאָרגעקומען; וועט מען גאָרנישט טון דאַקעגן, אַזוי הייסט עס דער סוף פון דער אַמעריקאַנישער יוסטיץ. לויטן געזעץ דאַרף יעדער אַרעסטירטער וויסן אין וואָס ער ווערט באַשולדיקט.

אָבער ביי די אַלע „סינדיקאַליסטנפּראָצעסן״ דערקלערט די מלוכה נאָר אין אַלגעמיין, אַז דער אָנגעקלאָגטער דהאָט עובר געווען אויף דעם געזעץ, און דערמיט איז די זאַך דערליידיקט. ווי קען מען אונטער אַזעלכע אומשטענדן אַ פאַרטיידיקונג בויען? וואָס פאַר אַ באַווייזן קען מען ברענגען, ווען מען ווייסט אַפילו

נישט וואָס דער באַשולדיקטער האָט געטון, געזאָגט צו געשריבן?
מען שטייט פאַרן געריכט אַ געבונדענער און בלינדער. די גע-
ריכטן אָבער ווערן אויף אַזאַ אופן דורך דער אונטערנעמער באַנ-
דע טעראָריזירט, אַז קיין שום ריכטער האָט נישט דעם מוט ביי
דעם פּראָקוראָר אַן אויספירלעכע באַשולדיקונג צו פאָדערן.

בוני ד׳האָט פאַרלאָזט דעם אַדוואָקאַט און זייענדיק פאַר-
צווייפלט, האָט ער אָפּגעטון ווערנען אַ געמיין שפּיצל: ער איז
אַוועק צו אַנאַבעלע עמס, אַנאַבעלע איז צאַרט און גוט, ער
וועט איר מיט זיין שילדערונג דאָס האַרץ צעברעכן, און אפשר
אויף אַזאַ אופן דורכדרינגען די פעל פון דעם דיקהויטיקן נאַפט-
מאַגנאַט.

אַנאַבעלע האָט זיך צוגעהערט צו בוניס ווערטער מיט
טרערן אין די אויגן און מסכּים געווען אַז עס איז שרעקלעך,
וואָס די מענטשן זענען אַזעלכע אכזריותדיקע, אָבער וואָס קען
זי טון?

בוני האָט דערקלערט, דער שטרייק איז שוין פאַרענדיקט,
עס רעגנט איצט מיט געלד אויף ווערנען מיטן פאָטער, ווערנע
וואָלט זיך געמעגט דערמיט באַגנוגענען, דער פּראָקוראָר האָט
דאָס רעכט דעם פּראָצעס צו אַנולירן, און ער וועט עס באַשטימט
טון, ווען ווערנע וועט אים נאָר איין וואָרט זאָגן.

אין אַ פּאָר טעג איז דער פאָטער ראָס אַהיימגעקומען אַ
צערודערטער.

„ווערנע איז ווילד ווי אַ טייוול, ער זאָגט, אַז דו האָסט
זיך אַריינגעגנבעט צו אים אַהיים און זיין שלום-בית צעשטערט.
ער האָט מיר געשוואוירן, אַז ווען איך וועל זיך מיט דיר נישט
אָפּפאַרטיקן, אַזוי וועט ער זיך נעמען צו דיר.״

„ווי אַזוי דען?״—האָט בוני געפרעגט.

„ער וועט מיך שלאָגן, אָדער ווי די אַנדערע זיך הייסן
אַרעסטירן?״

בוני האָט זיך איינגעעקשנט, אַז ער האָט געהאַט דאָס
רעכט צו רעדן מיט אַנאַבעלען וועגן דעם דאָזיקן ענין, זי איז
אַ דערוואַקסענע פרוי, ווערנע קען ,איר נישט אין אַזעלכע

זאָכן שטערן. און ער וועט נאָך אַ סך זאָגן, איידער עס וועט בעמען דערצו אַ סוף.

„עס טוט מיר זייער לייד, צו פאַרשאַפן דיר שמערצן, אָבער ווען עס וועט קומען צום פּראָצעס, אַזוי וועל איך מיר מעלדן אַלס אַן עדות מצד דער באַפרייאונג, אַלס אַ מענטש, וואָס ווייסט אַלע פאַקטן, וואָס איז גאַנצע אָוונטן אָפּגעזעסן מיט די אָנגעקלאָגטע און דעם פּראָבלעם פון שטרייק אַרומגערעדט. איך וועל זאָגן עדות, אַז יעדער פון די אַכט האָט נאָר געשטרעבט צו דער סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער, גוואַלדטאַט, דאַקעגן, האָבן זיי באַהויפּטעט, הייסט זיך אַליין אַרייַנוואַרפן אין דער נעץ פון די אונטערנעמערס. וועל איך נישט קענען אַנדערש באַקומען דאָס געלט פאַר דער פאַרטיידיקונג, אַזוי וועל איך פאַרקויפן דעם אויטאָ, וואָס דו האָסט מיר געשענקט. סוף-כל-סוף קען דאָך מיר ווערגע נישט פאַרבאָטן צופּיס אין אוניווערסיטעט אַרייַנגיין.“

דער אָרעמער פאָטער האָט מודע געווען, אַז ער ד'האָט שוין מיט ווערנען אַרומגערעדט די מעגלעכקייט פון אַ קאָמפּראָמיס מיט די בונטאָווטשיקעס.

„צי גלויבסטו, אַז זיי וועלן מסכים זיין דעם שטאַט צו פאַרלאָזן, אָדער ווייניקסטנס, מער אין די ענינים פון דער נאַפטאינדוסטרי זיך נישט צו מישן?“

„איך ווייס באַשטימט, וואָס פּאָול וועט ענטפערן: ער האָט דאָס רעכט די נאַפטאַרבעטער צו אָרגאַניזירן, און וועט עס טון אַזוי לאַנג, ווי ער לעבט, און די אַכט אַנדערע וועלן איינשטימיק מסכים זיין בעסער אין תּפיסה פאַרפוילט צו ווערן איידער אויף אַזאַ האַנדל איינצוגיין.“

נאָכדעם ווי דער ייִנגער אידעאַליסט, וועלכער האָט זיך לאַנגזאַם און שמעדצלעך אין אַ וועלטמאַן פאַרוואַנדלט, האָט דאָס פּול מיט ווירדע אַרויסגעזאָגט, האָט ער דערקלערט, אַז קיינער פון די אַכט וועט שוין במילא נישט ד'האָבן די געלעגנהייט ווערגען צו שטערן. זיין שוואַרצע ליסטע זאָרגט שוין דערפאַר אַז קיין איינער פון די בחורים זאָל שוין אויף די נאַפטפעל-

דער קיין אַרבעט נישט קריגן.

פון דער אַנדערער זייט דאַרף ווערנע נישט פאַרגעסן, אַז אויב מען וועט די אַכט צום געריכט שלעפּן, אַזוי וועט עס קומען צו אַ לאַנגן פּראָצעס, וועלכער וועט די עפנטלעכקייט פּאַראינפאָרמירן אויף אַזאַ אופן, וואָס וועט די נאָפּטאונטער־נעמערס נישט זייער אַנגענעם זיין. ווייל בוני וועט אַלץ טון כדי אופצודעקן די ליגנס פון די עדות.

„וואָס וועט זיין, ווען דעם פּאַרטיידיקער וועט איינפאַלן אַרויסצורופן ווערנע ראָסקאָע אַלס עדות, אַז ער האַלט צווישן די אַרבעטערס פּראָוואָקאַטערס?"

„אָבער, מיין זון!"—האָט דער פּאָטער אויסגערופן,—„דו ווערסט דאָך נישט האַנדלען אַזוי געמיין?"

„פאַרשטענדלעך, אַז נישט. איך זאָג נאָר דער פּאַרטיידי־קער קען עס טון. וואָלסטו עס דען נישט געטון אויף זיין אָרט?"

דער פּאָטער האָט דערקלערט שטאַרק באַאומרויִקט, אַז ער וועט שוין זען, וואָס עס וועט זיך מיט ווערנען נאָר לאָזן טון.

# IV

אַלס אַ קאָנסעקווענץ פון דעם דאָזיקן שמועס איז געווען אַן אַפּעלאַציע פונם פאָטער צו ווי טראַסין, פאַרוואָס זי זעט עפּעס נישט אויפטון מער כדי בונין פון די דאָזיקע שרעקלעכע רויטע אָפּצורייסן? ער דענקט גאָרנישט פון עפּעס אַנדערשוויַ האָט פאַרשפּראָכן זיך צו געבן אַלע מי, און דאָס האָט באַטייט אַ נייע פּראָבע פון ליבע און צערטלעכקייטן, ווייל בוני האָט איצט אָנגעהויבן צו וויסן, וואָס ער וויל און איז נישט געווען גענויגט זיך צו לאָזן אָפּהאַלטן דערפון.

ווי האָט געאַרבעט מיט דער גאַנצער ענערגיע אויף דער „פּרינצעסין פון פּאַטשולי".

זי האָט מודה געווען, אַז עס איז אַ נאַרישער פילם, דאַריבער איז איר טאַקע געגאַנגען אין גאַנצן לעבן אים לעבעדיק צו מאַכן. האָט מען איר געפרעגט: פאַרוואָס, אַזוי איז געווען איר ענטפער: ווייל דאָס איז מיין באַרוף, דאָס האָט געהייסן, מיט אַנדערע ווערטער, ווייל זי האָט באַקומען פירטויזנט דאָלאַר אַ וואָך און האָט געהאַט די האָפענונג אויף פינף טויזנט, אויב איר וועט געלונגען פון דעם פילם עפּעס צו מאַכן. צו וואָס אָבער האָט זי באַדאַרפט פינפטויזנט דאָלאַר אַ וואָך? צי האָט זי געוואָלט דערפאַר נאָך מער דערפאָלג און פאַרווּנדערונג קויפן, כדי נאָך מער טויזנטער אַ וואָך צו באַקומען? אַ שרויף

אָן אַן ענדע, פּונקט ווי דעם פּאָטערס נאַפּטקוואַלן. די י. וו. וּוס. האָבן אין זייערע לאַגערס געזונגען אַ ליד, וואָס האָט מער ווייניקער, אַזוי געקלונגען:

„מיר אַרבעטן,
כּדי דאָס געלט צו קריגן,
כּדי זיך עסן קויפן,
כּדי כּוח צו האָבן,
כּדי צו אַרבעטן,
כּדי דאָס געלט צו קריגן,
כּדי זיך עסן קויפן,
כּדי כּוח צו האָבן,
כּדי צו אַרבעטן...“

און אַזוי ווייטער, ביז דער אָטעם לאָזט זיך אויס.

ווי האָט געוואָלט רעדן וועגן דעם פילם, וועגן די „אַטעל־יע־פּראָבלעמען,“ וועגן די פאַרשידענע פּערזאָנען, וועגן זייערע איינפּערזוכטן און שטותים, ליבעס און פיינטשאַפטן. בוני האָט זיך געמאַכט, אַז ער אינטערעסירט זיך מיט דעם אַלעמען, כּדי ווי נישט צו קרענקען.

בוני מיט ווי האָבן זיך ליב געהאַט פּונקט אַזוי ליידנ־שאַפטלעך, ווי פריער. ווייניקסטנס האָבן זיי זיך אַזוי געזאָגט איינער דעם אַנדערן, אָבער די סודותפולע כעמיע פונם שטענ־דיקן ענדערונגס פּראָצעס איז שוין געווען ביי דער אַרבעט.

ווי איז געווען פּאָרזיכטיק אין בונין קיין אייפּערזיכט אין באַצוג צו אַפּעלטאָנען נישט צו וועקן, איצט האָט בוני געמאַכט די ביטערע אַנטדעקונג, אַז אויך ער מוז זיין פּאָרזיכטיק.

ווי האָט געהאַט צוויי פריינדינס, מיט וועלכע בוני האָט אומבאַדינגט געוואָלט אויפהאַלטן אַן אינטימע באַקאַנטשאַפט. אַז ער באַגעגנט דאָס סאָציאַליסטישע מיידל אויף דעם אוניווערסי־טעט, איז נאָך געווען פאַרשטענדלעך, אָבער צי איז נויטיק, אַז ער זאָל גיין מיט רחלען אויף סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונ־גען? ווי איז געווען איבערצייגט, אַז בוני איז נישט פאַרליבט אין אַ וווּלגאַרע, קליינע, יידישע אַרבעטאָרין, אָבער זי איז

נישט געווען זיכער, וואָס ער וואָלט געטון, ווען אַ סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונג פאַלט גראָד אויס אין אַ פרעמיערע אָוונט.

און דערנאָך רות וואַטקינס ! גאָטירלעך קען בוני נישט ליב האָבן אַן אומוויסנדיק, אומגעבילדעס דאָרפסמיידל, אָבער ווי האָט גוט געקענט די מענער און געוווּסט, אַז אַ פרוי קען איר ווילן דורכפירן, ווען זי באַזיצט נאָר גענוג ענערגיע.

בוני האָט אַלץ אויפגעזוכט דאָס אָפּגעריבענע צימערל פון די ברודער און שוועסטער, ווו ער האָט מיט פאַוולן אַרומגערעדט פאַרשידענע פּלענער, וועלכע האָבן דעם פאָטער זאָרגן פאַרשאַפט און צו נישט קיין אַנגענעמלעכקייטן מיט ווערנען און אַנאַבעלען פירן געמוזט.

ווי אָבער האָט שוין צוליב איר קאַריערע אַליין זיך נישט געטאָרט מיט די ביידע צעקריגן, זי האָט אים צוערשט געמאַכט טאַקטפול אויף דעם אויפמערקזאַם. ווען ער אָבער האָט אויף אירע ווערטער קיין אַכט נישט געלייגט, אַזוי האָט זי זיך אַלץ אָפטער צו דער טעמע צוריקגעקערט.

בוני האָט זיך דערמאָנט אין וויס שפּאַס צו אַפּעלטאָגען :

„עס איז שוין אַזוי שלעכט, גלייך ווי מיר זאָלן האָבן התונה געהאַט.“

# V

דער פּאָטער מיט ווערנען האָבן געהאַט אַ סך אונטערצו־
האַנדלען מיט פּעטער אָרעי; דער ענין מיט די נייע אַרענדעס
האָט שוין באַדאַרפט ענטגילטיק דערלעדיקט ווערן.

הער ראָס איז געוואָרן איינגעלאַדן צו פאַרברענגען איין
סוף וואָך אין דער ווילע פון דעם באַרימטן מאַן. אויך בוני
איז געוואָרן איינגעלאַדן און דער פּאָטער האָט געמיינט, אַז ער
מוז מיט אים מיטפאָרן, הער ראָס האָט אַלץ געהאַלטן בסוד, אַז
עטוואָס אין דער דאָזיקער „גרויסער וועלט“, וועלכע האָט אויף
אים נאָך אַלץ געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק, וועט נאָך אויך
זיין זון אימפּאָנירן.

„אויסערדעם“,—האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל,—„זע־
נען פאַראַן אין דער פאַמיליע אָרעי טעכטער אין חתונה־עלטער.

בוני האָט זיך אויף דעם אוניווערסיטעט באַקענט מיט דעם
„יינגן פּעטער“ ביי די ספּאָרט־פאַרווײַלונגען, און איז געוואָרן
באַערט דורך זיין אויפמערקזאַמקייט; איז דאָך בוני געווען
„אַ זון פון אַ נאַפטמאַגנאַט“, און אין איין שיינעם טאָג וועלן זיי
ביידע, ער מיטן יינגן פּעטר, ווי היינט די ביידע אַלטע, די
רעגירונג פון די פאַרייניקטע שטאַטן באַהערשן.

דער ייגער פּעטר איז געווען אַ פאַרבלאָזער געשעפטס־
מאַן, דער נאַציאָנאַלער טיפּ; זיין פּאָטער דאַקעגן האָט שוין

געהאַט אין זיך מער עכטקייט: אַן אַלטער אירלענדער, וועלכער האָט אין זיין צייט מיט אַ שווערבאַלאַדן מויליייזל דורך דער מדבר געוואַנדערט.

דאָס איז אַזוי געגאַנגען ביז דער אַלטער פעטר איז שוין כמעט פערציק יאָר אַלט געוואָרן. ער האָט איבערגעגעבן ווי אַזוי ער איז קיין אַנגל-סיטי געקומען כדי אָפצודרוקן אַ פּראָספּעקט פון זיין נאַפטאַנטדעקונג.

דעמאָלט האָט אים די דרוקעריי קיין דרייצן דאָלאַר נישט געוואָלט אויסבאָרגן! אויך היינט וואָלט קיינער אין אים דעם מיליאָנער נישט דערקענט. ער איז געווען פשוט ביי זיך ווי אַן אַלטער שטיוול, אַ ליבנסווירדיקער אַלטער מענטש, וועלכער וואָלט זיך אין די היצן געדרן אַנידערגעזעצט אויף דער גאַס מיט די ווייסע אַרבל, וואָס מען האָט אים אָבער נישט דערלויבט.

דער אמתער קאָפּ פון דער פאַמיליע איז געווען די פרוי פעטר, וועלכע האָט אַלס טאָכטער פון אַן עלטערן אַרבעטער, זיך אַרויפגעאַרבעט צו דער העכסטער שטעלונג אין דער קאַליפאָרנישער געזעלשאַפט. אַ גרויסע אַנטשלאָסענע פרוי, ווען זי האָט באַזוכט אַ געשעפט, אַזוי האָט זי זיך באַלד געווענדט צום לייטער פון דער אָפּטיילונג און דערקלערט:

„איך בין פרוי פעטר אָרעי און וויל באַלד דערליידיקט ווערן,“ — דעמאָלט האָט דער לייטער זיך פאַרנייגט ביז צו דער ערד, אַוועקגענומען דריי אָנגעשטעלטע פון דער אַרבעט און זיי געשטעלט דער גרויסער דאַמע צו דינסט.

פרוי פעטר האָט אויסגעוויילט די אַרכיטעקטן און געלאָזט אויפבויען דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ מיט דעם בראַנזענעם פּלויט.

זי איז געווען די, וועלכע האָט דעם נאָמען פון דעם באַזיצער און טויער אויסגעגראַווירט. זי האָט אָפּגעקויפט די שיף פון אַן איירָאָפּעישן עקסמאָנאַרך, געהייסן זי צענעמען און צוריק אויפשטעלן לויט דעם געשמאַק פון אַן אירלענדיש-אַמעריקאַנישן נאַפטאונטערנעמער: מיט טשערקעסיש נוסהאָלץ און בלאָען זייד; אויך דאָ איז געווען אָנגעגעבן דער נאָמען פונם

באַזיצער אויף אַ גרויסער שילד.

איצט האָט פרוי פעטר געקענט אירע „עלעגאַנטע געזעלשאַפטלעכע מאַניערן” אויף הער ראָס און בוני אויספּרובירן; זיי בכבודיק די האַנט געבן און שמועסן וועגן דעם קאַלטן וועטער און דעם פּריצייטיקן שנייאויספאַל אין די בערג.

די פריילן פאַטריציאַ האָט זיך דערוויילַ געאיבט אין דער חכמה, וואָס זי האָט פון איר דירעקטאָר געלערנט און בוני האָט דערביי דערפילט דעם ווונטש

„דרייען!” — אויסצורופן.

פריילן פאַטריציאַ אָרעי איז געווען, ווי די מוטער, הויכגעוואַקסן מיט אַ לייכטער בייגונג דיק צו ווערן.

דעריבער האָט זי איינגענומען מיטלען קעגן פעט ווערן, וועלכע האָבן איר פאַרשאַדט צום האַרץ און איר צוגעגעבן אַ בלאַס-אַריסטאָקראַטיש אויסזען. זי האָט זאָרגפעלטיק אויסגעשטודירט אַלע אירע מינעס און אַלע אירע ווערטער, אַזוי, אַז זי איז געווען פונקט אַזוי אינטערעסאַנט, ווי אַ פראַנצויזישע ליאַלקע.

די מוטער האָט מיט אַ שטראַלנדיקן שמייכל באַקענט בונין מיט דער טאָכטער; — זי האָט געקלערט וועגן אַן עווענטועלער פאַרבינדונג פון די ביידע גרויסע דינאַסטיעס.

עס זענען אויך געווען איינגעלאַדן אַנדערע געסט, צווישן זיי ד״ר אַלאָנצא ט. קאָפער; מען האָט זיך גאָר קיין ליבעסווירדיקערן מענטשן נישט געקענט פאָרשטעלן. ער איז געווען אַנטציקט, וואָס בוני האָט אַזוי גוט בייגעלייגט זיינע עקזאַמענס, אַנטציקט, ווייל ער האָט הער ראָסן אַ געפעליקייט געטון, אַנטציקט, ווייל דער פאָטער האָט זיך איבער די פאָרשריטן פונם זון געפרייט.

אונטער פ״ר אויגן האָט ער געמאַכט אַ פאָר ליצנותדיקע באַמערקונגען איבער בוניס רויטע סימפּאַטיעס און איז געווען שטאַרק אויפגערעגט ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז דער ייִנגערמאַן האָט זיך פון זיי נאָך אַלץ נישט אויסגעהיילט. ער האָט

געפֿרעגט בונין, צי איז דאָס אמת, אַז די רויטע אין אַנגל-סיטי האָבן צו פֿאַרצייכנען אַזאַ גרויסן דערפֿאָלג?" די דאָזיקע שרעקלעכע לערעס האָבן אים אינטערעסירט ווי אַ ייִנגל נישט קיין אנשטענדיק בוך.

בונין האָט דעם שמועס צווישן דעם פֿאָטער און דעם אַלטן פֿעטער נישט בייגעוווינט, נאָר פֿאָרנדיק אַהיים האָט אים דער פֿאָטער דערציילט. עס קומט זיי אָן גיהינומדיק שווער; עס איז גאָר נישט אַזוי פּשוט אָפּצוקויפֿן אַ רעגירונג, ווי זיי האָבן זיך עס פֿריער פֿאָרגעשטעלט. יעדער וויל עטוואָס, אָנהייבנדיק פֿון גאַנץ הויך ביז אין לעצטן שיקייִנגל, וועלכער ברענגט אַ בריוו און וויל צען דאָלאַר. „מיר שטעקן שוין אָבער זייער טיף אין דעם ענין," האָט דער פֿאָטער דערקלערט, „מיר פֿערזענלעך קאָסט עס שוין אָפּ אַ זעקסהונדערטטויזנט דאָלאַר באַר געלט, דאָס איז שמערצלעך. איצט מוזן מיר עס שוין דערפֿירן צו אַן ענדע. ווי נאָר מיר וועלן באַקומען די אַרענדעס, אַזוי איז ווידער אַלץ אין אָרדנונג.

עס זענען צוויי באַזונדערע שוועריקייטן: די פֿלאָט-רעזערוו-גרונטשטיקער זענען געשטאַנען אונטער דער קאָנטראָל פֿון דעם פֿלאָט-דעפּאַרטאַמענט, און עס איז געווען נויטווענדיק, אַז זיי זאָלן זיין אונטער דער קאָנטראָל פֿון דעם מלוכהסעקרעטאַר קריסבי. דאָ אָבער איז אַרויפֿגעשווומען אַ נייע פֿראַגע: צי קען דאָס געטון ווערן דורך אַן איינפֿאַכע אַדמיניסטראַציע-פֿאַראָרדנונג, אָדער צי באַדאַרף מען אויף דעם האָבן דעם באַשלוס פֿונם קאָנגרעס? די באַאַמטע האָבן די זאַך אָפּגעשטופּט אין דער לאַנגער באַנק אַריין, — דאָס איז, נאַטירלעך, געווען נישט מער ווי אַזאַ אויסרייד, די אָדער יענע ד״האָבן געוואָלט נאָך געלט. דער אַלטער פֿעטער האָט אַוועקגעשיקט זיין זון קיין וואַשינגטאָן איבערצורעדן.

די צווייטע שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אַ קליינער נאָפֿטגעזעלשאַפֿט איז געלונגען דאָס סוניסוד-פֿעלד צו דערווערבן, יענץ פֿעלד, וואָס ווערנע מיטן פֿאָטער האָבן

געזאָלט באַקומען, און די געזעלשאַפט בויערט דאָרט אין חסכם מיט אַלטע אָרענדע רעכט. זי מוז פון דאָרט אַרויסגעוואָרפן ווערן און דאָס אַזוי עס זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן; אַלזאָ, מען מוז זיך ווי נישט איז מיט דער פרעסע פאַר־שטענדיקן.

ווערנע האָט פאַרלאַנגט, אַז הער ראָס זאָל אַהינפאָרן און דעם באָדן זאָנדירן; אפשר וועט בוני אויך קענען מיטפאָרן. סוניסוד איז דאָס וווּנדערגאַפטפעלד פון דער גאַנצער וועלט; פאַראַדיז איז אַ גאָרנישט קעגן דעם.

„ווען מיר וועלן דאָס שוין האָבן אויף זיכער,״—האָט דער פאָטער צוגעזאָגט,—„אַזוי וועל איך מיר שוין פאַרגינען אָפּצו־רוען זיך אויף אַ לענגערע צייט.״

# VI

בונין האָט מען גערופן דורכן טעלעפאָן, מען האָט גערעדט צו אים פון אַ שטאָט, וועלכע איז געווען אויף אַ הונדערט מייל ווייט פונדאַנען. אַ קראַנקנשוועסטער איז געווען ביי דעם אַפּאַראַט און איבערגעגעבן בונין בערטיס ביטע ער זאָל צו איר קומען. זי איז נישט געפערלעך קראַנק, אַזוי אַז עס האָט קיין זין נישט די פאַמיליע צו באַאומרואיקן; ער זאָל גאָר נישט זאָגן.

בוני איז פאַרשטענדלעך באַלד אריינגעשפרונגען אין אויטאָ און אַוועקגעפאָרן אַהין. די שוועסטער איז געווען ביי די נאָרמאַנס אין באַזוך, ווייט פון דעם קליניק, וווּ זי איז איצט געלעגן.

ווען בוני איז אַהין אָנגעקומען, האָט מען אים מיטגעטיילט, אַז בערטי האָט זיך געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף דער בלינדער קישקע, און אַז זי פילט זיך גוט. מען האָט אים אריינגעפירט אין איר צימער, בונין איז זי אפילו פאָרגעקומען רעמד, ווייל ער האָט זי קיינמאָל נאָך נישט געזען אָן שמינקע.

דאָ איז אַלץ געווען ווייס. בערטי, וועלכע האָט געטראָגן ווייס העמד איז געלעגן ווי אַ נאָנע אויף אַ ווייסן קישן, יר פרייד, ווען זי האָט אים דערזען האָט אים גערירט.

„האַלאָ, בערטי, ווי אַזוי איז דאָס געשען?

„גאַנץ פּלוציבם. איך האָב מיר געפּילט זייער שלעכט, אָבער איצט איז שוין אַלץ ווידער אין אָרדנונג. אַלע זענען געווען זייער גוט צו מיר.‟

בערטי האָט געוואַרט ביז די קראַנקנשוועסטער האָט דאָס צימער פאַרלאָזן און די טיר הינטער זיך פאַרשלאָסן, דאַן האָט זי צוגעשמידט אירע מידע אויגן אויף דעם ברודער:

„מיר רופן עס אָן אָנצינדונג פון דער בלינדער קישקע, ווייל אַזוי רופט מען עס געוויינלעך אָן, און דאָס וועל איך אויך זאָגן דעם פאָטער און דער מומען עמאַ, אָבער דו, בוני, מעגסט וויסן דעם אמת, איך בין געווען שוואַנגער.‟

„גוטער גאָט!‟

בוני האָט איר שטאַר אָנגעקוקט.

„זיי נישט אַזוי, בוני, ביסט דאָך נישט קיין האָז.‟

„ווער איז דער מענטש?‟

„ווער נאָר נישט מעלאדראַמאַטיש, דאָס קען פּאַסירן מיט יעדן.‟

„יאָ, אָבער ווער איז ער, בערטי?‟

„דו מוזט וויסן איינס: עס איז נישט געווען זיין שולד: איך האָב עס געוואָלט.‟

בוני האָט עס נישט פאַרשטאַנען.

„דו קענסט מיר ווירקלעך אַלץ זאָגן, בערטי.‟

„אויב דו וועסט זיך פאַרנונפטיק באַנעמען, איך בין מיר באַלעבאָס איבער זיך און האָב געוווסט וואָס איך טו. איצט וועל איך מיט אים אפילו פאַר אַ מיליאָן דאָלאַר נישט חתונה האָבן, נישט פאַר אַלע זיינע מיליאָנען. ער איז אַ געמיינער הונט און איך פאַראַכט אים.‟

„דו מיינסט טשאַרלי באַרמאַן?‟

זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ; נאָר ווען זי האָט געזען, אַז בוני ביילט זיינע הענט און פויסטן, האָט זי געזאָגט:

„שפּיל נישט קיין העלד, דו קענסט אים נישט יאָגן מיט

אַ רעוואָלווער פאַר דעם אַלטאַר, ווען די כלה זאָגט זיך אָפּ פון מיטצוגיין."

„דערציייל מיר אַלץ בערטי."

„מיר זענען געווען אַ צייטלאַנג פאַרליבט איינער אינעם צווייטן ביז שגעון, און איך האָב געגלויבט, אַז ער וועט מיט מיר חתונה האָבן. דאַן אָבער האָב איך באַמערקט, אַז ער וויל זיך איינצייטיק נישט אָפּזאָגן אויך פון אַנדערע פרויען. איך האָב מיר דאַן די זאַך איבערגעלייגט, און געגלויבט, אַז ער וועט מיט מיר מוזן חתונה האָבן, אויב איך וועל אַ קינד פון אים האָבן, און געטון דאַריבער אַלץ, כדי דאָס צו דערגרייכן"

„גוטער גאָט, בערטי!"

„דו דאַרפסט נישט מאַכן אַזאַ מינע, טויזנטער פרויען טוען דאָס, עס איז אַן אַלגעמיין באַליבט שפּיצל, אָבער טשאַרלי איז אַ געמיינער הונט. ווען איך האָב עס אים געזאָגט האָט ער זיך באַנומען אַזוי עקלהאַפט, אַז איך האָב אים צום טייוול פאַרטריבן. איך האָב גערופן אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט מיר אַלץ פאַרריכט, דער פאָטער וועט מוזן באַצאָלן טויזנט דאָלאַר, דאָס איז דער גאַנצער שאָדן."

„בערטי,"—האָט בוני געפּליסטערט,—„פאַרוואָס זאָלסטו טון אַזעלכע זאַכן?

„האָב נישט קיין צרות, מער וועל איך עס שוין נישט טון. איך האָב געמוזט האָבן מיינע דערפאַרונגען, ווי די אַנדערע."

„יאָ, אָבער פאַרוואָס בכלל? צו וואָס דאַרפסטו האָבן אַ רייכן מאַן? גיט דיר דען נישט דער פאָטער גענוג געלט?"

„דו קענסט זיך עס גרינג אָפּזאָגן, בוני, דו ביסט צופרידן, ווען דו זיצט מיט אַ בוך אין דער האַנט ערגעץ אין אַ ווינקל, איך אָבער בין גאַנץ אַנדערש, איך וויל עפּעס געניסן פונעם לעבן, געוויס גיט מיר דער פאָטער טאַשנגעלט, אָבער נישט אין דעם האַנדלט זיך עס. איך וויל אַליין עפּעס מיט זיך פאָרשטעלן, אַליין עפּעס זיין. האַלט מיר נישט קיין דרשות

איך בין שוואַך ווי אַ נייגעבוירענע קאַץ און פאַרטראָג איצט גאָרנישט, איך וויל דאָס, וואָס יעדע פרוי וויל: אַן אייגענע היים, און נישט פאַרשטענדלעך קיין געצעלט, נאָר אַ שיין הויז, וווּ איך זאָל קענען אַרויסווייזן מיינע טאַלאַנטן אַלס אַ גאַסטפריינטלעכע באַלעבאָסטע. מיר איז איצט נישט געלונגען און איך וואָלט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל איצט אַ פּאָר מינוט זיין צו מיר גוט; איוב דו קענסט עס."

זי האָט אויסגעזען נאָענט פון וויינען, און בוני האָט שנעל צוגעפליסטערט:

„שוין גוט, דו גרויס קינד, איך זאָג שוין מער גאָרנישט איך בין נאָר געווען אַ ביסל צעמישט."

"דאָס איז אינגאַנצן נישט נויטיק; דער דאָקטאָר ד־האָט מיר געזאָגט, אַז דער דאָזיקער פּראָצעס קומט פאָר אין די פאַרייניקטע שטאַטן אַ מיליאָן מאָל אין אַ יאָר. איך האָב אויסגערעכנט: אַלע דרייסיק סעקונדן איינמאָל, דאָס לעבן איז עקלהאַפט, מיר וועלן רעדן איבער עפּעס אַנדערש."

עס איז געווען פאַרביידע אַ פאַרטרויליכע שעה. בערטי האָט געוואָלט זיך דערוויסן עפּעס מער וועגן ווי, צי ער וועט מיט איר חתונה האָבן.

„איך ווייס נישט צו זי װעט מיך נעמען?"

בערטי האָט געלאַכט:

„פאַרשטענדלעך. זי שפּילט גוט איר ראָל."

בוני האָט דערציילט ווי אָפט ער צערייצט איר און רופט איר אַרויס פון געדולד און געגעבן דערמיט בערטין אַ געלעגנהייט אים צו באַלערנען.

זי איז נאָך אַלץ געווען די אַלטע, נאָר אין דעם געלט גלויבנדיקע בערטי, כאָטש זי האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן און פאַרלאַנגט גליק. פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט זי גערעדט וועגן ווי.

„עס וואָלט געווען מער וויכטיקער און אויך זיכערער, ווען דו האָסט חתונה מיט אַ דאַמע און נישט מיט קיין שוישפּילערין, פון דער צווייטער זייט אָבער איז ווי זייער קלוג,

און דו קענסט אָנטרעפן אויף אַן עוגעוע. און דאָס, וואָס זו שטעלסט איין אייער גליק צוליב דיינע נאַרישע באָלשעוויסטישע אידעען, איז נאַריש און עקלהאַפט!"

דערנאָך האָט זי זיך אינפאָרמירט וועגן דעם פאָטערס געשעפטן: צי וועט ער מיט ראָסקאָען באַקומען די אָרענדעס? איז עס אמת, אַז דער פאָטער האָט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף אויף דער רעגירונג אין וואַשינגטאָן? בוני האָט די פראַגע באַשטעטיקט, און בערטי האָט אים דערציילט פון וואָס זי ד'האָט געקלערט.

„איך האָב מיר איבערגעלייגט, איך האָב געהאַט גענוג צייט צום קלערן, איך גלויב, אַז איך וועל צוריקגיין צו עלדאָן בורדיק. ער איז טאַקע אַ ביסל נאַריש, אָבער מען איז מיט אים שטענדיק זיכער."

„ווייסטו אים דערציילן פון דער זאַך ז'—האָט בוני געפרעגט.

„ניין, פאַרוואָס דען? ער האָט אויך מסתמא פעלערס געטון און האָט זיי פונדעסטוועגן נישט אָנאָנסירט, ער ווייסט, אַז איך האָב מיט טשאַרלין געלעבט, דאָך גלויב איך, אַז ער איז נאָך אין מיר פאַרליבט. איך קען אים צוהעלפן צו אַ שענער קאַריערע: דער פאָטער, אָדער ווערנע, וועלן אָנציען אַ פּאָר דראָטן און אים אַ גוטן דיפּלאָמאַטישן פּאָסטן פאַרשאַפן. איך וואָלט גערן געוואָלט וווינען אין פּאַריז, דאָרטן טרעפט מען אַלע באַדייטנדיקע פּערזענלעכקייטן. עלדאָן מיינט, אַז מיר מוזן די קאָנטראָל איבער איירָאָפּע איבערנעמען; און ער איז גראָד דער ריכטיקער מאַן פאַר דעם, וואָס זאָגסטו צו מיין אידעע?"

„ווען דו ווילסט, קענסטו עס זיכער האָבן. דאָך וועט עס זיין פאַר עלדאָנען נישט אָנגענעם, אַז איך וועל זיין זיין שוואָגער."

„דו וועסט זיך נאָך אויסלערנען ווי אַזוי צו באַנעמען,— האָט בערטי געענטפערט,—„וועט נאָך די קינדער-קרענק אויסבערקומען."

## VII

דער פלאָט-דעפּאַרטאַמענט האָט פאַרטריבן די קליינע געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו בויערן אויף זעם סוני-סוד-רעזערוופעלד, דאָס איז פאַרגעקומען מיט דער הילף פון אַ גרויסער צאָל מאַטראָסן, און די דאָזיקע אויסערגעוויינלעכע געשעעניש האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל, וואָס איז געווען אויסערגעוויינלעך פיינלעך פאַר הער ראָס און ווערנע.

ווערנע האָט שוין געהאַט אַ מאַן, וועלכער האָט שוין דעם ענין מיט די פּרעסקאָרעספּאָנדענטן דערליידיקט, אין דער צייט ווען דער יינגער פעטער האָט די זאַך אין וואַשינגטאָן באַוואָרנט.

אין די צייטונגען זענען דערשינען אַרטיקלען, אַז דער פלאָטדעפּאַרטאַמענט בויערט אויף די שכנותדיקע פעלדער פון זיינע רעזערוון און ציען אָפּ אַזוי אַרום דעם נאַפט, דאָס האָט באַטייט אַ גרויסן שאָדן, די מאַכט איז דאַריבער געווען אין דער מיינונג, אַז די דאָזיקע רעזערוון דאַרפן אַרונטערפאַלן אונטער דער קאָנטראָל פונם אינערנמיניסטעריום, וואָס וועט האָבן די רעכט זיי פאַראַרענדירן אויף גוטע באַדינגונגען.

בוני האָט נישט באַדאַרפט פרעגן דעם פאָטער וועגן דער דאָזיקער פּראָפּאַגאַנדע; ער האָט אַליין געוווּסט וואָס זי באַטייט, ער איז נאָר געווען נייגיריק, צי מיט אַזעלכע פּרימיטי-

ווע מיטלען קען מען ווירקלעך עפעס דערגרייכן. צי זעען דען נישט אַלע מענטשן איין, אַז די רעגירונג נעמט איבער אויך די שכנותדיקע פעלדער אונטער דער קעגנוואַרטיקער פאַרוואַל-טונג, אָדער צי קען דען נישט די רעגירונג, ווי יעדער אַנ-דערער נאַפּטאונטערנעמער, אויף דעם אייגענעם באָדן פאַרזיכע-רונגס-קוואַלן גראָבן? נאָר דער רעגירונג גייט נישט אָן דער פּלאַט, זי קלערט גאָר פון הער ראָס און ויאָסקאָע. דורך דעם גיבן כאָבאַר דעם רעפּובליקאַנישן קאָנוועגט האָבן די נאַפט-מאַגנאַטן באַהערשט דעם גאַנצן פּאַרטייאַפּאַראַט. די פּרעסע אייבשליסלעך.

זי האָט געשלונגען איצט דעם שווינדל, וועלכער איז געקומען פון וואַשינגטאָן און געלויבט די אַנטשלאָסענע האַנד-לונג פון דער רעגירונג צום שוץ פון דעם ווערטפולן פלאָט-נאַפט.

דאַן איז פאָרגעקומען עטוואָס מערקווירדיקעס, דאַן ירווינג האָט זיך טעלעפאָניש אָפּגערעדט מיט בונין צום מיטאָגעסן. זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען:

„די אַרבעטער הויכשול איז פּוטש! עס איז בלויז אַ שאָד די צייט, צו וועלן דערהאַלטן אַזאַ אינסטיטוציע ביי דעם לעבן, אַזוי לאַנג ווי די איצטיקע אַרבעטער-פירער זענען ביי דער מאַכט. זיי ווילן פּשוט נישט אַז די ייגנע אַרבעטער זאָל זיך בילדן און עפּעס וויסן, ווייל דעמאָלט וועט זיין פיל שווע-רער זיי צו באַהערשן. פאָריגע וואָך האָט מען ווידער געמאַכט אַן אָבלאַווע און מען האָט אַוועקגעשלעפּט אויסער די חובות כמעט אַלץ, איך האָב באַשלאָסן די חובות פון מיינע איינשפּאָ-רונגען צו באַצאָלן און זיך צוריקציען."

„וואָס זשע וועט איר טון?" האָט בוני געפרעגט.

דאַן האָט ער אים איבערגעגעבן, אַז ער האָט אַ קליינער ראַדיקאַלער פּרעסעאַגענטור אין טשיקאַגאָ ידיעות צוגעשיקט, און אַז עס איז אים געלונגען זיך צו פאַרשאַפן פון וואַשינג-טאָן ידיעות, וועלכע וואָלטן אַרויסגערופן אַן אינטערעס.

איצט האָט אים דער פאָרזיצער פון דער אַגענטור אָנ-

געבאָטן פופצן דאָלאַר אַ וואָך, אַלס וואַשינגטאָנער קאָרעספּאָנ-דענט.

„דערפון קען איך לעבן און קיין בעסערע אַרבעט קען איך גאָרנישט לייסטן.״

בוני איז געוועזן באַגייסטערט.

„דאָס איז אויסגעצייכנט, דאַן. עס איז דאָ אַזאַ גרויסע צאָל שווינדלערס, וועלכע וואָלטן באַדאַרפט אויסגעראָמט ווערן.

„איך ווייס עס, טאַקע וועגן דעם וויל איך מיט אייך רעדן, פאַר אַלעמען אינטערעסירן מיר די פלאָט-רעזערוו נאַפט-אָרענדעס. די זאַך זעט מיר אויס שטאַרק פאַרדעכטיק. אויב איך האָב קיין טעות נישט זענען דאָ פאַרמישט אויך ווערנע ראָס-קאָע און פעטע־ אָרעי, און ווו זיי רירן זיך צו מיט זייערע הענט, דאָרט מוז זיין שמוץ״.

„וואַרשיינלעך.״

בוני האָט זיך געשטאַרקט צו רעדן מיט אַ פעסטער שטים.

„אין וואַשינגטאָן דערציילט מען אַז קריסבו איז אויף אַזאַ אופן אין קאַבינעט אַריין. דער האַנדל איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן, נאָך איידער האַרדינג איז געוועלט געוואָרן. גענעראַל ווּוד האָט דערקלערט, אַז מען האָט אויך אים די פרעזידענטשאַפט אָנגע-באָטן: אויב ער וועט אויך נעמען אַן אַנטייל אין דעם אַלעמען; ער האָט אָבער אָפּגעזאָגט.״

„גוטער גאָט!״

„איך ווייס נאָך נישט אויף זיכער, איך וועל זיך עס אָבער דערוויסן. נאָר עס איז מיר איינגעפאַלן, אַז ראָסקאָע איז דער שותף פון אייער פאָטער און עס איז מיר שטאַרק פּיינ-לעך... איר ווייסט שוין וואָס איך מיין, בוני, אייער פאָטער איז געוועזן אַזוי גוט צו מיר, און איר האָט געגעבן דאָס געלט פאַר דער הויכשול...״

„איך פאַרשטיי. אָבער שטערט אייך נישט, דאַן. טוט איי-ער אַרבעט, גלייך ווי איר האָט אונדז קיינמאָל נישט געקענט.״

„דאָס איז שיין פון אייער זייט, אָבער הערט מיך אויס:

עס קען אמאָל אין אַ שענעם טאָג קומען צו אַ מיספאַרשטענד־ניש! איך האָב קיינמאָל נישט געהערט פון אייך עפּעס וועגן די דאָזיקע ענינים, אויף וויפיל איך קען מיר דערמאָנען: האָט איר מיר פון זיי קיינמאָל נישט דערמאָנט, נישט אמת?"

„פּאָלקאָם, דאַן."

„איר האָט מיט מיר, אויסער דעם שטרייק, קיינמאָל נישט אַרומגערעדט די אַנגעלעגנהייטן פון אייער פאָטער, און אויך נישט פון די ראָסקאָיעס און אָרעיס."

„דאָס איז אמת, דאַן, דערפון קען גאָר קיינמאָל קיין רייד נישט זיין."

„עס וועט דערפון זיין די רייד, בוני, גלויבט מיר. ווען איך נאָר אָנהויבן עפּעס אויפדעקן אין וואַשינגטאָן, אַזוי וועט ראָסקאָע מיט אָרעין באַלד חושד זיין, אַז דאָס האָב איך פון אייך זיך דערוווּסט. יאָ, איך האָב מורא, אַז אויך אייער פאָ־טער וועט זיכער אין דעם גלויבן. איך וויל נאָר, אַז איר זאָלט וויסן, אַז עס איז נישט אַזוי, און אַז איך האָב קעגן אייך נישט געהאַנדלט נישט עהרנהאַפט."

בוני האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט. ער האָט זיך אפילו געצוווּנגען עפּעס צו עסן, דערנאָך האָט ער אויסגעשטעלט אַ טשעק, וועלכער זאָל דעקן אַ טייל פון די חובות פון דער הויכשול, געזעגנט זיך האַרציק מיט זיין פריינט און אים גע־וווּנטשן דערפאָלג אין זיין נייעם באַרוף.

ערשט זיצנדיק אין אויטאָ, האָט זיין פּנים זיך דערלויבט אָננעמען דעם אויסדרוק פון זיינע געפילן, ער האָט זיך דער־פילט אומגליקלעך.

ער האָט אויסגעפונען, אַז ער מוז דעם פאָטער דעם שמועס דערציילן, ער וועט דורך דעם ירווינגען אין זיין אַר־בעט נישט שטערן, וועט אָבער אפשר אויסהיטן דעם פאָטער פון אַריינצופאַלן אין אַ קלעם. ווען אָבער דער אַלטער ראָס האָט זיך אומגעקערט ביינאַכט אַהיים, האָט ער בונין צום וואָרט נישט געלאָזט קומען:

„מיין זון, מיר האָבן די אַרענדעס?!“

„ווירקלעך, פאָטער?“

„זיי זענען באַשטימט פאַראַן; ווערנע איז היינט קיין וואַשינגטאָן געפאָרן. די נעכסטע וואָך וועט ווערן אונטערגעשריבן דער קאָנטראַקט. דאַן וועלן מיר ביידע אַוועקפאָרן און זיך גוט אונטערהאַלטן.“

# VIII

זשאָע און יקיי מענציעס זענען שוין געווען פון אייניקע חדשים ווידער פריי; די חברים פון דער „וואָרקערס פּאַרטיי״ האָבן דאָס געלט אויף דער קויציע צונויפגעזאַמלט. איצט האָט זייער פּראָצעס געזאָלט פאָרקומען צוזאַמען מיטן פּראָצעס פון אייניקע אַנדערע פּאַרטיי-חברים.

די מלוכה האָט געוואָלט באַווייזן, אַז די דאָזיקע אָרגאַ-ניזאַציע איז נישט מער ווי אַ געהיימע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. די ווירקלעכע אָנפירערשאַפט ליגט אין די הענט פון אַן „אונ-טערערדישער״ גרופּע, וועלכע באַקומט געלט און באַפעלן פון מאָסקווע.

זי פּרעדיקט דאָס אומוואַרפן פון דער קאַפּיטאַליסטישער מלוכה און די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט לויטן רוסישן מוסטער.

די אָנגעקלאָגטע דאַקעגן האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען אַ לעגאַלע פּאָליטישע פּאַרטיי, וועלכע איז קעגן יעדן געוואַלד, אויסער אין אַ פאַרטיידיקונגספאַל. זיי זענען אין דער מיינונג, אַז די קאַפּיטאַליסטן ווילן קיינמאָל נישט אַוועקגיין מיט גוטן פון דער מאַכט; די קאַפּיטאַליסטן ווילן באַזייטיקן די קאָנסטיטוציע און די אַרבעטער וועלן זיך מוזן פאַרטיידיקן.

דער פּראָצעס קעגן די אַלע אַרעסטירטע איז פאָרגעקומען

גלייכצייטיק און האָט געדויערט דריי וואָכן. ער וואָלט דער עפנטלעכטקייט איבער אַלערליי צייטלעכע פראַגן באַקענט, ווען די פרעסע וואָלט נאָר דערצו מסכים געווען. כדי אָבער צו באַקענען זיך מיטן שטאַנדפונקט פון די אַרבעטער, האָט מען געמוזט זיצן אין געריכטסזאַל; בוני האָט בייגעוווינט אַלע פאַר־האַנדלונגען, ווי נאָר ער איז פריי געווען פונם אוניווערסיטעט.

ער איז אויך געווען אַנוועזנד, ווען די פּראָקוראַטור האָט איבערראַשט די פאַרטיידיקער מיט אַן אומדערוואַרטן עדות. בוני האָט דעם עדות אָנגעקוקט אַ צעמישטער, ער איז געווען זיין באַקאַנטער פון די קינדערשע יאָרן: בען סקוט.

בען האָט זיך פאַרלאָזט וואָנסעס און גענומען אַ לעקציע אין מאָסקוועשע שלאָגווערטער, דעמאָלט איז ער אויפגעטרעטן אַלס נאַפטאַרבעטער, געוואָרן אַ מיטגליד אין דער „וואָרקערס פּאַרטיי” און האָט אויך באַלד אַ שטעלע באַקומען, איצט האָט ער איבערגעגעבן שווידערלעכע מעשיות וועגן די פאַרברעכערשע פּלענער פון דער פאַרטיי; די פאַרטיי האָט זיך געפלייסט אויפצוהעצן די אַרבעטער צו צעשטערן די קוואַלן.

פון דער צווייטער זייט האָט יקיי מענציעס געזאָגט, אַז די קאָמוניסטן קענען זיך שווערן, אַז בען־סקוט אַליין האָט די צעשטערונגספּלענער אויפגעגעבן; ווען דער שטרייק האָט איבער־געלעבט אַ קריזיס, האָט בען־סקוט זיך איינגעעקשנט, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין רעטונג: צונויפנעמען אַ פּאָר העלדישע יינגע־לייט און אַ האַלב טוץ נאַפטפעלדער אונטערצינדן.

בוני האָט זיך אומגעקערט אַהיים און געפרעגט דעם פאָ־טער: „פאַרוואָס האָסטו, אייגנטלעך, בען־סקוטן אָפּגעזאָגט?”

„איך האָב אַנטדעקט, אַז ער נעמט פּראָוויזיע אויך פון מיינע קאָנקורענטן און נאָך אייניקע שווינדלערייען.”

„וואָס נאָך?”

דער פאָטער האָט געלאַכט.

„ער פלעגט אָפּטון אויסערגעווייִנלעכע מעשים. דו געדענקסט נאָך ווי די לייט פון פּראָספּעקט־היל האָבן זיך געאיילט צו בויערן. דער באַזיצער פונם שכנותדיקן באָדן האָט שוין געבוי־

פֿרט און זיי צוגענומען דעם גאַנצן גאַפּט, בעת-סקוט נאָך מיט אַ שווינדלער האָבן דערשמעקט וועלכע גרונטבאַזיצער קענען גראָד איצט גינסטיק זייער באָדן אַרענדירן. בעת האָט זיך גע-לאָזט אויסשטעלן פֿון זיין פֿאַרטנער אַ דאָקומענט, אַז ער האָט אָפּגעקויפֿט פֿון אים איינס פֿון די גרונטשטיקער און דעם דאָ-קומענט האָט ער נאָטעריאַל באַשטעטיקט. דאָס האָט ער מודיע געווען פֿאַר דעם אונטערשרייבן דעם אַלגעמיינעם קאָנטראַקט. דער ווירקלעכער באַזיצער פֿון דעם באָדן איז באַלד, פֿאַר-שטענדלעך, געקומען צולויפֿן און געפֿרעגט, וואָס, צו אַלדי טייוול, דאָס באַטייט. בעת האָט געמאַכט אַ צערודערט פּנים און דערקלערט, אַז ער האָט דעם באָדן פֿון עפּעס אַ מענטשן אָפּ-געקויפֿט. וואָס פֿאַר אַ מענטש? בעת האָט עס שוין נישט גע-ווּסט, דער חברה-מאַן איז יעדנפֿאַלס נישט געבליבן. כּל-זמן בעת האָט געהאַט זיינע פּרעטענציעס אויף דעם באָדן, האָט מען שוין פֿאַרשטענדלעך נישט געקענט אָנהייבן בויען. דער באַזי-צער האָט געשאָלטן און געליאַרעמט; נאָר היות ווי די אַלע גרונט-באַזיצער זענען געווען געשלאָסן אין איין פֿאַריייניקונג, האָבן זיי אַלע נישט געקענט אָנהייבן טון עפּעס אויף זייערע חלקים, כּל-זמן עס האָט זיך געפֿירט אַ שטרייט וועגן דעם אייגנטום פֿון איין חלק. זיך ווענדן צום געריכט, איז עס אַ מעשה פֿין זעקס חדשים, און דערווייל וועט מען פֿאַרלירן יעדן שאַנס דעם באָדן גוט צו פֿאַ־דינגען. די באַזיצער האָבן זיך אַרומגעזעען, אַלזאָ, געצוווּנגען, אומצוקערן בענען דאָס געלט, וואָס ער האָט, לויט ווי ער האָט געזאָגט, באַצאָלט דערפֿאַר...״

„איך קען גלויבן, אַז ער האָט דאָס נישט איינמאָל גע-טון.״

„אַזוי אָפֿט, ביז ער איז געוואָרן באַקאַנט און אַ גרונט-באַזיצער האָט אים אַ רעוואָלווער געהאַלטן פֿאַר דער נאָז און אַזוי אַרום דעם ענין דערלעדיקט. בענען אַליין איז אויך דאָס זעלבע געשען, אַ פֿרוי האָט אים פֿאָלקאָם באַנומען, דערפֿ־ר פֿאַרנעמט ער זיך איצט מיט צ־שטעלן פּראָוואָקאַטערשער אַרבעט פֿאַר פּאַטריאָטישע פֿאַרבאַנדן.״

בוני האָט געוווסט, אַז דער פּאָטער האָט לגבי דעם שווינדלער קיין שום פאַרפליכטונגען נישט און אים וועט גאָר־נישט אָרן, אויב מען וועט זיינע שווינדלערייען אויפדעקן, עס זאָל נאָר בוניס נאָמען דערביי נישט זיין דערמאָנט, עס מוז זיין זייער לייכט נאָכצופאָרשן זיינע שווינדלערישע געשעפטן; די גרונטבאַזיצער זענען געוויס גרייט אויסצוזאָגן בענס מעשים, אָדער, אַמווייניקסטנס, וועלן זיי זיך לאָזן לייכט איבעררעדן דערצו.

בוני האָט דאָס אַלץ מאָרגן אויף דעם אוניווערסיטעט אי־בערגעגעבן רחלען און איר געגעבן אַ הונדערטער דאָלאַר אויף די נאָכפאָרשונגען.

זי האָט דאָס געלט איבערגעגעבן יקייען, און אין אַ צוויי טעג שפּעטער איז שוין געשטאַנען בען קעגנאיבער אַ האַלב טוץ צערייצטע בירגערס און בירגערינס, וועלכע האָבן דעם גלויבן פון די געשווירענע אין בענס רייד שטאַרק צעטרייסלט.

די געשווירענע האָבן זיך נאָר געקענט אייניקן אין צוויי פּאַלן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון די פּירערס; זיי זע־נען אויף זעקס יאָר פאַרמשפּט געוואָרן, די ביידע מענציעס זע־נען געוואָרן באַפרייט

די פּאַרטיי האָט די דאָזיקע באַפרייאונג געפייערט און די פּרעסע האָט געשריבן וועגן אַן אָרגיע פון רויטן וואַנזין.

# IX

דער פּאָטער איז נישט געווען באַזונדערס באַזאָרגט, ווען בוני האָט אים מיטגעטיילט, אַז דאַן ירווינג אין וואַשינגטאָן איז אויף ווערנע ראָסקאָעס שפּורן, פֿאַרשטענדלעך, אַז מען וועט וועגן דעם רעדן; עס זענען שטענדיק פֿאַראַן אומצופֿרידענע, וואָס מאַכן אָן אַ ״יאַרם, אָבער מערסטן מענטשן וועלן פֿאַרשטיין, אַז דאָס איז אינגאַנצן נאָר פּאָליטיק. עס האָט באַטייט די גרעסטע „יאַגדרויב״ אינם לעבן פֿונם פּאָטער און אויך פֿון ווערנען.

איצט האָבן זיי געוואָלט בויערן, נאָפֿט אַרויסבאַקומען, אַלעס איבעריקע איז נישט וויכטיק.

אין דעם דאָזיקן שפּיל האָט מען געמוזט באַזיצן אַ האַרטע הויט; און עס איז ווירקלעך אַ שאָד, וואָס ביי בונין האָט נישט געוואָלט אָנוואַקסן קיין האַרטע שאָלעכץ, און אויך אַזאַ איידעלער יינגערמאַן ווי דער „פּראָפֿעסאָר״ איז אַזאַ שאָד, וואָס ער קען שוין גאָר קיין בעסערס נישט אָפּזוכן, ווי נאָר נאָכצושפּורן ווערנען.

אַ נייע געזעלשאַפֿט איז געגרינדעט געוואָרן כּדי דאָס גרעסטע נאַפֿטפֿעלד אין אַמעריקע צו עקספּלאָאַטירן; הער ראָס איז געווען אַ מיטבאַזיצער פֿון די אַקציעס און וויצע-פּרעזידענט, ער האָט באַקומען פֿאַר זיינע אויסבויאַרבעטן ווייטער צו הונ-

דערטטויזנט דאָלאַר אַ יאָר, דאָך האָט ער צוגעזאָגט בונין ש׳ין מער שטאַרק נישט צו האָרעווען.

ער האָט צוגענומען אַ פּאָר טיכטיקע יינגעלייט, מיט וועל־כע ער האָט נאָר באַדאַרפט אָנפירן.

ווערנע האָט טעלעגראַפירט פון וואַשינגטאָן: די אַרענדע־קאָנטראַקטן זענען שוין אונטערגעשריבן.

בוני האָט גענומען אַ וואָך פעריען, אויף די לעצטע סע־מעסטערס האָט מען אַמאָל אַ סטודענט דערלויבט אַזאַ זאַך, בפרט נאָך, אַז דער פאַקולטעט האָט זיך גערעכנט דערמיט, וואָס זיין פאָטער וועט לאָזן אויפשטעלן אַ קאַטעדרע ספּעציעל פאַר נאַפט־כעמיע.

זייביידע זענען אַוועקגעפאָרן קיין סוניסוד, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פאַרוואָרפענעם טייל פון דעם שטאַט. פּאַשע־לאַנד מיט ווייניק איינוווינער און שלעכטע וועגן. זיי האָבן גע־וווינט אין אַ זייער פּרימיטיווער, דאָרפישער סטאַנציע. זיי האָבן באַטראַכט די נייע פעלדער און מע־סטנטייל צייט פאַר־בראַכט אויף פערד, עס האָבן זיך דאָ אויך געפונען דעם פּאָ־טערס געאָלאָגן און אינזשעניערן.

זיי האָבן באַשטימט די ערטער ווי צו בויען, די גאַסן, די רערנלייטונגען, דאָס אָרט פאַר די טאַנקס און אַפילו אַ פּלאַן פאַר דער שטאָט. ווי די גאַסן וועלן זיין, ווי די געשעפטן און ווו דער קינאָ וועט אַפילו שטיין, אומעטום זענען געצויגן גע־וואָרן דראָטן, און אין דער נעכסטער וואָך זאָל זיך אָנהייבן בויען אַ געפּלאַסטערטער וועג. אַלץ איז געווען אין דער שענ־סטער אָרדנונג.

בונין וואָלט דאָס אַלץ באַדאַרפט אינטערעסירן, די „יאַגד־רויב״ וואָלט אים באַדאַרפט אָנפילן מיט שטאָלץ ווי יעדן אַנ־דערן לאָיאַלן זון, אָנשטאָט דעם אָבער האָט ער זיך „אַרומגע־שלעפּט אין די הינטערהייף״, ווי עס האָט זיך אויסגעדרוקט דער אַלטער הער ראָס, דער גורל, וועלכן עס איז שוין איינמאָל פאַר אַלעמאָל געפעלן בונין שטענדיק קעגן די אינטערעסן פון זיין פאָטער אויפצושטעלן, האָט אים פאַרפאָלגט ביז אין דער

ראָפּישער סטאַנציע און אים צוזאַמענגעבראַכט מיט אַן אַלטן פּויער, וועמענס הויט עס האָט זיך שוין פון זעכציק יאָר היצן און ווינטן אין לעדער פאַרוואַנדלט. דער דאָזיקער מאַן האָט געהאַט שרעקעוודיקע בלאָ-וואַסערדיקע אויגן און האָט שטענדיק געטראָגן אַ שטויס פּאַפּירן אונטער דער האַנט, וועלכע ער האָט נישט געוואָלט איבערלאָזן אין זיין שטוב, אויס מורא מען זאָל זיי אים נישט אַרויסגנבענען.

ער האָט געוואָלט דעם הער ראָס אַן אַרענדע אָנביטן, אָבער הער ראָס האָט, פאַרשטענדלעך, נישט געהאַט קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט אַזעלכע קליינע מסחרים.

דער אַלטער מאַן אָבער האָט אַנטדעקט, אַז בוני איז נישט געפּאַנצערט מיט דער האַרטער שאָלעכץ פון די גרויסע נאַפּט-אונטערנעמער, ער האָט זיך דעריבער געווענדעט צו דעם יינגנמאַן, פאַררופן אים צו זיך אין שטוב און אים געוויזן די פּאַפּירן, דאָס זענען געווען דאָקומענטן פונם אינערנמיניסטעריום מיט רויטע חתימות און בלאָע בענדער, דאָך זענען זיי נישט געווען פולשטענדיק, אַזוי האָט דער אַלטער דערקלערט, עמעץ האָט צוגעגנבעט די וויכטיקסטע פּאַפּירן. גראָד יענע, אין וועלכע עס איז דאָ אַ באַווייז, אַז די „מיד-צענטראַל-פּעטאַזש" האָט אים פון זיין הויף פאַרטריבן.

„איין חברה-מאַן מיטן נאָמען ווערנאָן ראָסקאָע איז דער ערגסטער שווינדלער אין דעם דאָזיקן שפּיל.

דער אַלטער קאַרבערי האָט באַזעסן רעכט אויף עטלעכע גרונטשטיקער בשכנות, אויף וועלכע מען האָט אַנטדעקט נאַפּט. די מיד-צענטראַל-פּעטאַזש איז אַהערגעקומען, האָט אים אַרויסגעוואָרפן און פאַר מעליאָראַציעס אין דער ווערט פון צוויי-טויזנט צווייהונדערט דאָלאַר קיין איין סענט אים נישט באַצאָלט. און דאָס אַלץ איז אָפּגעטון געוואָרן, פאַררופנדיק זיך אויף דעם געזעץ.

דער אַלטערמאַן האָט באַזעסן אַ קאָפּיע פון דעם געזעץ „מינעראַלאַנטהאַלטנדיקע גרונטשטיקער" ווערן אַנדערש געשאַצט: איידער געוויינלעך פויערנלאַנד. טויזנטער אין דעם שטאַט האָבן

זיך געלאָזט פאַנגען אין דער נעץ, קארבערי אָבער האָט באַ־זאָרגט אַ „פּאַטענט״, לויט וועלכן דאָס אויבנדערמאָנטע געזעץ איז נישט געווען אָנווענדבאַר אויף זיין גרונט. אָבער עס איז אַמעצן געלונגען זיינע רעגירונגסדאָקומענטן „אַרומצוגיין״, און איצט קעמפט ער שוין זייט איינציקע יאָר פאַר זיינע רעכט, ער האָט מיט אַ רירנדיקן צוטרוי געבעטן דעם קאָנגרעס־מיטגליד פונעם שטאַט צו נעמען פאַר אים אין וואַשינגטאָן אַן אַדוואָקאַט.

דער קאָנגרעס־מיטגליד האָט דאָס אויך געטאָן, קארבערי האָט עטלעכע מאָל געשיקט געלט קיין וואַשינגטאָן, אָבער אָן אַ שום רעזולטאַט.

דאַן איז ער געפאָרן קיין וואַשינגטאָן און אַנטדעקט, אַז דער מכלומרשדיקער אַדוואָקאַט איז אַ שרייבער אין דער ביוראָ פונם קאָנגרעס־מיטגליד, וועלכער האָט באַרויבט די קליינע גרונט־באַזיצער און האָט זיך העכסט וואַרשיינלעך מיט זיין שעף גע־טיילט.

עס איז געווען אַ מיאוסע געשיכטע און דאָס ערגסטע אין איר איז טאַקע געווען דאָס, וואָס זי איז נישט געווען קיין איינצלנער פאַל, נאָר אַ סיסטעם, אַ נייע מעטאָדע, מיט דער הילף פון וועלכער די רייכע און שטאַרקע האָבן די אָרעמע און שוואַכע באַרויבט. קארבערין איז עס געלונגען אין וואַשינגטאָן זיך אַ דאָקומענט צו פאַרשאַפן, אַ באַריכט פון אַ קאָנגרעס־אויס־פאָרשונג איבער די קאַליפאָרנישע ערד־קניות.

בוני האָט פאַרבראַכט אַן אָוונט מיט דעם דאָזיקן דאָקו־מענט; טויזנט אָפּגעדרוקטע זייטלעך פול מיט שווינדלערייען און גנבות, צום ביישפּיל דאָס נישט דערלויבן די באַנען דורכ־גיין דורך מינעראַלאַנטהאַלטנדיקע שטחים, אַרונטערנעמענדיק אונטערן וואָרט מינעראַלאַנטהאַלטנדיקע אויך נאַפט. באַריקזיכטיקן דאָך די אייזנבאַנען דאָס דאָזיקע געזעץ? די דרום פּאַציפיק באַן אַליין באַזיצט אין קאַליפאָרניע נאַפט־לאַנד אין דער ווערט פון אַ מיליאַרד דאָלאַר, און יעדער פאַרזוך דעם דאָזיקן באַדן ביי דער מלוכה אָפּצונעמען מיט דער הילף פון כיטרע אַדוואָקאַטן

און אונטערגעקויפטע פּאָליטיקער האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

פאָרנדיק אַהיים האָט בוני דאָס אַלץ געוואָלט דעם פאָטער דערציילן. אָבער, צו וואָס אייגנטלעך? ער וועט דעם אַלטן קאָרבערי סיי ווי ניט קענען העלפן.

קאפיטל זיבעצן

# די רעוועלאציעס.

## I

דעם גאַנצן הערבסט און ווינטער האָבן די וואַכטעלן אומזיסט גערופן אין די בערגלעך פון פּאַראַדיז. בוני האָט נישט געוואָלט אַהינגיין. איצט אָבער האָט דער פאָטער געמוזט אַהינ־פאָרן כדי עפּעס צו דערליידיקן און זיין שאָפער איז געזעסן אין תפיסה, ווייל ער האָט זיך אין דער פרייער צייט פאַרנו־מען מיט דעם נישט לעגאַלן אַלקאָהאָלפאַרקויף.

דער פאָטער וועלכער האָט פון אַ לענגערער צייט זיך נישט געפילט גוט, האָט נישט געקענט דעם אויטאָ פירן, און ווייל עס איז געווען פרייטיק, האָט דער זון אים פאָרגעלייגט צו פאַרטרעטן אים דעם שאָפער.

דאָס ראַס יוניאָר־פעלד האָט איצט פון בונין נאָר דעם נאָמען זיך איבערגעלאָזט, אַ פרעמדע פרוי האָט געפירט אין דעם פערמעהויז די ווירטשאַפט, די ווילע איז געווען פאַרביטן אויף אַ בויערטורם.

אַלע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך פריער ביי פּאַוולען צונויפגעזאַמלט, זענען באַזייטיקט געוואָרן. עס האָבן זיך שוין מער נישט געפירט קיין דעבאַטן, היינט איז פּאַראַדיז געווען אַן אָרט, ווו די מענער האָבן שווער געהאָרעוועט ביי דער

עקספּלאָטירונג פון די קוואַלן און געהאַלטן דאָס מויל, מען האָט צוגענומען נאָך הונדערטער מענטשן, וועלכע בונטי דהאָט נישט געקענט און וועלכע האָבן אַ צווייטע אַטמאָספערע געשאַפן.

די דאָזיקע מענטשן זענען געווען קונים פון די אומלעגאַלע אַלקאָהאָלפאַרקויפערס און געהיימע פאַרוויילונגסערטער זיי זענען דורך דיווירקלעכע נאַפטאַרבעטער אָנגערופן געוואָרן אויף חוזק „מאַראַנצנרייסער“, און ווייל זיי האָבן זיך אויך דער אַרבעט נישט פאַרשטאַנען, איז אָפט געשען אומגליקסצופאַלן: זיי זענען אַראָפּגעפאַלן פון די גליטשיקע בײַערטורעמס, אָדער זיי זענען געוואָרן פון די שווערע רערן צעמאָלט.

די געזעלשאַפט האָט דעם שפּיטאָל געמוזט פאַרגרעסערן מיט אַ נײַעם פליגל, אָדער דאָס איז, פאַרשטענדלעך, נאָך אַלץ אויסגעקומען ביליקער, איידער די לוינען צו צאָלן, וועלכע די פאַרייגען האָבן פעסטגעשטעלט!

בונטי האָט איבערגעלעבט פײַנלעכע מינוטן: ער האָט פּונקט געלייענט אַ בוך, ווען צו אים איז צוגעגאַנגען זשיק דוגענס פרוי, וועמענס מאַן איז נאָך אַלץ געזעסן אין טורמע.

די פרוי האָט זיך אײַנגעשפּאַרט אים צו זען, זי דהאָט געוויינט פאַר אים און אים דערציילט שוידערלעכע מעשיות פון די ליידן פון איר מאַן און פון די אַנדערע אַרעסטירטע. זי האָט געבעטן ער זאָל אַליין נאָכקאָנטראָלירן די באַציונגען אין תפיסה און בונטי איז אָנגעקומען שווער איר דאָס צוצוזאָגן.

איר קענט אײַך פאָרשטעלן ווי דאָס איז געווען אומפאָרזיכטיק פאַר אַ ייִנגן נאַפטפּרינץ, וועלכן עס האָט באַדאַרפט אָנוואַקסן אַ האַרטע הויט, כדי ער זאָל קענען העלפן דעם פאָטער: און דאָס לעבן מיט אַ ליבלינג פונם פובליקום געניסן.

בונטי האָט אַליין אויך געוווסט, אַז ער טוט אַן אומרעכט און האָט אַרויסגעוויזן זײַן שולדגעפיל דורך דעם, וואָס ער האָט דעם פאָטער פאַרציילט וווהין ער פאָרט אין דעם דאָזיקן רעגנדיקן, שבתדיקן נאָכמיטאָג.

ער האָט באַלד באַקומען די דערלויבעניש די טורמע [illegible]אַטרעטן, די אַלטע געביידע איז געוואָרן געפּלאַנט דורך אַן אַרכיטעקט, וועלכער האָט באַזעסן אַ באַזונדערן טאַלענט זיינע פּיטמעגטשן צו שגעון צו טרייבן.

די טאַנקס האָבן נישט געהאַט דאָ, ווי אַנדערע צעלן, טירן מיט שלעספער, נאָר זיי זענען געווען דרייטורעמס; ווען מען האָט אַן אַרעסטירטן אַרויסגעלאָזט, צו אַריינגעלאָזט, אַזוי האָט מען דעם טורעם געדרייט, ביז די רעשאטקעס האָבן אָנגענומען די געווונשטע פּאָזיציע, דאָס איז געשען מיט דער הילף פון אַ האַנטווינדע, וועלכע האָט אָנגעמאַכט אַ געפערלעכן ליאַרם, אַזעלכע טורעמס האָבן זיך געפונען דריי איינער נעבן דעם אַנדערן, אַזוי, אַז פון דעם דרייען פון איינעם האָבן געמוזט ליידן אויך די איינוווינער פון די אַנדערע צוויי.

אין משך פון די פערציק יאָר, וואָס דאָס געפענגעניש שטייט, זענען אַ סך מענטשן פון דעם שטענדיקן ליאַרם טאָג און נאַכט משוגע געוואָרן.

האָט איר שוין אַמאָל געזען אייערן אַ געליבטן מענטשן הינטער דער רעשאָטקע, ווי אַ ווילדע חיה? בונין האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט באַקומען אַ קלאַפּ אין האַרץ. ער האָט זיך דערפילט שוואַך און עס האָט אים געשווינדלט פאַר די אויגן.

דאָ האָט ער דערזען זיבן יינגלעך, וועלכע, אויסער צוויי זענען געווען אין די זעלבע יאָרן וואָס ער, צוזאַמענגעדריקט ווי פאַר הויזלעכע ווילדע ציגן, די נעזער ביי דער רעשאָטקע, גלייך ווי זיי זאָלן דערוואַרטן אַ שטיקל ברויט, אָדער צוקער. ווי רירנד עס איז געווען זייער פרייד, ווי דאַנקבאַר עס האָבן אויפגעשיינט זייערע פּנימער!

זיי זענען אַלע געווען פויערן-יינגען, שטאַרקע, אָפּגעברענטע מענטשן, וועלכע האָבן זייער גאַנץ לעבן געאַרבעט אויף דער זון און אין רעגן, איצט אָבער זענען זיי געווען בלאַס, געלבלעך, שמוציק, נישט געראַזירט, מיט אָפּגעצערטע באַקן און טיף איינגעגראָבענע אויגן, זשאַק דוגען האָט געהוסט

און די איבעריקע האָבן אויך אויסגעזען קראַנק, וואָלט זיך כאָטש בוני געקענט טרייסטן דערמיט, אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן געטון עטוואָס בייזעס, כאָטש ער האָט געצווייפלט אין דער ווירקזאַמקייט פונם שטראָף. אָבער זיי זיצן דאָך ווייל זיי האָבן געוואַגט צו חלומען פון יושר פאַר זייערע ברידער און האָבן געהאַט די העזה, דאָס אָפן אַרויסצוזאָגן.

בוני האָט די געפאַנגענע ביכער געשיקט, איצט האָבן די אַרעסטירטע דערציילט וואָס פאַר אַ טרייסט זיי האָבן אין די ביכער געפונען און געבעטן נאָך צו שיקן, און צו בוני ווייסט, ווען זייער פּראָצעס וועט פאָרקומען? צי ער האָט פאַוואָלען געזען? און וואָס פאַוול זאָגט? צי די האָבן די פאַרייניגן אויסגעהאַלטן? זיי טאָרן נישט לייענען קיין „ראַדיקאַלע" צייטונג און זענען דעריבער אַ זיבן חדשים הינטער דער וועלט-געשיכטע.

# II

בוני איז אַרויס פון דאָרט אינגאַנצן אַ פאַרצווייפלטער. דער פאָטער איז קראַנק, אָבער ער קען נישט אים דאָס דערציילן, ווען זיי האָבן דאָס לעצטע מאָל גערעדט וועגן דעם ענין, האָט דער פאָטער אים געבעטן ער זאָל אָפּוואַרטן; ווערנאָן ראָסקאָע וועט שוין „זען, וואָס עס לאָזט זיך טון.“

איצט אָבער האָט בוני שוין מער נישט געקענט וואַרטן, אָדער דער פאָטער וועט צווינגען ווערנען עפּעס צו טון, אָדער ער וועט די זאַך איבערנעמען אין די אייגענע הענט.

ער איז מיטן פאָטער צוריקגעפאָרן קיין אַנגל-סיטי דאָרט איז ער געוויר געוואָרן, אַז די ראַדיקאַלן האָבן אַ „פּאַרטיי-דיקונגס-קאָמיטעט“ געשאַפן און אַז עס וועט פאָרקומען אַ פּראָטעסטמאַסנפאַרזאַמלונג, כדי צונויפצוזאַמלען די נויטיקע געלטער אויף דעם פּראָצעס.

ווען בוני האָט זיך דאָס דערוווסט, האָט ער דעם פאָטער געשטעלט אַן אולטימאַטום: די פאַרזאַמלונג וועט פאָרקומען די נעכסטע וואָך, אויב ווערנע וועט ביז דעמאָלט גאָרנישט אויפטון, אַזוי וועט ער, בוני, אויפטרעטן אַלס רעדנער און זאָגן אַלץ, וואָס ער ווייסט וועגן דעם ענין.

פאַרשטענדלעך, אַז דער פאָטער האָט פּראָטעסטירט, אָבער זיי שוין עטלעכע מאָל, אַזוי אויך איצט האָט דער זון דעם

פאָטער אַריינגעבראַכט אין פאַרוואונדערונג: ער איז שוין נישט געווען מער „ווייך".

בוני איז אין זיין פאַרצווייפלונג געגאַנגען נאָך ווייטער:

„אפשר געפינסטו איין, אז איך האָב נישט קיין רעכט אַזוי צו האַנדלען, אַזוי לאַנג ווי איך לעב פון דיין געלט, אַזוי קען איך פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט און זיך אַליין אויסהאַלטן."

„מיין זון, איך האָב קיינמאָל נישט געזאָגט עטוואָס ענלעכעס!"

„ניין, איך בין אָבער גורם צו אומאַנגענעמלעכקייטן צווישן דיר און ווערנען. עס וואָלט געווען בעסער, ווען דו זאָלסט קענען זאָגן, אַז דו האַלטסט מיר שוין מער נישט אויס."

„איך וויל אַזעלכעס נישט זאָגן. אָבער איך געפון איין, אַז דו מעגסט אויך אַ ביסל לייגן אַכט אויף מיין לאַגע."

„איך האָב גענומען אין אַכט, פאָטער, ביז איך בין איינגאַנצן קראַנק געוואָרן. איך קען נישט פאַרבייטן מיין גערעכטיקייט-געפיל אויף דער ליבע צו איין מענטשן, מיר באַגייען אַ פאַרברעכן, האַלטנדיק די דאָזיקע מענטשן אין געפענגעניש, איך זאָג דיר ווערנע מוז זיי באַפרייען, וועט ער עס נישט טון, אַזוי וועל איך אים דעם גיהנום הייס מאַכן."

ווערנע האָט זיך פונקט אומגעקערט פון מזרח. בוני האָט געפאָדערט, אַז ער זאָל באַלד דעם קרייז-פּראָקוראָר זיינע ווונטשן מעלעפאָנירן. ער האָט עס דאָך שוין אָפטער געטון, וועט עס ווערנע נישט טון, אַזוי וועט אויף די פּלאַקאַטן פון דער פאַרזאַמלונג שטיין בוניס נאָמען אַלס רעדנער.

דער פאָטער האָט זיך דערמאָנט אין דער שרעקלעכער פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער הערי זיגער האָט גערעדט, ער האָט דערזען זיין געליבטן זון זיך צוזאַמענגיסן מיטן ווילדן ההמון, ווערן איינס מיט דעם ים פון צאָרנדיקע געזיכטער, געביילטע פויסטן און קופערנע לונגען.

בוני האָט באַנייט זיינע דראָהונגען אויך מיט אַנאַבעלען:

„זאָג ווערנען מיט מיינע בעסטע גריסן, אַז איך וועל

דאָס מיידל אויף דער פאַרזאַמלונג מיטנעמען, איך וועל איר אויפקלערן, אַז ווערנע האָט איר אין אַ גאָלדענער שטייג; דעמאָלט וועט זי באַשטימט מיטגיין. וועט זי זיך אָבער דער־וויסן די אמתע געשיכטע פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע, אַזוי וועט ווערנע פאַרשעלטן דעם טאָג, וואָס ער האָט גאָר מיט דעם ענין אָנגעהויבן.״

דער פּאָטער האָט קוים באַוויזן אַ שמייכל אונטערצודרוקן. שטילערהייט איז דער אָרעמער אַלטער מאַן געווען שטאָלץ אויף זיין זונס מוט.

צי דער פּאָטער האָט דערמאָנט אַנאַבעלען, צי ער האָט אָנגעווענדט אַנדערע מיטלען, איז נישט באַקאַנט—יעדנפאַלס, איז אין אַ צוויי טעג ווערנע אָנגעקומען פון וואַשינגטאָן און אייגנ־הענטיק געבראַכט ווערטפולע דאָקומענטן פונם אינערנמיניסטער־יום מיט רויטע חתימות, אַז דער פּראָצעס קעגן די אַכט אָנ־געקלאָגטע איז אָפּגערופן געוואָרן.

אַזוי אַרום האָט ווי טראַסי אָפּגענומען צוריק אירע צענ־טויזנט דאָלאַר, די זיבן נאָפּטאַרבעטער זענען ווידער אַרויס האַלבגעבלענדט אויף דעם זונענשיין, און בוני האָט ווייטער געשפּילט די געוויינלעכע ראָל פון דעם שלעכטן פויגל, וואָס באַשמוצט זיין אייגענע נעסט.

# III

בוני האָט זיך דערוווּסט דערפֿון, נאָך איידער די צייטונ־גען האָבן דערפֿון געשריבן, ער האָט זיך געאײַלט איבערצו־געבן די ידיעה פֿאַוולען מיט רותן, פֿאַוול האָט אַלס סטאָליאַר אַרבעט געפֿונען און צוזאַמען מיט רותן האָט ער אַ קליינע וווינונג געדינגען.

רות האָט געאַרבעט אַלס שוועסטער אין אַ גרויסן שפּי־טאָל, פֿאַוול האָט זיך אייניקע ביכער געקויפֿט. אַ קליין שטיקל פּאַראַדיז האָט זיך אין דעם אַרבעטער־קוואַרטאַל פֿון אַנגל־סי־טי פֿאַרקליבן.

ווי רות האָט אויפֿגעשטראַלט ווען בוני האָט איר די ידיעה איבערגעגעבן! און ווי אויסטערליש עס איז אויסגעקומען די מישונג פֿון פּיין און שטאָלץ, מיט וועלכער פֿאַוול האָט גערעדט:

„עס איז זייער גוט פֿון דײַן זייט, מײַן זון, וואָס דו האָסט זיך אַזויפֿיל מי געגעבן, איך אַנערקען עס אויך, אָבער איך האָב מורא, אַז דו וועסט מיך האַלטן פֿאַר אומדאַנקבאַר. ווען דו וועסט זיך דערוויסן, וואָס איך וועל מיט מײַן פֿריי־הייט אויפֿטון."

„וואָס, פֿאַוול?"

„איך האָב באַשלאָסן אין דער וואָרקערס פּאַרטיי אַרײַנ־צוטרעטן."

„פּאַוול!"
בוניס געזיכט האָט אַרויסגעוויזן אויפרעגונג.
„פאַרוואָס?"
„ווײַל איך גלויב אין דער טאַקטיק פון דער פּאַרטיי. איך האָב עס געטון צייט מײַן זײַן אין סיביר, איך האָב נאָר גע-וואַרט ביז דער שטרייק וועט זיך פאַרענדיקן, כּדי אים נישט צו שאָדן, נאָכדעם ווי איך בין אַרעסטירט געוואָרן האָב איך עס נישט געקענט טון, כּדי די חברים נישט צו קאָמפּראָמיטירן. איצט אָבער שטעל איך אין סכּנה נאָר מיך אַליין און וועל דעריבער ענדלעך אַרויסזאָגן, וואָס איך ווייס."
„אָבער פּאַוול, זיי וועלן דיר דאָך נאָכאַמאָל אַרעסטירן."
„מעגלעך, דאָך אָבער וועלן זיי מיר איצט אַלס קאָמו-ניסט אַרעסטירן און פאַרן געריכט שטעלן."
„עס זענען שוין אַזויפיל פאַרמשפּט געוואָרן!"
„אויף אַזאַ אַרט מוז זיך אַ נישט פּאָפּולערע זאַך אַנט-וויקלען. עס איז קיין אַנדער מיטל נישטאָ. אַזוי בין איך אַן אומבאַקאַנטע אַרבעט, קיינער לייגט נישט קיין אַכט אויף מײַ-נע געדאַנקען און ווערטער, ווער איך אָבער אַלס קאָמוניסט פאַר דעם געריכט געשטעלט, אַזוי צווינג איך דורך דעם די מענטשן מיט אונדזערע אידעען זיך צו פאַרנעמען."
בוני האָט בגנבה אַ קוק געטון אויף רותן. זי האָט אי-רע אויגן אויף דעם ברודער אָנגעהאָנגען, די פינגער נערוועז צונויפגעפלאָכטן. אַזוי האָט זי אויסגעזען, ווען פּאַוול איז אין קריג אַוועקגעגאַנגען. זי האָט זיך שוין צוגעוווינט שטענדיק אים צו זען גיין אין קריג.
„ביסטו זיכער, אַז דו קענסט נישט טון גאָרנישט וויכטי-קע־ס, פּאַוול?"—האָט בוני געפרעגט.
„פריער האָב איך געגלויבט, אַז איך וועל אויפטון אַ סך גרויסע זאַכן. אין די לעצטע יאָרן אָבער האָב איך זיך דער-וווּסט, אַז דער אַרבעטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט איז גאָרנישט אַזוי וויכטיק און ער דאַרף זײַן שטעלונג נישט פאַרגעסן. אַ סך פון אונדז וועלן אין די תּפיסות בלײַבן, נאָך

מער וועלן אויסשטאַרבן. מיר מוזן אָר האָבן איין זיכערקייט, אַז מיר וועקן אויף די שקלאַפן.״

אַ רגע האָט מען געשוויגן. דערנאָך האָט בוני געפרעגט:

„ביסטו זיכער, אַז מען וועט דאָס נישט דערגרייכן אויף אַ פרידלעכן וועג, פּאָול?״

„וועגן דעם האָבן די אַנדערע באַדאַרפט אַנטשיידן, מיין זון, האָבן זיי זיך בשעת דעם שטרייק פרידלעך באַנומען? דו וואָלסט דאָ באַדאַרפט זיין!״

„און דו האָפסט נישט מער אויף דער דעמאָקראַטיע?״

„איינגאַנצן נישט. די דעמאָקראַטיע איז דער ציל, דאָס איינציקע, פאַרוואָס עס לוינט זיך צו אַרבעטן. אָבער זי קען ערשט דעמאָלט פאַרווירקלעכט ווערן, ווען מיר וועלן דעם יאָך פון די גרויסע אונטערנעמערס צעבּרעכן, דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ קאַמף, וועלכער קען נישט דורך דער דעמאָקראַטיע אַנט-שיידן ווערן. דערמאָן זיך נאָר אין די אידיאָטן, וועלכע באַזוכן עליס קירך, און שטעל זיך נאָר פאָר, ווען זיי פּרוּוון מיט ווער-בע ראָסקאָע פּאַרטיק צו ווערן.״

בוני האָט געמוזט אַ שמייכל טון.

„דאָס קלינגט ווי איינער פון ווערנעס אויסדרוקן.״

„ער איז אַ פּראַקטישער מענטש, איך האָב פאַר אים דרך-ארץ. ער וויל עפּעס דערגרייכן, געפונט די מיטל דערצו און דערגרייכט עס. ער לאָזט זיך נישט שטערן דורך דער רעגירונג, נישט אמת? ניין, ער וואַרפט אַראָפּ די רעגירונג מיט דער הילף פון כּאַבּאַר. איבעריקנס, מיין זון, האָסטו געלייענט די וואָך דאַן ירוווינגס בריוו פון וואַשינגטאָן?״

„די צייטונג ליגט אין דער היים, נאָר איך האָב זי נאָך נישט געלייענט.״

„דער בריוו וועט דיר אינטערעסירן. דאַן באַהויפּטעט, אַז אַלע זשורנאַליסטן אין וואַשינגטאָן ווייסן, אַז ראָסקאָע מיט אָרעין האָבן מסכּים געווען צו באַצאָלן די קאָסטן פון האַרדינגס וואַלן, אין פאַל ווען זיי וועלן באַקומען די פלאָט-רעזערוון. זיי האָבן איבערגעקויפט מלוכה-באַאַמטע און זשורנאַליסטן אויף לינקס און

רעכטס. עס ווערט אומעטום געפאָדערט אַן אויספאָרשונג, אָבער די באַנדע וועט זיך געבן אַן עצה נישט צו דערלאָזן דערצו.״

פאַול האָט באַמערקט אויף זיין פריינטס געזיכט אַ טרויעריקן אויסדרוק.

„רעד נישט מיט מיר וועגן דעם, מיין זון, איך וויל נישט גאָרנישט זיך דערוויסן, וואָס איך קען נישט פאַרווענדן. אָבער מיר ביידע פאַרשטייען זיך איינער דעם צווייטן, — אונדזער רעגירונג געהער צו די קאַפּיטאַליסטן, וואָס האָט זי מיט דעמאָקראַטיע צו טון?״

בוני האָט גאָרנישט געענטפערט און פאַול האָט ווייטער גערעדט:

„איך האָב דערמאָנט ווערנען, ווי דו רופסט אים, ווייל איך האָב גראָד מיט אים אַ צוזאַמענשטויס געהאַט און ער האָט אויף מיר דעם סיסטעם פאַרווירקלעכט. איך וויל ביי אים זיין מאַכט צונעמען. ווי אַזוי אָבער זאָל איך עס טון? איך דהאָב מיר געבראָכן דעם קאָפּ, ווי אַזוי דאָס קען געשען אויף אַ לעגאַלן וועג. די געריכטן זענען זיינע און זיי וועלן אַלע זיינע האַנדלונגען אַלס געזעצלעכע אָנערקענען. ער באַזיצט אויך דעם פּאָליטיקן אַפּאַראַט צו די מאַסן צו קומען, קען זיי מיטיילן דאָס, וואָס זיי, לויט זיין מיינונג, דאַרפן וויסן. ער קאָנטראָלירט דעם קינאָ; עס הייסט, זיין געליבטע איז אַ פילמארטיסטן, אָבער דאָס דאַרפסטו בעסער וויסן. דו האָסט באַזוכט דעם אוניווערסיטעט, וועגן דער אינסטיטוציע זאָרגט זיך שוין ארעי. דורך שטימצעטלען וועלן מיר גאָרנישט דערגרייכן, ווייל ווערנע קאָנטראָלירט די וואַלאורנע. ווען מיר וועלן אַפילו אונדזערע לייט דורכפירן, אַזוי וועט זיי אויך ווערנע איבערקויפן נאָך איידער זיי וועלן דעם אַמט איבערנעמען. וואָס ווייטער איך קלער וועגן דעם, אַלץ לעכערלעכער זעט מיר אויס דער געדאַנק, אַז ווערנע וועט זיך אַמאָל לאָזן דורכן שטימצעטל באַזיגן.״

„אָבער, פאַול, אויף וואָס זשע האָפסטו דען אויב אַזוי?״

„אויף די אַרבעטער. ווערנעס נאַפּטאַרבעטער, זענען דער באַזיס פון זיין מאַכט, זיי פּראָדוצירן זיין רייכטום. די דאָזיקע

לייט האָבן געמיינזאַמע אַרבעט און געמיינזאַמע אינטערעסן; זיי ווילן צוריק האָבן דאָס רייכטום, וואָס ווערנע האָט ביי זיי צו־גערויבט. פֿאַרשטענדלעך, אַז זיי זענען נישט באַוווּסטזיניק גענוג דאָס צו וויסן, ווייל זיי לייענען ווערנעס צייטונגען און גייען אין זיינע קינאָס, מיר אָבער וועלן זיי אויפקלערן, און ווען זיי וועלן דעמאָלט די נאַפטקוואַלן איבערנעמען, ווי אַזוי אַרום וועט זיי דעמאָלט ווערנע צוריקבאַקומען?"

„זיי וועלן זיך באַנוצן מיט די זעלנער, פּאַוול."

„ניין, ווייל די אייזנבאַנען וועלן זיין אין אונדזער רשות, דעסגלייכן טעלעגראַפֿנאַגענטורן, וועלכע וועלן אונדזערע נייעסן און נישט די זייעריקע איבערשיקן. מיר וועלן אויך האָבן אַלע אַרבעטער פֿון דער מעטאַלאינדוסטרי. מיר אָרגאַניזירן זיי שוין היינט און לערנען זיי ווי זיי וועלן מוזן האַנדלען, — די גאַנצע מאַכט פֿאַר די אַרבעטער."

בוני האָט ווידעראַמאָל דערזען די וויזיע, וועלכע זיין פֿריינט האָט פֿון סיביר מיטגעבראַכט, פּאַוול האָט פֿאָרטגעזעצט מיט דעם טאָן, וואָס האָט בערטין אויפגעבראַכט, אָבער וואָס האָט אויף בונין שטענדיק געמאַכט אַ טיפֿן איינדרוק.

„דיר זעט עס אויס שרעקלעך, ווייל עס באַדייט אַ קאַמף, און דו ווילסט נישט קעמפֿן, דו דאַרפֿסט עס אויך נישט. די מענער, וועלכע מיר באַדאַרפֿן, זענען מענטשן, ווען דער שטאַט איז אין דער נשמה אַריינגעדרונגען, וועלכע זענען דערשלאָגענע און צעקלאַפּט אין דער תּפֿיסה אַריינגעוואָרפֿן געוואָרן און דאָרט אויסגעהונגערט געוואָרן. אַלע באָלשעוויקעס האָבן זייערע לערניאָרן אין די תּפֿיסות פֿאַרבראַכט, איצט שיקן אונדז די אַמעריקאַנישע אונטערנעמערס אויף דעם זעלבן שטודיום. אַזוי אַרום ווערן מיר נישט נאָר אויסגעפּרוּווט און פֿאַרהאַרטעוועט, נאָר אויך געצייכנט; די אַרבעטער קענען אונדז. די אָרעמע שקלאַפֿן, וועלכע וואַגן נישט פֿאַר זיך מיט אַ פֿינגער צו רירן,

לערנען זיך באַגרייפן, אַז זיי מעגן צו אונדז צוטרוי האָבן, אַז מיר וועלן זיי נישט פאַרק.יפן צו וואַרנע באָסקאָע. איך וועל צוריק קיין פאַראַדיז גיין, מיין זון, און דאָרט דעם קאָמוניזם פאַרשפרייטן, און ווען ווערנע וועט מיר נאָכאַמאָל אַרעסטירן, אַזוי וועט אויף אַזאַ אופן דער פראָגראַם פון מאָסקווע און די גערייכטסאַקטן פון סאַן עלידאַ זיך אריינבאַקומען.״

# IV

די צייטונגען האָבן געבראַכט דאָס נייעס וועגן דעם וויכטיקן געשעעניש אין דער געזעלשאַפט: די חתונה פון פריילין אַלבערטע ראָס, דער איינציקער טאָכטער פון הער י. אַרנאָלד ראָס מיט הער עלדאָן בורדיק, אַ זון פון דער עלצטער פאַמיליע אין שטאט, דער פאָרזיצנדער פון דער שוצליגע פון קאַליפאָרניע.

אין איניקע טעג שפּעטער האָט מען געקענט לייענען די ידיעה, אַז הער בורדיק איז באַשטימט געוואָרן אַלס „סעקרעטאַר פון דער אַמעריקאַנישער באָטשאַפט אין פּאַריז.

קורץ נאָכדעם, וואָס דאָס יינגע פּאָרל איז אָפּגעפאָרן קיין אייראָפּע, האָט די מומע עמאַ, וועלכע האָט זיך איינגערעדט, אַז זי האָט אויסגעפירט בערטיס חתונה, געפּרוווט איר קונסט אָנחענדן אויך לגבי בונין.

די געלעגנהייט דערצו איז געווען די פּרעמיערע פון דער „פּרינצעסין פּאַטשולי”, אויף וועלכער די מומע עמאַ האָט זיך מיט ווי באַקענט, זי האָט זיך פונם ערשטן אויגנבליק פאַרליבט אין איר און אירע געפילן דעם פלימעניק אָנפאַרטרויט.

בוני האָט באַמערקט אַז מען וויל אים צו פאַרשטיין געבן מיט ווייבלעכער טאַקט, אַז ווי טראַסי, וועלכע איז אויף דעם לייוונט אַן אמתע פּרינצעסין, האָט אויך אין לעבן דעם אויס-

זען און די מאַניערן פון אַ געבוירענער אַריסטאָקראַטין. עס האָט געהערט צו דער ווייבלעכער אינטואיציע, אַז אַ פרוי, וועלכע האָט קיינמאָל קאַליפאָרניע נישט פאַרלאָזן און קיינמאָל נישט אין משך פון אירע פופציק יאָר קיין אמתע אַריסטאָקראַטין געזען, זאָל פונדעסטוועגן וויסן גענוי ווי עס זעט אויס אַן אַריסטאָקראַטין און ווי זי באַנעמט זיך.

בוני האָט דערקלערט:

„יאָ, ווי איז זייער ליבלעך און שיין."

מיט די עכט מענערישע אומליבעסווירדיקייטן איז ער דער מומעס אָנדייטונגען נישט געקומען אַנטקעגן און איר פון זיין ליבע נישט דערציילט, יאָ, ער איז געווען אפילו אַ ביסל שאָקירט, ער האָט אויסגעפונען די מומע עמאַ פאַר צו אַלט כדי איר אַזעלכע געשיכטען צו דערציילן.

דעריבער ד־האָט די מומע עמאַ געמוזט אַרויס מיט אַ פראַגע?

„פאַרוואָס האָסטו מיט איר נישט חתונה, בוני?"

„איך ווייס גאָרנישט, צי זי וויל מיך, מומע עמאַ."

„האָסטו זי שוין געפרעגט?"

„זי האָט עס מיר געגעבן אָנצוגעהערן."

„לאָז איבער די אַלע אָנצוהערענישן אין אַ זייט, רעד מיט איר אָפן, זי איז אַ וווּנדערלעך שיין מיידל, און דו קומסט אין דער עלטער, ווען מען מוז שוין ווערן ערנסט. איך האַלט עס פאַר זייער אַ גוטן שריט און איך בין זיכער, אַז עס וועט דיין פאָטער דערפרייען, אויב דו וועסט איר קיין פאָרשלאַג נישט מאַכן, וועט ער איר אַליין אַזעלכן מאַכן.

די מומע עמאַ האָט זיך געפרייט פון איר געוואַגטן שפּאַס; די יינגע גענעראַציע זאָל נאָר וויסן, אַז מען קען נישט אַזוי לייכט די אַלטע אין אַ זייט אַוועקשטעלן.

בוני איז געווען אַ נאָכגיביקער מענטש; ער האָט זיך די זאַך איבערגעלייגט און באַשלאָסן מיט ווי איבערצורעדן.

ווען זיי האָבן זיך אָבער דאָס נעכסטע מאָל צוזאַמענגעטראָפן, איז עס ביי זיי געקומען צו אַזאַ מיינונגספאַרשידנהייט

וואָס האָט דעם ענין זייער באַשווערט.

ווי איז נאָר וואָס געווען ביי אַנאַבעלע עמס און דער־ציילט, אַז זי איז זייער אומגליקלעך; עפּעס אַ געמיינער זשור־נאַליסט שרייבט בריוו פון וואַשינגטאָן, אין וועלכע ער באַ־שולדיקט ווערנען, אַז ער האָט די פּרעזידענטגשאַפט פון די פאַראייניקטע שטאַטן אָפּגעקויפט, רופט אָן די סוניסוד־אָרענדע איינס פון די גרעסטע שווינדלערייען פון דעם יאָרהונדערט און פּאָדערט, אַז ווערנע זאָל צוגעצויגן ווערן צום געריכט פאַר געבן כאַבאַר. און איינער אַ באַקאַנטער האָט דאָס אַרטיקל פון דער צייטונג אויסגעשניטן און דאָס אַנאַבעלען צוגעשיקט מיט דער באַמערקונג „פּערזענלעך".

דער אַרטיקל איז געווען פול מיט זידלערייען און דער נאָמען פונם פּאַרפאַסער האָט אויסגעזען ווי באַקאַנט צו זיין: דאַניעל וועבסטער ירווינג.—פונוואַנען קען זי דאַניעל וועבסטער ירווינג? פאַרשטענדלעך, אַז בוני האָט עס איר באַלד געמוזט זאָגן:

„דאָן ירווינג איז אין זייער צייט געווען מיין לערער אויף דעם אוניווערסיטעט און דער דירעקטאָר פון דער צוגרונט־געגאַנגענער אַרבעטער־הויכשול."

ווי איז געוואָרן בייז:

„דער חברה־מאַן האָט ביי דיר די געהיימניסן אויסגע־נאַרט!"

און ווען בוני האָט באַהויפּטעט, אַז ער האָט וועגן די ענינים נישט מיט דאַנען, נישט מיט קיין אַנדערע פון זיינע ראַדיקאַלע פריינט גערעדט, האָט זי אויסגערופן:

„אָ, מיין גאָט, מיין גאָט! דו אָרעמע, נאַאיווע, פאַרטרוי־לעכע נשמה!"—זי האָט געליאַרעמט,—דאָס איז ווידער אַמאָל אַ באַווייז פאַר דער ערמה פון די געפערלעכע רויטע, דו באַ־מערקסט גאָרנישט, ווי אַזוי זיי באַהאַנדלען דיך ווי אַ נאַפט־קוואַל און פּאָמפּן דיך אויס!"

לויט וויס מיינונג האָט מען קודם־כל נישט באַדאַרפט דערלאָזן, אַז אַנאַבעלע מיט ווערנען זאָלן זיך דערוויסן וועגן

בוניס באַקאַנטשאַפט מיט דעם געמיינעם זשורנאַליסט.

אַנטדעקן זיי דאָס, אַזוי איז אויס מיט דער פריינטשאַפט, זיי וועלן זיין איבערצייגט, אַז בוני האָט זיי מיאוס פאַרראַטן, אָדער אַמווייניקסטנס, אַז ער איז אַ טיפּש, מיט וועלכן מען טאָר זיך נישט חברן. ווי האָט געוואָלט זיין לאָיאַל, ראָמאַנטיש און מעלאָדראַמאַטיש ווי אין איינעם פון אירע פילמען. בוני אָבער האָט זיך דערפילט געלאַנגווייליקט און געענטפערט, אַז דער פאָטער האָט זיכער ווערגען אַלץ דערציילט, נאָכדעם, ווי ער, בוני, האָט עס איבערגעגעבן דעם פאָטער.

און אַזוי אַרום האָט דער ייִנגער נאָפטפּרינץ דער „גע-בוירענער אַריסטאָקראַטין" קיין חתונה-פאָרשלאַג נישט געמאַכט.

ער איז אַוועקגעגאַנגען און זיך דערפילט אומגליקלעך; איז ער נישט געוועזן מיט ווי צוזאַמען, אַזוי האָט ער געבענקט נאָך איר, זענען זיי ווידער געווען צוזאַמען אַזוי איז געקומען צו מיספאַרשטענדנישן און זיי האָבן זיך געזעגנט מיט טרערן.

בוני וואָלט געקענט די דאָזיקע אומאַנגענעמלעכקייטן אויסמיידן, נאָר צוריקציענדיק זיך פון דער ראַדיקאַלער באַוועגונג. און דאָך איז אויף דעם גייסטיקן געביט נישט געווען נאָך עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אים אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירן.

ער האָט געוואָלט מיט פּאָולן זיך צוזאַמענטרעפן, דעבאַטירן מיט אים און נייע באַווייזן געגן דער וואָרקערס פּאַרטיי ברענגען. ער האָט אויך געוואָלט רחלען מיט פּאָולן און רותן באַקענען און זיך צוהערן צו די ווילדע דעבאַטן, וועלכע עס וועלן אַרויסרופן דיז מיינונגען פון רחלען וועגן דעם שגעון פונם לינקן פליגל.

ער האָט געוואָלט בייוווינען די פאַרזאַמלונגען פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט, ביי וועלכער רחל האָט פון אייניקער צייט געאַרבעט אַלס סעקרעטאַרן,—דאָ איז געווען אמתע בילדונג, ייִנגע מענטשן וועלכע האָבן ווירקלעך באַנוצט זייער פאַרשטאַנד, און וועלכע האָבן אידעען גענומען פּונקט אַזוי ערנסט ווי די סטודענטן זייער פוטבאָלשפּיל.



צווישן בונים אַלע באַקאַנטע, זעט אויס, איז נאָר געווען איינער פאַלקאַם גליקלעך; עלי וואטקינס, דער נביא פון דריטער אַנטפּלעקונג.

דער הער גאט האָט בוכשטעבלעך געהאַלטן זיין צוזאָג; ער האָט געמאַכט, אַז אַ גרויסער באַנקיר, מאַרק אייזנבערג, וועלכער האָט באַהערשט די פינאַנסנוועלט פון אַנגל-סיטי, זאָל זיך איבער עליס פּאָליטישן איינפלוס פאַרקלערן און אַ שענע סומע געלט פאַר עליס נייעם טעמפּל צו שענקען. איצט איז שוין די געביידע געווען פאַרענדיקט, און איר דעקאָראַטיווע זייט איז געווען אויף אַזאַ אופן אָוועקגעשטעלט, וואָס דער רבונו-של-עולם האָט נאָך אויף דעם טייל פון דער וועלט נישט געזען.

דרום-קאַליפאָרניע איז מערסטנטייל באַוווינט פון פּערמערס, וועלכע זענען אַהערגעקומען פון מערב כדי צו שטאַרבן צווישן בלומען אונטער אַ בלאָען הימל.

פאַרשטענדלעך, אַז זיי האָבן געוואָלט גליקלעך שטארבן און זיין פאַרזיכערט מיט אַ צוקונפט פול מיט בלומען און זונשיין.

דעריבער איז אַנגל-סיטי דאָס אָרט פון אַלערליי אויסטערלישע קולטן און לערעס, פון וועלכע מען האָט קיין אַנונג-

בישט, אויב מען באַקענט זיך נישט מיט זיי אויף דעם אָרט, וועט איר די רעליגיעזע אַנאָנסן אין די אַנטיקבלעטער לייע־נען, אַזוי וועט איר מוזן אויסברעכן אָדער אין אַ גלעכטער, אָדער אין אַ געוויין, אָפּהענגיק פון גייסטיקן מצב. ווו באַר עס האָבן זיך דריי אָדער פיר מענטשן פאַרזאַמלט אין נאָמען פון יעזוסן, בודאַן, צאַראַאַסטרן, אָדער פון דעם אמת, דעם ליכט, דער ליבע, אָדער דעם נייעם אַרט דענקן, ספּיריטואַליזם, און פּסיכישע וויסנשאַפטן, — דאָרט איז שוין פאַרגעקומען אַ נייע אַנטפּלעקונג, פול מיט מיסטישן, אינערלעכן גליק און עזאָטערי־שע וועגן פון דערלייזונג.

עלי האָט זיך געפונען אין אַ גליקלעכערע לאַגע פון די אַלע אַנדערע אמונה־גרינדערס. ער איז געווען אַן אמתער פּאַס־טוך פון שאָף, און מיט דעם באַרוף זענען פאַרבינדן אַלטע טראַדיציעס. ער האָט דאָס אויך באַנוצט אַלס סימבאָל: ער האָט געטון מיט די מענטשלעכע ציגן פון אַנגלי־סיטי דאָס זעלבע, וואָס ער האָט געטון מיט דיווירקלעכע ציגן. ער האָט זיי צו־נויפגעזאַמלט אין אַ טשערעדע און זיי געשיצט פון דעם וואָלף, דעם שטן.

עלי האָט אויף דער קאַטעדרע שטענדיק געהאַלטן אַ פּאַס־טוך־שטעקל אין דער האַנט. איינגעהילט אין ווייסע מלבושים מיט אַ לייכטנדיקן שטערן און די בלאָנדע האָר, האָט ער גע־רופן די טשערעדע פונקט אַזוי ווי ער האָט עס אין די בערג־לעך געטון. די דאָזיקע חיות האָבן זיך אַליין געשוירן, ווען ער האָט עס געוואָלט.

עלי האָט געהאַט אַ זין פאַר דעם דראַמאַטישן. ער האָט געשטעלט קליינע, פּרימיטיווע, לעבעדיקע בילדער און דאָס האָט געמאַכט ימים־טובים, וועלכע האָבן זיינע פשוטע אָנהענגער ממש אַנציקט. האָט עלי געוואָלט איבערגעבן ווי ער איז פון דעם שלעכטן געפּרוווט געוואָרן, אַזוי איז דערשינען דער טייוול אויף דער סצענע, מיט פערדישע פיס, הערנער און מיט אַ וויידל. עלי האָט הויך אויפגעהויבן דעם קרייץ, דער טייוול איז גע־פאַלן מיטן פּנים צו דער ערד, די זילבערנע טרומפּייטן האָבן

אָנגעהויבן צו שאַלן און די גלויביקע האָבן הויך געשריגן הוי־שענאָ! אָבער עלי האָט געדרשנט:

„זאָלן די קינדער צו מיר קומען", און הונדערטער קינ־דער ווייס געקליידט זענען צו אים געקומען, און ווי נאָר עלי האָט דעם פּאַסטוכשטעקן אויפגעהויבן, אַזוי ד'האָבן די פרישע, יינגע שטימען געזינגען: „געלויבט זאָל זיין דער נאָמען פון גאָט!"

פאַרשטענדלעך, אַז עס איז אויך געווען אַ תשובהבאַנק און אַ מאַרמאָרנער באַסיין אויף צו טויפן. קיינער דאַרף נאָר נישט פאַרגעסן, אַז ער האָט אַ נשמה, וועלכע איז פאַר אים און פאַר יעזוסן פון אומגעהייערער וויכטיקייט און וועלכע קאָן מיט דער הילף פון עלין דערלייזט ווערן. די גלויביקע זענען כסדר אויפגעפאָדערט געוואָרן עפעס צו טון. אָדער לכבוד גאָט אויפשטיין, אָדער אין די הענט צו פּאַטשן, אָדער אַלס נייגע־טויפטע די רעכטע האַנט אויפצוהייבן.

דער גרעסטער פאָרצוג עליס לגבי די איבעריקע נביאים איז בלתי ספק געווען די גרויסע קראַפט פון זיינע לונגען, וועלכע ער האָט אַנטוויקלט אויף די בערגלעך פון פּאַראַדיז. אין דער גאַנצער געגנט איז נישט געווען צו טרעפן נאָך אַזאַ שטים, וועלכע זאָל קענען אַזוי הויך און לאַנג שרייען.

דעם גאַנצן זונטיק האָט די שטים געדונערט, גאַנצפרי, נאָכמיטאָג און אין אָוונט, אויך אין אַלע איבעריקע טעג, מיטן אויסנאַם פון שבת, זענען פאָרגעקומען תפילות פרימאָרגנדיקע און אָוונטיקע געבעטשעהן, ביבלקורסן, געזאַנגען, דערלייזונגען, טויף און דאַנק תפילות און חתונות, — עס איז געווען שווער צו באַמערקן וואָס אין די פולע צימערן און זאַלן פון דעם טעמפּל, וואָס האָט אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר אָפּגעקאָסט, עס איז פאָרגעקומען.

די ווינסנשאַפט האָט געמאַכט אַ וווּנדערלעכע דערפינדונג, מיט דער הילף פון וועלכער די מענטשלעכע שטים האָט מען געקענט צעשיקן הונדערטמאל פאַרשטאַרקט איבער דער גאַנצער

ערד. גאַנץ אַמעריקע איז געוואָרן ראַדיאָ־משוגע און יעדער האָט געוואָלט האָבן אַן אַפּאַראַט.

דער גרויסער ראַדיאָאַפּאַראַט אין אַנגל־סיטי איז צום ערשטן מאָל באַנוצט געוואָרן לכבוד דער דערעפענונג פון אַ נייעם לוקסוס־האָטעל.

דער סוף איז געווען, אַז אַלע האָטעלגעסט האָבן זיך שטאַרק אָנגעשכורט און דער לייטער פונם האָטעל האָט זיך געשטעלט ביי דעם מיקראָפאָן און אַרויסגעלאָזט אַזאַ שטראָם פון ציינישע ווערטער, וועלכע די פּערמעפּרויען האָבן נאָך נישט געהערט ביז אַהער, דעריבער האָט אין אַלגעמיין געהערשט די מיינונג, אַז די נייע דערפינדונג דאַרף ווערן אָפּגערייניקט פון זינד און געהייליקט.

עלי האָט באַלד אויסגעפירט דאָס שליחות און אין זיין טעמפּל אויפגעשטעלט איינעם פון די גרעסטע אַפּאַראַטן. מיטן חסד פון גאָט איז זיין וואָרט אַזוי אַרום פאַרשפּרייט געוואָרן אויף אַ שטח פון פיר מיליאָן קוואַדראַט־מייל. עס האָט זיך באמת געלוינט פאַר אַזאַ גרויסן פּובליקום צו פּרעדיקן, געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען! אַזוי אַרום זענען עליס דרשות געוואָרן כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם דרום־קאַליפאָרנישן לעבן, עס איז געוואָרן אוממעגלעך זיי אויסצומיידן.

דער דאָקטאָר האָט דעם הער ראָס דערקלערט, אַז ער מוז האָבן וואָס מער באַוועגונג, און ער האָט דעריבער טעגלעך געמאַכט פאַרן מיטאָג אַ האַלב־שעהדיקן שפּאַצירגאַנג.

אין דעם דאָזיקן וואַרעמען פרילינגסוועטער זענען כמעט אַלע טירן געווען אָפן, מען האָט נאָר געמוזט אויסקלייבן אַ שטאָטפערטל ווי די ווייניק פאַרמעגלעכע האָבן געוווינט, אַלזאָ אַ ניינציק פּראָצענט פון די שטאָטאיינוווינער בכלל; דעמאָלט האָט מען שוין אויך פאַרנומען די פאַרטרוילעכע ברילנדע שטימע, און נאָך איידער מען האָט זי פון דעם אויער פאַרלוירן, אַזוי איז מען שוין צוגעקומען צו אַ צווייטן ראַדיאָאַפּאַראַט, און אַזוי איז עס געגאַנגען ווייטער פון גאַס צו גאַס, פון איין שטאָט־פערטל צו דעם צווייטן

אין די הייזער זענען געזעסן אַלטע פּאָרלעך, די פאַמיל־יעביבל אין דער האַנט און טרערן פון אַנציקונג אין די אויגן, אָדער אַ מוטער האָט געוואַשן ווינדעלעך, צי זי האָט צוגעגרייט אָוונטברויט פאַרן מאַן, אין דער צייט, ווען איר נשמה האָט דורך די ווערטער פונם גרויסן נביא אינם הימל אַרומגעשוועבט.

אויך דער הער ראָס, וועלכער איז פאַרביי די הייזער געגאַנגען איז געווען אַנציקט, — האָט ער דאָך די דריטע אַנטפּלעקונג אין גאַנג געבראַכט אין די לאָזונגס־ווערטער געפּוינען, — אין יענעם טאָג, ווען ער האָט דעם אַלטן אַבעל וואַטקינס געוואָלט שטערן זיין טאָכטער רות צו שלאָגן.

# VI

בוני האָט באַקומען אַ בריוו פון דאַן ירווינגען. אין וועלכן ער האָט אים איבערגעגעבן פון זיין נייער אַרבעט. עס איז געוועזן זייער איינפאַך צו יענער צייט אַ ראַדיקאַלער פרעסעקאָראספאָדענט אין וואַשינגטאָן צו זיין; די בירגערלעכע זשורנאַליסטן זענען געווען איבערפולט מיט מאַטעריאַל, וועלכן זיי האָבן נישט געקאָנט פאַרווענדן, דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן געקאָכט פון אויפרעגונג פון די זאַכן וואָס זיי האָבן צוגעזען, און ווען זיי האָבן געטראָפן ירווינגן האָבן זיי דאָס אַרויסגעגעבן.

דאָס אומגליק איז נאָר געווען, וואָס די אַרבעטערפּרעסע האָט געהאַט אַזוי ווייניק פלאַץ אין איר רשות, און נאָר אַ טייל פון די בירגערלעך-ראַדיקאַלע צייטונגען האָט זיך מיט דאַנס מאַטעריאַל פאַראינטערעסירט.

פרעזידענט האַרדינג האָט ביי דעם איבערנעמען זיין פּאָסטן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גאַנצע מחנה פון חסידים, וועלכע זענען געווען אין געהיים זיין פּאָליטישע לייבוואַך.

די זשורנאַליסטן האָבן זיי גערופן די אָהיאָ-באַנדע און האָבן באַהויפּטעט, אַז זיי באַרויבן יעדן, מיט וועמען זיי האָבן נאָר צו טון.

באַרניי בראָקוויי האָט איינעם פון זיינע געטרייע מענטשן געגעבן אַ שטעל אין געהיימדינסט; דאָט מען עפּעס געוואָלט אַזוי האָט דער מאַן שוין געזאָגט דעם פּרייז, דער געווינטלע־כער פּרייז האָט אויסגעטראָגן פינף פּראָצענט; האָט מען גע־וואָלט דערהאַלטן עטוואָס אין דעם ווערט פון צען מיליאָן דאָ־לאַר, אַזוי האָט מען באַצאָלט אַ האַלבן מיליאָן דעם מאַן, וואָס האָט די זאַך „דערליידיקט".

דער אומלעגאַלער אַלקאָהאָל־פּאַרקויף איז געוואָרן מיט מיליאָנען פּאַרדעקט, דאַן האָט זיך דערוווּסט, אַז פון דעם פּאָנד אונטערצושטיצן די מלחמה־געליטענע איז אַוועקגעגנבעט געוואָרן איבער דרייהונדערט מיליאָן,—דער לייטער פון דערדאָזיקער באַנ־דע האָט געהערט צו דער אָהיאָ־באַנדע.

אָבער וואָס מען זאָל נישט האָבן אַנטדעקט, איז דאָס וווּנדערלעכסטע דערביי געווען דאָס, וואָס יעדע גרויסע צייטונג און צייטשריפט האָט זיך אָפּגעזאָגט די רעוועלאַציע צו דרוקן.

בוני האָט דעם בריוו געוויזן דעם פּאָטער, און דער אַל־טער מאַן האָט ווי געווינטלעך אַרויסגעלייענט פון אים פונקט פאַרקערט פון דעם, וואָס בוני האָט אין אים אויסגעפונען.

„יאָ די פּאָליטיק איז עטוואָס מיאוס, דאָס זעסטו ווידער־אַמאָל, וואָס עס געשעט, ווען מען איז אויף אַזויפיל נאַריש דער רעגירונג די געשעפטן אָנפאַרטרויען, מען מוז זיי איבער־געבן די געשעפטסלייט. וואָלטן מיר גלייך אין אָנהייב די נאַפּט־פעלדער באַקומען, אַזוי וואָלט עס גאָרנישט געווען נויטווענדיק כאַבאַר צו געבן, מיר, איך און ווערנע, זענען עכטע פּאַטריאָטן וועלכע ווילן מאַכן אַ סוף מיט דער נידערטרעכטיקער פּאָליטיק".

האָט דער פּאָטער באמת געגלויבט אין די ווערטער?

בוני האָט עס נישט געוווּסט אויף זיכער.

דער פּאָטער האָט ליגנס פאַר דער עפנטלעכקייט, אפשר האָט ער אַנדערע פאַר דעם זון און נאָך אַנדערע פאַר זיך אַליין, וואָלט מען ביי אים צוגענומען זיינע ליגנס, אַזוי וואָלט ער דעם אנבליק פון זיין נאַקעטקייט נישט איבערגעטראָגן.

זיינע פיינט, די „אומצופרידענע" פונם קאָנגרעס האָבן געטון אַלץ וואָס מעגלעכס כדי דידאַזיקע שלייערס אַראָפּצורייסן. דאָ איז געווען צום ביישפּיל אַן אַלטער סענאַטאָר מיטן נאָמען לאַ פאָלעט, וועלכער איז שוין פּערציק יאָר אומצופרידן, און האָט נאָך אַלץ נישט געפונען קיין היילמיטל, איצט האָט ער זיך אָנגעכאַפּט ביי די נאַפט-אַרענדעס און געפאָדערט אַן אויס-פאָרשונג. דער האַרדינג-אַפּאַראַט האָט אים טאַקע בלאָקירט, ער ער האָט אים אָבער נישט געקאָנט שטערן רעדעס צו האַלטן; צייטנווייז האָט ער גערעדט פאַר איבערפולטע גאַלעריעס, אַכט שעה אין איין גאַנג. און דערנאָך האָט ער זיינע רעדעס צע-שיקט אַן מאַרקעס, נאָר מיט דעם רעגירונגס-שטעמפּל.

דער פאָטער האָט געברומט און געשאָלטן, נאָר ער האָט זיך פלוצים דערמאָנט, אַז זיין אייגענער געליבטער זון שטייט אויף דער זייט פון דעם פאַרשפּרייטער פון אומרועץ, אָנשטאָט אַנטייל צו נעמען אין די ליגנס פונם פאָטער, האָט בוני זיי נאָך קריטיקירט און געצווונגען דעם פאָטער זיך צו שעמען.

דאַן האָט זיך געטראָפן עטוואָס אויסערגעוויינטלעך פיינלע-כעס. אין אַ מערב-שטאָט האָט געוווינט אַ צייטונגס-באַזיצער, אַן אַלטער גרענעצפּיראַט, וועלכער האָט אָנגעהויבן אַלס בופּעט-שיק, ער האָט דערשמעקט דעם נאַפטסקאַנדאַל, אַ מאַן וועלכער האָט באַהויפּטעט, אַז ער האָט רעכט אויף אַ טייל פון דער סוביסוד-אַרענדע האָט אים אויפגעזוכט. דער צייטונגס-באַזיצער האָט זיך פאַרייניקט מיט אים אויף פופציק פּראָצענט, און האָט דאַן מיטגעטיילט וועלבען, אַז ער וויל אַ מיליאָן דאָלאַר, ווער-נע האָט אים אָפּגעענטפערט אַז ער זאָל גיין צום טייוול. דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז די צייטונג זאָל אויף דער ערש-טער זייט אָנהייבן דרוקן רעוועלאַציעס וועגן דעם גרעסטן שווינדל אין דער וועלט-געשיכטע, און דאָ האָט עס זיך גע-האַנדלט נישט אין אַן אומבאַקאַנט סאָציאַליסטיש בלעטל, נאָר אין איינער פון די צומערסט געלייענטע צייטונגען פונם לאַנד, זי איז געוואָרן צעשיקט צו אַלע קאָנגרעסמיטגלידער און צו

אַלע רעדאַקציעס, עס איז געווען שרעקליך!

הער ראָס, ווערנע און די איבעריקע האָבן אָפּגעהאַלטן ארגפולע בעראַטונגען; שליסליך האָבן זיי געמוזט נאָכגעבן און האָבן באַצאָלט דעם אַלטן פּיראַט אַ מיליאָן דאָלאַר אין באַר געלט. פון דעם מאָמענט האָט די צייטונג פאַרלוירן יעד, אינטערעס פאַר דעם ווייל פונם לאַנד.

# VII

בּוני איז געווען זייער שווער צו באַזוכן דעם „מאַנאַס־טיר״ נאָך דעם אַלעמען, וואָס איז פאָרגעקומען, אָבער ווי האָט נישט דערלויבט, אַז ער זאָל זיך האַלטן פון דערווייטנס.

„אַנאַבעלע איז אַזוי ליב און גוט און זי וואָלט געווען זייער געקרענקט, ווען דו זאָלסט צוליב עקלהאַפטע פּאָליטישע שטרייטן די פריינטשאַפט איבעררייסן.״

„ווערנע דאַרף זיין בייז אויף מיר. צי קאָנסטו זיך פאָר־שטעלן, אַז ער זאָל קאָנען זיין טאַקטפול און לייגן אַכט, וואָס איך וועל זיין אַ גאַסט?

ווען עמעצער אין דער געזעלשאַפט האָט קיין אַלקאָהאָל נישט געטרונקען, אַזוי איז באַלד דער שמועס אַריבער אויף דעם געזעץ וואָס פאַרבאָט אַלקאָהאָל; האָט זיך עמעצער אָפּגע־זאָגט צו זידלען די סענאַטאָרן אין וואַשינגטאָן, וועלכע האָבן זיך געבונטעוועט, אַזוי ד׳האָט מען באַלד באַשלאָסן, אַז ער האָט סימפּאַטיעס פאַר באָמבעוואַרפערס, די קליינע גרופּע פון „רויטע״ אינם קאָנגרעס האָבן נישט דערלאָזט צו איין געזעצ־געבונג, וועלכע איז געווען זייער געווונשן פאַר די רייכע, זיי זענען געוואָרן אָנגערופן אין אַלע סאַלאָנען, אויך ביי ווערנע ראָסקאָע.

דער גרויסער שמאָלסקי האָט געפרעגט:

„וואָס צום טייוול ווילן אײַנגנטלעך די דזשיקע לייט?"
און ווערנע האָט געענטפערט:
„פרעג דעם הער ראָס יוניאָר, ער איז מיט זיי באַפריינדעט."

אַנאַבעלאַ האָט זיך באַלד געמוזט אַריינמישן:
„קיין פּאָליטיק! איך דערלויב נישט מען זאָל וועגן בונין רעדן!"

אין אַנגלי־סיטי איז געקומען צו פאַרשידענע פּאַרפּאַלן.

די מיטגלידער פונם אַמעריקאַנישן לעגיאָן אויפגערייצטע פון די „רויטע רעוואָלוציאָנערע פּראַזן", זענען באַפאַלן די הויפּט־קוואַרטיר פון דער י. וו. וו., די מיטגלידער פון די טרעפּ אַראָפּגעשליידערט און זיי נאָכגעוואָרפן די טישן און שרייבמאַשינען ווייל די געריכט, זעט אויס, האָבן נישט געקענט זאָרגן פאַרן רו און אָרדנונג, האָבן עס די יינגעלייט געוואָלט אַליין טון.

זיי זענען אָנגעפאַלן אויף בוכהאַנדלונגען, ווו מען האָט פאַרקויפט ביכער אין רויטע בענדער, האָבן די דזשיקע ביכער אויף דער גאַס אַרויסגעוואָרפן און זיי פאַרברענט, זיי האָבן צעשלאָגן די פאַרקויפער פון ראַדיקאַלע צייטונגען און האָבן נאָכגעקאָנטראָלירט, וועלכע רעדנער עס דאַרפן האַלטן רעדעס. איז זיי נישט געפעלן דער אָדער יענער רעדנער, אַזוי האָבן זיי עס מיטגעטיילט דעם באַזיצער פון דעם זאַל און דער האָט זיך שוין געאײַלט זיין אָפּמאַך צו ברעכן.

זשאָן קראָבי, איינער פון ווערנעס נאַפט־שותפים פון אָק־לאַהאָמאַ האָט באַמערקט איינמאָל ביי אַ מיטאָג אין מאָנאַסטיר:
„דאָס איז דער ריכטיקער וועג מיט די דזשיקע שלאַנגען אַרומצוגיין."—אפשר האָט קראָבי נישט געוווסט, אַז גראָד קעגנאיבער אים זיצט איינער פון די דזשיקע שלאַנגען, דעריבער האָט זיך בוני נישט געפילט באַליידיקט, און האָט נאָר שטום זיך צוגעהערט.

„אַזוי האָבן מיר עס אויך ביי אונדז געמאַכט, די לעגיאָנלייט אויף זיי אַרויסגעלאָזט, זיי האָבן זיי די קעפּ צעשלאָגן, איר זענט צו זיי צופיל גוט, ווערנע."

אַנאַבעלע האָט בונין געזעצט נעבן זיך, כדי אים צו קע־נען פאַרטיידיקן קעגן אָנגריפן, איצט האָט זי אים שנעל אָנ־געהויבן צו דערציילן פון איר נייעם פילם „אַ מוטער הארץ".

„אַזאַ רייצנדע אַלטמאָדישע געשיכטע. איר וועט זי אפשר אויסגעפונען פאַר צו סענטימענטאַל, אָבער אַלע פרויען וועט זי געפעלן, און איך האָב אַ הערלעכע ראָל. ווי האָט אייך אַ שיינעם נאָמען פאַר איר נייעם פילם „דער גאָלדענער דיוואן". געפונט איר נישט איין, אַז דער טיטול איז זייער אַ גוטער?"

בונין אָבער האָט די גאַנצע צייט געהערט, ווי זשאָן קראָ־בי, איבערשרייענדיק אַנאַבעלעס ווייכע שטים, האָט געהאַלטן אין איין לויבן דעם לעגיאָן, ער וואָלט אים גערן געפרעגט, וואָס זאָגן זיינע פראָנטזעלנער צו דער אָהיאָ־באַנדע, וועלכע האָט ביי זייערע מלחמה־געליטענע חברים דאָס געלט צוגע־גנבעט.

עמעץ האָט דערמאָנט, אַז די אַמאָליקע פראָנטקעמפער צענזורירן אויך איצט דעם פילם, ווען דער קינאָ אין אַנגל־סיטי האָט אויפגעפירט אַ דייטשן פילם „דער קאַבינעט פונם דאָקטאָר גאַליגאַרי", זענען די לעגיאָנערן געווען אַזוי שטאַרק אויפגערעגט, אַז זיי האָבן צעשלאָגן אַלע מענטשן וועלכע האָבן נאָר געוואָלט דעם קינאָ באַטרעטן.

טאָמי פאַלעי האָט געלאַכט. דער העלדנמוט פון די אַמאָ־ליקע פראָנטקעמפער האָט געשטיגן צוליב אַ פינפער דאָלאַר פון אַ קאָפּ, וואָס די פאַרייניקונג פון דער פילמאינדוסטרי האָט אויסגעצאָלט. שמאַלסקי האָט זיך אַריינגעמישט אין שמועס, ער איז געווען צו פעט, ער זאָל פאַרשטיין אַן איראָניע. די פאַ־רייניקונג האָט פאָלקאָם רעכט, האָט געמיינט דער פון אפשטאַ־מונג רוטעניש, אָדער רומעלישער, אָדער רומענישער ייד.

„מיר טאָרן זיך נישט מיט קיין אויסלענדישע פילמען באַנוצן!"

אַ ביסל שפּעטער האָט בוני געהערט ווי שמאַלסקי האָט באַהויפּטעט, אַז די האָליוווד־פילמען עראָבערן דעם דייטשן מאַרק.

„זאָל אייך ווויל באַקומען!"—האָט בוני געזאָגט.

שמאַלסקי האָט אים אָנגעקוקט צעמישט.

# VIII

נאך איינעם אזא באזוך האט בוני זיך אומגעקערט
גנגל-סיטי און באגלייט רחלען אויף א פארזאמלונג פון דע
סאציאליסטישער יוגנט.

אלע וואך זענען זיך צונויפגעקומען א פינפאונצוואנצי
ביז דרייסיק פראלעטארישע בחורים מיט מיידלעך, אין א טוג
קעלעם לאקאל און דעבאטירט איבער פאליטיק און וויסנשאפט,
איבער דער ארבעטער באוועגונג און פארטיי-פראזן.

רחל, וועלכע איז מיט דער ארגאניזאציע אויסגעוואקסן
האט דא פארנומען א בכבודיק ארט, ראשית, ווייל זי האט גע
שטודירט, און נאכמער אבער, ווייל זי האט דעם „חבר רא
מיטגעבראכט, אפילו די מער קלאסנבאוווסטע יינגע מענטש
האבן נישט געקאנט אן א שטילן ציטער באטראכטן דעם מיל
יאנער, וועלכער סימפאטיזירט מיטן פראלעטאריאט, און דהא
פאר די פאליטישע ארעסטירטע קויציע איינגעלייגט.

אויך ביי די יינגע סאציאליסטן, ווי ביי די אלטע האכ
עס געקאכט פונם קאמף פון דעם רעכטן פליגל קעגן דעם לינקן.
אלע האבן גערעדט פון דער טאקטיק און זיך שרעקלעך אויפ-
גערעגט; אויך די קאמוניסטן האבן באזעסן א יוגנט-ארגאניזאצ-
יע: די „יינג וואָרקער ליגע” (יינג ארבעטער ליגע).

ציטנווייז האבן די ביידע לאגערס ארגאניזירט גרויסע

דעבאטן, ביי וועלכע די יינגע מענטשן פלעגן פון אויפרעגונג פון זייערע ערטער אויפשפרינגען; אין דער היים און ביי דער ארבעט האָבן זיי דאַן נאָך וואָכנלאַנג געפירט די דעבאַטע ווייטער.

מאָסקווע קעגן אַמסטערדאַם, דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל קעגן דעם צווייטן, די רויטע, קעגן די „ראָזרויטע״, ווי מען האָט די מעסיקע סאָציאַליסטן גערופן: דערדאָזיקער גאַנצער קאַמף האָט זיך איבערגעחזרט אין בוניס נשמה, פּאַוול וואַטקינס האָט אים אַ ריס געטון פאָרויס, רחל האָט אים געצויגן אויף צוריק; זיין אומגליק איז געווען דאָס, וואָס ער איז שטענדיק געווען מיט דער מיינונג פון דעם, מיט וועלכן ער האָט דאָס לעצטע מאָל גערעדט.

בוני האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען איבערצונעמען עמעצנס אַ שטאַנדפּונקט, אַז ער האָט זיך אין אים אינגאַנצן פאַרלוירן פאַרוואָס קאָן ער קיין אייגענע מיינונגען נישט האָבן?

ריין טעאָרעטיש האָט עס אים אויסגעזען מעגלעך דעם קאַפּיטאַליזם דורך פרידלעכע „פּאַמעלעכדיקע״ מעטאָדן צום סאָציאַליזם איבערפירן.

אין די דאָזיקע איבערגאַנגס-שריט האָבן אויסגעזען קינדער לייכט, האָט מען אָבער נאָכגעטון דעם ערשטן, אַזוי האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף דעם פאַקט, אַז די קאַפּיטאַליסטן זענען בשום אופן נישט גענייגט צו דולדן דעם איבערגאַנג צום סאָציאַליזם און אַז זיי ווילן קיין שום ענלעכע שריט נישט דערלאָזן, פאַקטיש האָבן זיי ביזאַהער נאָך די אַרבעטער יעדעס מאָל איבערגעשפּיצט. זיי האָבן אַפילו דער רעגירונג געצוווּנגען צוריקצונעמען אַלץ, וואָס איז אין דעם הינזיכט געשען אין משך פון קריג.

פּאַוולס באַהויפּטונג, אַז קאַפּיטאַליסטן וועלן נישט דערלויבן די אַרבעטער פרידלעך צו גיין פאָרויס, אַנטשפּרעכט, אַלזאָ, דער ווירקלעכקייט. די קאַפּיטאַליסטן זוכן אויס ביי יעדער געלעגנהייט די מעגלעכקייט זיך צו באַנוצן מיט געוואַלט, און קימערן זיך גאָרנישט נישט וועגן דעם געזעץ און נישט

וועגן דער קאָנסטיטוציע, אויב נאָר דאָס איז זיי, לויט זייער מיינונג, נוצלעך.

בוני האָט אויסגעפונען אַז די סאָציאַליסטן זענען רירנד.

אָט אַזוי, צום ביישפּיל, חיים מענציעס, וועלכער האָט זיך אַ גרויסן ציל געשטעלט.

אומענדלעך איז געווען די געדולד פון דעם עלטערן אַרבעטער, דהינטער וועלכן עס זענען געלעגן יאָרן פון אַרבעט און פּאַר וועלכן יאָרן פון אַרבעט עס האָבן זיך ווייטער געצויגן. ער האָט זיך פון זיין אויפגאַבע, אַן אָרגאַניזאַציע אויסבויען, נישט אָפּגעזאָגט. ער האָט, אָבער, דעם בוי נישט געקאָנט פאַרענדיקן. די אונטערנעמער האָבן אים אָפּגעריסן פון דער אַרבעט, צעשיקט זייערע שפּיאָנען, איבערגעקויפט די מאַכט און פאַרזייט שפּאַלטונגען.

אין דער צייט פונם שטרייק, זענען זייערע פּאָליציאַנטן איבערפאַלן די ביורעס, אַריינגעוואָרפן די פירער אין די תפיסות און די אַרבעטער געטריבן צוריק צו שקלאַפעריי, אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן אַן אויסטערלישע סיטואַציע. די אונטערנעמער און זייער פאַרבלענדונג זענען געוואָרן פאַרבינדעטע פון די קאָמוניסטן.

ווערנע און זיינע נאָפטפריינט האָבן דורך זייערע מעשים אָנגעזאָגט דעם פּראָלעטאַריאַט: „פאַרלאָזט אייך נישט אויף די סאָציאַליסטן, דאָס זענען פאַרעלטערטע מענטשן. די קאָמוניסטן, זיי קאָנען אייך זאָגן וואָס מיר זענען, און וואָס מיר קלערן צו טון!"

בוני איז שטענדיק געווען אין דער מיינונג, אַז די אַרבעטער דאַרפן אָן קאַמפן און אָן פאַרביטערטקייט זיך פאַררייניקן אין דער פראַגע פון טאַקטיק, אָבער איצט האָט ער אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי דאָס איז מעגלעך.

דער שטרייט צווישן די ביידע פּאַרטייען איז דורך דעם פּראָבלעם אַליין אַרויסגערופן געוואָרן. האָט מען געגלויבט אין אַ פרידלעכן איבערגאַנג, אַזוי האָט מען אָנגעהערט צו דער איי-

בער, האָט מען אין אַזאַ איבערגאַנג נישט געגלויבט, אַזוי האָט מען אָנגעהערט צו דער צווייטער פּאַרטיי. איז מען געווען אין דער מיינונג, אַז מען קאָן די מערהייט פון די שטימבאַרעכטיקטע איבערצייגן, אַזוי איז מען געווען פּאָליטיש און פּאָרזיכטיק און מען האָט זיך געהיט פאַר די עקסטרעמיסטן, וועמענס טאַקטיק עס האָט אַ סך וועלער אָפּגעשטויסן.

דעריבער האָט מען געפּרוווט די קאָמוניסטן פון די אָרגאַניזאַציעס צו באַזייטיקן.

פאַרשטענדלעך, אַז די קאָמוניסטן האָבן זיי נישט געשוויגן, זיי האָבן זיי גערופן פשרהמאַכערס און אַרבעטערמעקלערס און האָבן באַהויפּטעט אַז זיי זענען געוואָרן פון די אונטערנעמערס איבערגעקויפט כדי די אַרבעטער אין יאָך צו האַלטן.

דאַן אָבער זענען די סאָציאַליסטן אַרויסגעטרעטן מיט דער זעלבער באַשולדיקונג פון איבערקויפן.

חיים מענציעס האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו דערקלערן, אַז די קאָמוניסטן זענען איבערגעקויפטע געהיימאַגענטן פון די אונטערנעמערס, כדי די באַוועגונג צו שפּאַלטן און זי אין די הענט פון דער פּאָליציי איבערצוגעבן.

בוני האָט פון די ווערטער פון זיין פּאָטערס שותפים זיך דערוווסט, אַז די גרויסע אונטערנעמערס האַלטן אויס הויכאַנטוויקלטע געהיימאַגענטורן, וועלכע האָבן דעם צוועק צו צעשפּאַלטן די אַרבעטער-באַוועגונג.

די דאָזיקע אַגענטורן אַרבעטן אויף פאַרשידענע אופנים. זיי קויפן איבער אַלטע אַרבעטערפירער צו פאַראַטן די אַרבעטער, שטרייקן צו ברעכן אָדער שטרייקן צו פרי צו פּראָקלאַמירן, וועלכע מוזן זיך ענדיקן מיט אַ דורכפאַל. אָדער זיי צעשיקן שפּיאָנען, וועלכע שפּילן די ראָל פון רויטע און שפּאַלטן אָרגאַניזאַציעס און די פירעס פאַרנאַרן זיי צו טון פאַרברעכנס, ווי אומגלויבלעך עס זאָל נישט קלינגען. די געהיימאַגענטור פון דער רעגירונג, וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם

גרויסן פאטריאָט באַ־ניי בראָקוויי, האָט געשטעקט אינגאַנצן אין אזא ארבעט.

ביי איין קאָמוניסטישן פראָצעס האָט דער פאָרזיצנדער באַמערקט, אַז די לייטונג פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, זעט אויס, געפונט זיך אינגאַנצן אין די הענט פון דער רעגירונג פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

## יא

בוני האָט נאָך אַלץ געגלויבט אין דעם שענעם טרוים אַז זיינע פּרייגט מוזן זיין אויך צווישן זיך באַפריינדעט.

איצט האָט ער מיטגענומען רחלן פּאַוולן און רותן. ער האָט דאָך אַלע דריי אַזוי גערן, זיי מוזן אויך זיינע געפילן טיילן.

אָבער אַך, זיי האָבן אַפילו נישט געקלערט וועגן דעם! ביידע צדדים האָבן זיך באַצויגן אויסערסט צוריקגעהאַלטן און די האָבן אַזוי שטאַרק זיך באַמיט פון פּאָליטיק נישט צו רעדן גלייך זיי זאָלן זיין אין „מאנאסטיר״.

בוני אָבער האָט געוואָלט זיי זאָלן יאָ רעדן פון פּאָליטיק כדי ער זאָל קאָנען אַ סוף מאַכן מיט זיין אייגענער אינערלעכע דעבאַטע. ער האָט אויסגעפונען, אַז די דריי, אַלס מיטגלידער פונם פּראָלעטאַריאַט, זענען מער צוגעפּאַסט דערצו ווי ער, אַ דרויסנדיקער. אפשר וועט אויך איינער דעם אַנדערן איבערצייגן. בוני האָט אַליין נישט געוווסט וועמען ער וואָלט געוואָלט זען אַלס דעם זיגער און וועמען אַלס דעם באַזיגטן.

פּאַוול האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן סטאָלעריי. די וואַרקערס פּאַרטיי האָט אים געגעבן אַ קליינעם געהאַלט אַלס אָרגאַניזאַטאָר.

פּאַוול האָט זיך אויך באַקענט מיט זשאַע און יקיי מ...

ציעס די יינגע מיטגלידער פונם לינקן פליגל, און בוני ד־האָט דערציילט, ווי עס איז אים מיט רחלן געלונגען צו מאַכן בען־סקוטן אומשעדלעך פאַרן געריכט. ער וואָלט אַזוי גערן געזען, אַז די קאָמוניסטן מיט די סאָציאַליסטן זאָלן אויף אַזאַ אופן גע־מיינזאַם אַרבעטן, אָנשטאָט דעם פיינט אַלץ צו פאַרגרינגערן.

דורך די דאָזיקע ווערטער געשטאַרקט, האָט רחל געמיינט, אַז עס וואָלט איר שטאַרק אינטערעסירט מיט די מיינונגען פונם חבר וואַטקינס זיך צו באַקענען. (ווען אַ סאָציאַליסט וויל זיין באַזונדערס העפלעך לגבי אַ קאָמוניסט, אַזוי רופט ער אים „חבר").

„ווי קאָן אין אַמעריקע פאָרקומען מיט דערפאָלג אַ מאַסנ־רעוואָלוציע, ווען אַלע פאַקערסמיטלען און דאָס גאַנצע געווער געפונט זיך אין די דהענט פון דער הערשנדיקער קלאַס? זי האָט איצט אין איר רשות אויך גיפטגאַזן און קאָן טויזנטער צעבונטעוועטע אַרבעטער מיט איינמאָל מאַכן אומשעדלעך. דער איינציקער רעזולטאַט וואָלט נאָר געווען די פאָלקאָמע רע־אַקציע, ווי אין איטאַליע, ווו די אַרבעטער האָבן די פאַבריקן באַזעצט, און האָבן געמוזט זיי צוריק אָפּראָמען, נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן אין גאַנג זיי צו לאָזן."

דער חבר וואַטקינס האָט געענטפערט:

„איטאַליע האָט נישט קיין קוילן און איז דעריבער אָפּ־הענגיק פון אַמעריקע און ענגלאַנד אין וועמענס מאַכט עס ליגט די איטאַליענישע אַרבעטער צו דערשטיקן. אין דער אמתן איז די פאַשיסטישע רעאַקציע אין איטאַליע דורך די אַמעריקאַנישע באַנקירן דורכגעפירט געוואָרן. מוסאָליני מיט זיין באַנדע וואָלטן נישט געוואַגט מיט אַ פינגער צו רירן, ווען זיי וואָלטן נישט געווען זיכער מיט אַמעריקאַנישן קרעדיט. מיר האָבן דאָך דאָרט די זעלבע ראָל געשפּילט ווי אין אונגאַרן און אין בייערן. אין דער גאַנצער וועלט שטיצט זיך די רעאַקציע אויף דעם אַמעריקאַנישן געלט, איך האָב עס מיט מיינע אייגענע אויגן געזען אין סיביר. ווער עס איז דערביי נישט געווען קאָן עס נישט באַגרייפן. איך וואַרף אייך אייערע מיינונגען נישט פאָר,

אַרבעטע מענציעס, זיי זענען גאַנץ נאַטירלעך פאַר אַ מענטשן, וועלכער איז אין פרידן אויפגעוואַקסן געוואָרן. איך אָבער בין געווען אין קריג און צוגעזען דעם אויסברוך פונם קלאַסנקאַמף.״

„יאָ, חבר וואטקינס, אָבער ווען איר פרווט און עס געלונגט אייך נישט, אַזוי וועט נאָך אַלץ ערגער ווערן.״

„אויב מיר וועלן עס קיינמאָל נישט פרווון, וועט עס אונדז קיינמאָל נישט געלונגען.״ — האָט פאַוול געענטפערט. — „און ווען אַפילו עס זאָל נישט געלונגען, וועט אויך דורך דעם דער קלאַסנבאַוווסטזיין פון די אַרבעטער ווערן מער געשטאַרקט און זיין נאָענטער צום סוף, ווי מיר זאָלן גאָרנישט טון. מיר מוזן האַלטן דעם רעוואָלוציאָנערן ציל די מאַסן פאַר די אויגן און טאָרן נישט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן זיך לאָזן פאַרפירן דורך פשרות. גראָד דאָס איז עס, וואָס איך וואַרף פאָר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג; זי אָנערקענט נישט די גייסטיקע און מאָראַלישע כוחות וועלכע עס פאַרמאָגט אין זיך דער פּראָלעטאַריאַט און וועלכע וואָלטן דורך די ריכטיקע לאָזונגען זיך געקענט פונאַנדערוויקלען.״

„אָ, דאָס אָבער איז די פראַגע; וועלכע זענען די ריכטיקע לאָזונגען? איך וואָלט ליבערשט געוואָלט אַפּעלירען צום שלום, ווי צום געוואַלט; דאָס זעט מיר אויס וויית מאָראַלישער.״

„אפשר געפונען אייך אייניקע מענטשן, אַז אַ פרידלעכער אַפּעל צו אַ טיגער הייסט מאָראַליש; איך געפון אייך, אַז ער איז סתם אַ טעות. דער דעצידירנדער פאַקטאָר אין דער וועלט איז דאָס, וואָס די קאַפּיטאַליסטן האָבן אין משך פון די לעצטע ניין יאָר געטון: זיי האָבן דרייסיק מיליאָן מענטשלעכע לעבנס פאַרניכטעט און פאַר דרייהונדערט מיליאַרד פאַרמעגנס צעשטערט. איך האַלט עס פאַר אומזיניק מיט די קאַפּיטאַליסטן מכוח מאָראַל צו דעבאַטירן. פאַר מיר זענען זיי אַ באַנדע פון מערדערישע משוגעים און אונדזער ראויפגאַבע באַשטייט אין דעם צוצונעמען ביי זיי די מאַכט. יעדעס מיטל וואָס קען פאַרווענדט ווערן מיט דערפאָלג איז צוגלייך אויך אַ מאָראַלישער, ווייל עס קען גאָרנישט זיין אוממאָראַלישער פון דעם קאַפּיטאַליזם.״

שפעטער האָט זיך בוני דערוווסט וועלכן איינדרוק רחל האָט געמאַכט אויף פּאַוולן.

„אַ ליבלעך מיידל, מיט גוטע כּוונות און אינטעליגענט, דאָך וועט זי נישט לאַנג בלייבן ביי איר פּראָלעטאַרישן קלאַסנשטאַנדפּונקט. די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין אַמעריקע וועט נישט געמאַכט ווערן פון יינגע שטודירנדע דאַמעס. וואָס רחל טוט אויף ביי דער סאָציאַליסטישער יוגנט, איז כּמעט אינגאַנצן אומזיסט, ווייל די דאָזיקע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס באַנוצן זייערע כּוחות דערצו דעם קאָמוניזם צו באַקעמפן. די קאַפּיטאַליסטן זענען צופרידן, וואָס זיי קענען איינשפּאַנען צו זייער צוועק אַזעלכע מענטשן, ווי רחל.”

אינגאַנצן האָט דאָס נישט געקענט שטימען. די קאַפּיטאַליסטן האָבן אויסגעזען צו זיין צו באַשרענקט, ווייל קורץ נאָך דעם האָט רחל זיך דערזען פאַר אַן ערנסטע דילעמע שטיין: זי האָט פיר יאָר אויף דעם אוניווערסיטעט שטודירט כּדי צו קענען ערגעץ אַרבעטן אַלס אַ רעגירונגסבאַאַמטע איצט האָט מען איר מיטגעטיילט דערקלערט, אַז צוליב איר אַרבעט ביי דער סאָציאַליסטישער יוגנט איז איר האָפנונג אין סכּנה.

עס איז פאַר אַ יידיש אַרבעטערמיידל אַזוי אויך געווען אַ שווערע זאַך אַן ענלעכע שטעל צו קריגן, אַפילו ווען זי זאָל נישט זיין קיין סאָציאַליסטן.

נייע זאָרגן! וואָס וועט רחל טון? זי וועט איר געליבטע סאָציאַליסטישע יוגנט זיכער נישט איבערלאָזן.

„ווארטן ביז איך וועל אַ שטעל קריגן? דאָס קלינגט אַפילו זייער גוט, אָבער אויף דעם וועג הויבן זיך אָן אַלע קאָמפּראָמיסן,” — האָט רחל געמיינט, — „הויבט מען איינמאָל דערמיט אָן, אַזוי ווייסט מען נישט ווען אויפצוהערן. ווילן נישט די בורזשויען מיך צונעמען אַלס באַאַמטע, אַזוי וועל איך שוין געפינען אַן אָרט ערגעץ-ווו אין דער אַרבעטער באַוועגונג.”

בוני האָט פאַרלאָזט רחלען כּדי מיט ווי טראַסי מיטאָג צו עסן; ער איז דערשינען מיט אַן ערנסט געזיכט און אַ אומרויִק געוויסן — און איז געווען אַזוי נישט געשיקט, אַז ער האָט די ביידע זאַכן נישט געקענט פאַרבאָרגן.

# X

בוניס לעצטע עקזאַמענס זענען שוין געשטאַנען אויף דער שוועל. דער פֿאָטער האָט אים געפֿרעגט, צי ער האָט זיך שוין אַנטשלאָסן אויף אַ וועלכן נישט בּאַרוף.

„יאָ, אָבער עס איז מיר זייער שווער דיר אויס צו זאָגן, ווייל דו וועסט זיכער זיין צוליב דעם, זייער אומגליקלעך.״

„זאָג מיר, מיין זון!״ — דאָס קיילעכדיקע נאָר איבער־געשראָקענע פּנים פון דעם אַלטן מאַן איז געוועזן שטאַרק פֿאַר־זאָרגט.

„איך וויל אויף איין יאָר אַוועקגיין און אונטער אַ פרעמדן נאָמען אין איינער פון די גרויסע אינדוסטריס אַרבּעטן.״

„אין גאָטעס ווילן!״ דער פֿאָטער האָט שטאַר געקוקט אין די ערנסטע אויגן פון זיין זון. „וואָס בּאַטייט דאָס?״

„איך וויל די אַרבּעטער פֿאַרשטיין און דאָס איז נאָר אויף אַזאַ אופן מעגלעך.״

„צי קענסטו זיי דען נישט אויספרעגן אַלץ, וואָס דו ווילסט וויסן?״

„ניין, טאַטע, זיי אַליין ווייסן עס נישט קלאָר. מען מוז עס איבּערלעבּן.״

„גוטער גאָט, מיין זון, לאָמיך דיר דערהעלפן: איך קען עס, עס בּאַטייט שמוץ, אומריינקייט, קראַנקהייט... גראָד פון דעם

האָב איך דיר דאָך געוואָלט אויסהיטן, כדי דיר דאָס לעבן לייכטער צו מאַכן!"

„איך ווייס עס, טאַטע, אָבער דאָס איז געווען אַ פעלער עס איז אַרויס עטוואָס אַנדערש פון דעם, וואָס דו האָסט געוואָלט. ווען אַ ייִנגן מענטשן קומט אָן אַלץ צו לייכט, ווערט ער ווייך און האָט קיין אייגענעם ווילן נישט. איך ווייס וואָס דו האָסט פאַר מיר געטון, איך בין דיר דאַנקבאַר, אָבער איך מוז אַ שטיקל צייט פאַרזוכן עטוואָס אַנדערש."

„צי קענסטו ביי דער לייטונג פון דער נאַפטאינדוסטרי נישט געפונען גאָרנישט אַזעלכעס, וואָס זאָל דיר אויסווייזן גענוג שווער?"

„איך וואָלט עס אפשר געקענט, ווען איך זאָל ווירקלעך שטיין ביי דער לייטונג. אָבער דו ווייסט דאָך, אַז דאָס גייט נישט. זי געהערט דיר, און אַפילו ווען דו וואָלסט זי מיר געוואָלט אַוועקשענקען, וואָלט דעמאָלט ווערבע און די אונטערנעמערפאַראייניקונג מיר אויך נישט דערלויבט צו טון, דאָס וואָס איך וויל. ניין, פאָטער, ביי דער נאַפטאינדוסטרי איז עפּעס נישט אין אָרדנונג, און איך קען אין דעם שפּיל קיין אנטייל נישט נעמען. איך וויל אַוועקגיין און זעלבסטשטענדיק עפּעס אונטערנעמען."

„ווילסטו גיין אַליין?"

„איינער פון מיינע באַקאַנטע האָט די זעלבע אידעע, מיר וועלן גיין צוזאַמען; גרעגאָר ניקאָלאַיעוו."

„דער רוס! צי קענסטו נישט קיין אַמעריקאַנער געפונען?"

„צופעליק אינטערעסירט זיך קיין אַמעריקאַנער נישט דערמיט."

עס האָט געדויערט אַ לאַנגע פּויזע, שליסלעך האָט דער פאָטער געפרעגט: „מיינסטו עס אין ערנסט?"

„יאָ, טאַטע, איך וועל עס טון."

„דו ווייסט, מיין זון, אַז אין דער גרויסאינדוסטרי גייט עס צו צו מייסטן זייער שלעכט. דאָ ווערן אַ סאך אַרבעטער צעשעדיקט, אָפטמאָל אַפילו געטויט."

„יאָ, דאָס איז עס טאַקע!“

„עס איז זייער שלעכט פאַר אַ פאָטער, וועלכער האָט נאָר איין זון, אויף וועלכן ער האָט אַלע זיינע האָפנונגען אַרויפגעלייגט. דו ווייסט, אַז איך האָב פון דיר זייער אַ סאַך געקלערט, דו ביסט געווען די הויפּט סיבה, פאַרוואָס איך האָב אַזוי שטאַרק געהאָרוועט.“

„איך ווייס, טאַטע, מיין נישט, אַז דאָס האָט מיר קיין טרויער נישט פאַרשאַפט, אָבער איך קען נישט אַנדערש.“

נאָכאַמאָל אַ פּויזע, דערנאָך; „האָסטו אויך וועגן ווי געקלערט?“

„יאָ.“

„האָסטו עס איר געזאָגט?“

„ניין, איך שטופּ עס אַלץ אָפּ אויף שפּעטער, פּונקט אַזוי ווי ביי דיר, איך ווייס זי וועט עס נישט איבערטראָגן, — איך וועל זי פאַרלירן.“

„אַ מענטש דאַרף זיך לאַנג באַקלערן, איידער ער גייט אויף אַזאַ אופן זיין גליק צעשטערן, מיין זון.“

„איך האָב זיך גרונטלעך איבערלייגט. אָבער איך קען נישט מיין גאַנץ לעבן אויף ווייס פילמקאַריערע צושניידן, איך וועל ווערן דערשטיקט אין לוקסוס, איך מוז פאָלגן מיין איבערצייגונג. איך וויל די אַרבעטער העלפן, און דערצו מוז איך צוערשט וויסן וואָס זיי פילן.“

„דו רעדסט ווי אַן אַרבעטער, מיין זון, דאָס הייסט, ווי אַ רויטער.“

„אפשר זעט עס דיר אַזוי אויס, טאַטע, די רויטע געפינען עס נישט איין.“

ווידעראַמאָל זענען ביידע אַנטשוויגן געוואָרן, דעם פאָטער זענען די ווערטער אויסגעגאַנגען;

„איך האָב נאָך אין מיין גאַנץ לעבן נישט געזען עטוואָס ענלעכעס!“

„עס איז אַן אורעלטע אידעע, וויניקסטנס צוויי טויזנט פיר הונדערט יאָר אַלט.“ און בוני האָט דערציילט דעם פאָטער פון

דעם יינגן פרינץ סודהארטא אין דעם ווייטן אינדיע, וועלכן די וועלט קען אונטער דעם נאָמען בודא, ווי אזוי ער האָט פארלאָזט זיין לאנד און זיינע אוצרות און ארומגעוואנדערט אויף דער וועלט אלס א בעטלער, כדי צו געפונען דעם אמת, וועלכער איז אויף דעם הויף געווען אומבאקאנט.

ווען בוני האָט באמערקט אויף דעם געזיכט פונם פאָטער א פאָלקאָם צעמישטן אויסדרוק, האָט ער געלאכט.

„וואָס וואָלט געווען פאר דיר ליבער, טאטע, ווען איך חער א בודהיסט, צי א באָלשעוויק?"

אויף דער פראגע האָט דער פאָטער ווירקלעך נישט געקענט ענטפערן.

# XI

אין אונזער יאָרהונדערט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז אַ דאַנק דער וויסנשאפט אַ נײַע װעלט: דער אונטערבאַוווסטזיין, פון וועלכן עס ווערן דערציילט פיל אויסטערלישע זאַכן.

דער אונטערבאַוווסטזיין וויל שטענדיק זיין ווילן דורכזעצן. טוט מען אים אַנטקעגן, אַזוי נעמט ער אָפּטמאָל אָפּ נקמה דורך דעם, וואָס ער מאַכט קראַנק דעם קערפּער, אַזוי באַקומט, צום ביישפּיל, אַן אייפערזיכטיקע פרוי אַ נערוונצוזאַמענברוך און ציט אויף אַזאַ אופן צו די אויפמערקזאַמקייט פון איר מאַן.

אַזעלכע אויסטערלישע דערשיינונגען קומען פאָר אַ סך. היות אָבער ווי די פּרווידישע לערע איז נאָך נישט געווען אין הסכם מיט דער מעטאָדיסטישער, אַזוי איז זי נאָך קיין דרום-קאַליפאָרניע נישט אַריינגעדרינגען.

בוני האָט דעריבער קיין אַנונג נישט געהאַט, וואָס עס האָט באַטייט, ווען דער פאָטער איז באַלד נאָך די עקזאַמענס אויף אַן אינפלוענציע קראַנק געוואָרן.

פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט שוין געמוזט די רייזע מיט גרעגאר ניקאָלאַיעוון אָפּלייגן, ער האָט אין דער היים אַזוי אויך געהאַט גענוג זאָרגן.

אַ פּאָר טעג איז דער אַלטער מאַן געווען אין געפאַר און בוני איז אויסגעגאַנגען פון חרטה,—פּונקט אַזוי ווי ווערנע

ראָסטאָע האָט אים נביאות געזאָגט.

אויסערדעם האָט אים באַאומרויקט דער געדאַנק אפשר צו מוזן איבערנעמען דעם פּאָטערס מיליאָנען.

דער אַלטער מאַן איז געזונט געוואָרן, דאָך איז ער געבליבן שוואַך. דער דאָקטאָר האָט דערקלערט דער פאַמיליע, אַז די אינפלוענציע גרייפט אָפּט אָן דאָס האַרץ, און הער ראָס מוז זיין אָפּגעהיט פון יעדער אויפרעגונג. דער אומערוואַרטעטער באַוווסטזיין פונם פּאָטער האָט איצט געקענט זיין צופרידן, ווייל איצט איז פאַר בונין געווען אוממעגלעך אַוועקצוגיין.

דער פּאָטער האָט זיך געקלאַמערט אָן זיין האַנט, ווי אַ קליין קינד, און בוני האָט געמוזט נעבן אים זיצן און אים די טרויעריקע און צערטלעכע געשיכטע פון רעם יינגן פּרינץ סוד־האַרטאַ פאַרלייענען.

צי דער פּאָטער האָט ווי פון דער פאַרשווערונג מודיע געווען, צי דאָס איז נאָר געווען אַ טעלעפּאַטישער קאָנטאַקט צווישן זיי ביידע? יעדנפאַלס איז זי אָפּט געקומען צו בונין, איז געווען מיטפילנדיק און גוט און בוני האָט דערפילט, אַז ער ווערט מיט מיליאָנען זיידענע פעדעם געבונדן.

ווען דער פּאָטער האָט שוין ווידער געקענט אויפשטיין און אויף דער וועראַנדע אויף דער זון זיצן, האָט זיין קלוגער גייסט אָנגעהויבן צו אַרבעטן און ער האָט אַ נייעם פּלאַן אויסגעזונען:

„מיין זון, איך האָב וועגן דעם פּראָבלעם געקלערט און איינגעזונען, אַז דו האָסט רעכט דיינע אידעען אַרויסצוזאָגן. איך האָב מיך געפרעגט, צי מיר קענען נישט קומען צו אַ פּשרה און צי דו וועסט מיר נישט דערלויבן דיר צו העלפן."

„אויף וועלכן אופן, טאַטע?"

„דו קענסט האָבן אַ ביסל געלט, וועלכעס דו וואָלסט געקענט פאַרווענדן לויט דיין איינזען, כדי דו זאָלסט נישט האָבן דאָס געפיל, אַז דו נעמסט פון מיינעם. איך וועל דיר, פאַרשטענדלעך, נישט העלפן צו טון עפּעס אומגעזעצלעכעס, אָבער אויב עס איז דאָ אַן אויפקלערונג, וועלכע פּרעדיקט נישט קיין

געוואלד, אַזוי איז אַלץ אין אָרדנונג. וואָלט דאָס געווען אַ שטיקל הילף, ווען דו גיסט אויס חודשלעך טויזנט דאָלאַר אויף אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע?"

טויזנט דאָלאַר אַ חודש! גאָט שטאַרקער! בוני האָט פאַרגעסן דעם מצב פון זיין אייגענעם קלאַס, פאַר וועלכן טויזנט דאָלאַר איז נישט געגוג כּדי אויסצוהאַלטן אַ קליין יאַכטשיפל. ער האָט זיך אויסגערעכנט לויט דעם חשבון פון די ראַדיקאַלן, פאַר וועלכע טויזנט דאָלאַר האָט באַטייט אַ גאַנצע אַרבעטער הויכשול אָדער אַ וואָכנשריפט.

מער האָט מען שוין פון בוניס אוועקגיין נישט געהערט, כאָטש בוני האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַזאַ אַרט כּאַבאַר.

בוני איז דעם נסיון נישט בייגעשטאַנען. ער האָט זיך געאיילט אָנטעלעפאָנירן צו רחלען, אַז ער האָט פאַר איר אַ שטעל, ער האָט זי איינגעלאַדן צום מיטאָג און אין דער צייט ווען ער איז אין זיין אויטאָ צום רעסטאָראַן געפלויגן, איז אויך זיין געדאַנק פון איין פּלאַן צום צווייטן איבערגעפלויגן.

רחל זאָל בלייבן סעקרעטאַרין פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט און דערביי זאָל זי באַקומען אַ געהאַלט, וואָס זאָל זיין גלייך צו דעם געהאַלט פון אַ באַאַמטער.

די סאָציאַליסטישע יוגנט וועט אַ גרויסן לאָקאַל אָפּדינגען און אַ וואָכנשריפט אַרויסגעבן, כּדי די אויפמערקזאַמקייט פון די העכערע שולן און פון דעם אוניווערסיטעט אין אַנגל-סיטי אויף די סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען צו ציען.

איצט איז דאָך שוין בוני געווען באַפרייט פונם צוזאָג, וועלכן ער האָט געגעבן דעם ד"ר קאָפּער נישט צו פירן קיין אַגיטאַציע אויף דעם אוניווערסיטעט. און ער וועט אַן אַגיטאַציע פירן, אויף דעם קען ער זיך וועטן! די סטודענטן פונם אוניווערסיטעט און אויך אַנדערע וועלן זיך עטוואָס פון די מאָדערנע אידעען, פון דער אַרבעטער באַוועגונג און פון דעם סאָציאַליזם דערוויסן,—פונם קאָמוניזם געוויס נישט קיין סך, ווייל דער פאָטער קען עס נאָך אָנרופן געוואַלד, און אפשר קען דאָס אויך הייסן עובר זיין אויף דעם געזעץ.

## קאַפּיטל אַכטצן

# די פּליטה.

1

דאָס יאָר 1923 איז פאַר בונין געווען אַן אויסערגעוויינלעך אַנגענעמע צייט, עס איז אַ פאַרגעניגן צו זיין דער אַרויסגעבער פון אַ קליינער וואָכנשריפט, צו קענען אין איר זאָגן אַלץ וואָס מען דענקט, זי דרוקן וואָך ביי וואָך און זי צעטיילן צווישן אַלע באַקאַנטע, נישט מורא האָבנדיק, אַז אַדעקאַן סקירדזש וועט זי צונעמען, אָדער אַז פּאַטריאָטן צי פּאָליציאַנטן וועלן אויף דער רעדאַקציע אָנפאַלן, און מיינען, אַז די באַקאַנטע לייענען זי אַדורך און ווערן דורכדעם פון זייערע פאָראורטיילן אויסגעהיילט.

בוניס אַמאָליקע חברים האָבן באַקומען פרייע עקזעמפּלאַרן. אין הערבסט האָט די סאָציאַליסטישע יוגנט געקלערט וועגן דער די צייטונג פאַרקויפן אין אוניווערסיטעט. אפשר וועט עס נאָכאַמאָל קומען צו אַ סקאַנדאַל און אַזוי אַרום דער צייטונג אַ רעקלאַמע מאַכן.

דער פאָטער ראָס האָט זיך פאַרבעסערט זייער לאַנגזאַם. יעדע וואָך האָט ער אַלס צעגזאָר די צייטונג דורכגעלייענט, געוויס איז עס נישט געווען נויטיק, ווייל רחל האָט נישט איבערגעלאָזט קיין פּלאַץ פאַר די לינקע. האָבן די עקסטרעמיסטן

געפּאַקט בונין און אים איינגערעדט, אַז ביידע פּאַרטייען דאַרפן ווערן אויסגעהערט, אַזוי האָט רחל געפּרעגט, פאַרוואָס האָבן זיי נישט קיין אייגענע צייטונג.

בוני, איז אַזוי אַרום, ווידער אַמאָל אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון אַ פרוי, עס איז געווען פּונקט אַזוי שלעכט, ווי שוין האָבן חתונה געהאַט.

אַנגענעם איז געווען אַ ביסל, וואָס חי האָט ווייניקער מיט אים געקעמפט. זי איז פון זיין משוגענעם פּלאַן צו לאָזן זיך ערגעץ דערהרגענען אין אַ גרויסאינדוסטרי, אַזוי דערשראָקן געוואָרן. אַז זי האָט שוין גערן מסכּים געווען אויף אַ פּשרה, צו באַגנוגענען זיך נאָר מיט דער העלפט פון בוניס צייט, און די צווייטע העלפט רחלען אָפּטרעטן אין דער צייטשריפט „דער יינגער סטודנעט.״

ווי האָט ענערגיש געאַרבעט ביי איר נייעם פילם „דער גאָלדענער דיוואַן,״ אַ געשיכטע פון אַן אַמעריקאַנישע דאָלאַרנ-פּרינצעסין וועלכע איז אַריינגעפאַלן אין דער נעץ פון אַ פאַלשן באַלקאַנישן פּרינץ.

פאַר דער ראָל פון אַ באַלקאַנישן פּרינץ האָט זיך געפונען אַן עכטער רומענישער פּרינץ, וועלכער האָט געהאַט רייצנדע מאַניערן און זיך גערן אָפּגעגעבן מיט ווי, אין דער צייט ווען בוני איז געווען פאַרנומען מיט דער סאָציאַליסטישער יודין.

בערטע האָט געשריבן באַגייסטערטע בריוו, אַז זי פילט זיך ווי אין הימל. וואָס פאַר אַ גלענצנדע וועלט און וואָס פאַר אַ וויכטיקע זאַכן דאָרט קומען פאָר! זי האָט מיט דעם פּרינץ X געפּרישטיקט און מיט דער פירשטין Y מיטאָג געגעסן. פאַרוואָס זאָל דער פאָטער מיט בונין נישט קומען אויף אַ באַזוך קיין פּאַריז? דאָרט קען בוני מאַכן די גלענצנדסטע פּאַרטיע. דער פאָטער האָט געלאַכט פונם געדאַנק צו מוזן אין פּאַריז „פאַרלירן״ פּראָווינציזיש.

פאַרשטענדלעך אַז די שאַנטאַזשיסטן, וועלכע האָבן אויסגעפּרעסט געלט, זענען גאָך אַלץ געווען ביי דער אַרבעט, אָבער פון זיין קראַנקהייט אָן האָט דער פאָטער די דאָזיקע נישט אַנ-

געגעמע זאַכן איבערגעגעבן ווערגען.

דער קאָנגרעס האָט געהאַט פעריען, די רויטע סענאַטאָרן האָבן געקענט אין זייערע שטעט די נאַפּטאַרענדעס אָנגרייפן, אָבער די צייטונגען האָבן זייערע רעדעס נישט געדרוקט.

אויף די סוניסוד-פעלדער האָט מען דערווייל געבויערט. שוין זענען געפלאָסן צוועלף קוואַלן און באַשטעטיקט אַלע האָפ־נונגען.

צייטנווייז פלעגט דער פאָטער צו פאָרן צו זיך אין ביורא אַריין, מערסטנטייל אָבער זענען געקומען קלוג אויסזעענדיק אינטעליגענטע אָנגעשטעלטע צו אים אַהיים אויפצונעמען זיינע באַפעלן. אויסערגעוויינלעך טיכטיקע יונגע מענער, וועלכע האָבן אַלע זייערע פעיקייטן פאַרווענדט דערצו, וואָס מער נאַפט פון דער ערד אַרויסצובאַקומען.

זיי זענען פון קיין שום וויזיעס נישט געווען געפייניקט, קיין שום מעטאַדיעס האָבן זיי נישט פאַרפאָלגט, זיי האָבן נישט געוווסט פון קיין וואַקלען זיך, פון קיין אומזיכערקייט און האָבן אפילו קיין איין אויגנבליק נישט געצווייפלט אין דעם, אַז דער ציל פונם מענטשנס לעבן באַשטייט אין דעם—נאַפט פון דער ערד אַרויסצובאַקומען, דעריבער זעגען זיי אויך שטענדיק געווען ביי דעם קלאָרן פאַרשטאַנד, געאַרבעט מוסטערהאַפט אין זייערע אָפּ־טיילונגען און האָבן פּראָגרעסירט אין כבוד און אין געהאַלט.

ווען נאָר איינער פון אַזעלכע יינגעלייט איז אַוועקגעגאַנ־גען, אַזוי האָט שטענדיק זיך צעלייגט צווישן דעם פאָטער און זון אַ געוויסע אומעטיקייט. פאַרוואָס קען בוני נישט זיין ווי דער יינגער סימאָן, אָדער דעם יינגען היימאַן, אָדער דער יינגער באָלינג?

II

דער דאָקטאָר האָט דערקלערט, אַז הער ראָס דאַרף נישט אַרבעטן מער ווי צוויי שעה טעגלעך, דעריבער האָט בוני אים באַוועגט צו לאַנגזאַמע שפּאַצירגענג, צייטנווייז האָבן זיי געהערט עליס אַ דרשה, שפּאַצירנדיק אַזוי לענגאויס דער גאַס. דאָס האָט שטענדיק דעם פֿאָטער פֿריילעך געמאַכט. ער האָט שטענדיק געפֿילט אַ בייסיקע פֿרייד, ווען ער האָט נאָר באַמערקט דעם אָנזען פֿון דער דריטער אַנטפּלעקונג: זענען די מענטשן טאַקע אַזוי אידיאָטיש, אַזוי איז דאָך טאַקע רעכט, וואָס מען דהאָט ביי זיי די פּלאָטערזערוון צוגענומען. דער פֿאָטער האָט אַבאָנירט אַ קליינע צייטונג, וועלכע עס האָבן אַרויסגעגעבן עליס רעליגיעזע קאָנקורענטן, כדי אויפֿצודעקן זיינע שווינדלערייען.

אויך די ארטאדאקסאלע קירכעס האָבן מקנא געווען דעם דערפֿאָלג פֿון דער נייער אַנטפּלעקונג. זיי האָבן עלין גערופֿן קאָמענדיאַנט. טאָם פּובער, עליס אַ גייסטלעכער קאָנקורענט, האָט באַהויפּטעט, אַז עליס אויסהיילונגען זענען מערסטנטיילס שווינדל ער דינגט מענטשן, וועלכע דערציילן, אַז ער האָט זיי געהאָלפֿן.

אין זיין טעמפּל האָט עלי געהאַט באַזונדערע צימערן, וועלכע האָבן געטראָגן דעם נאָמען פּאַרוויילונגסצימערן.״ ווייל מען האָט זיך דאָרט מיט יעזוסן געווײַלט. מען האָט דאָרט געקענט טרעפֿן אַ הונדערט מענער און פֿרויען, וועלכע האָבן זיך

געקאַטשעט אויף דער ערד, די קליידער פון זיך אַראָפּגעריסן און הויך אונטערגעשפּרונגען.

די אָרגיע פּלעגט זיך ענדיקן מיט אַ פּאַרקנוילטע, צי־טערנדיקע, פון שווייס שטינקנדיקע מענטשנמאַסע.

דער אַרכיערײ פּובער האָט די צייטונגען געלאָזט פאַר־קויפן פאַר עליס טעמפּל. די צייטונגס־ייִנגלעך פלעגן ווערן דורך די גלויביקע צעהרגעט און די פּאָליציי האָט אָדער גאָר־נישט געקענט טון, אָדער ווען זי האָט שוין יאָ עמעצן אַרעס־טירט, האָט זי אים געמוזט באַלד פרייַלאָזן.

צי האָבן אפשר מורא די פּאָליטיקער פון אַנגל־סיטי פאַר דער מאַכט פון דעם דאָזיקן מיט זעגעכץ אָנגעשטאָפּטן נביא ? אַזוי האָט טאָם פּובער געפרעגט מיט ריזיקע בוכשטאַבן און הער ראָס האָט געלאַכט ביי דעם לייענען כמעט ווי יענער מאַן, וועלכער, אַהיימקערנדיק זיך פון יאַגד און אָנטרעפנדיק זיין פרוי קעמפן מיט אַ בער, האָט ער אָנגעשפּאַרט זיין גע־ווער אין פלויט און אויסגערופן :

„גיב אים, פרוי! גיב איר, בער!"

נאָך איין באַשולדיקונג האָט מען אויפגעהויבן : דער נביא האָט ליב די געזעלשאַפט פון שיינע יונגע פרויען. דאָס איז געווען אַ בייזוויליקער פאָרוואורף, ווייל עלי האָט אויסגעלאַסנ־קייט און זנות אָנגעגריפן מיט דער ליידנשאַפט פון אַ נביא פון דער ערשטער אַנטפּלעקונג.

הער ראָס האָט געשמייכלט און וואָלט גערן געוואָלט וויסן דעם אמת.

איינמאָל, ווען ער האָט מיט בונין אַ לענגערן שפּאַציר־גאַנג אונטערגענומען, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ פאַר־וואָרפענער בוכט, כדי אויסצוזוכן אַן אָרט פאַר בוגיס־וועגן אויס־צובאָדן זיך.

אויף דעם ברעג האָט זיך געפונען אַ ביליקער האָטעל ; און וועמען האָבן זיי דערזעען פון דאָרט אַרויסגיין ? עלין מיט אַן אויסגעצייכנט שיינער יונגער פרוי ! די יונגע פרוי האָט שנעל אַוועקגעשפּאַנט און עלי האָט זיך קורץ באַגריסט מיטן

ואָטער און בונין. דער פּאָטער האָט נאָכגעקוקט דאָס פּאָרל:
„אָט האָסטו דיר!"
דערנאָך איז ער אַריינגעגאַנגען אין האָטעל און באַמערקט דרך-אגב צום פּאָרטיער:
„דעם הער! וועלכער איז נאָרוואָס אַרויסגעגאַנגען מוז איך קענען—ווי איז זיין נאָמען?"
„דאָס איז הער ט. צ. בראָון פון סאַנטאַ-ינעז."
"וווינט ער דאָ?"
„ער פאָרט גראָד אָפּ."
דער פּאָטער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף דער פרעמדנ-ליסטע און דערזען גרויס און דייטלעך: „ט. צ. בראָון מיט זיין פרוי, סאַנטאַ-ינעז", פאַרצייכנט מיט דער פרימיטיווער שריפט פון עלי וואטקינס, וועלכע דער פּאָטער האָט פון אַ געשעפטס בריוו געקענט. עס איז אים אָנגעקומען שווער נישט אַרויסצולאַכן אין דער הויך. גאָט מיינער, ווען ער וועט טאַם פובערן דעם אינהאַלט פון דער ליסטע אויסגעבן, אַזוי צעפּליט זיך די דריטע אַנטפּלעקונג אין דער הויך!

# II

דער פּרעזידענט האַרדינג איז געשטאָרבן, און דאַן ירווינג האָט געשריבן בונין פון וואַשינגטאָן דאָס נייעסטע געשעעניש.

דער אַלטער הער האָט נישט גערן געוואָלט נעמען דאָס געלט פון די נאַפּטאַונטערנעמער, און דעריבער ד־האָט באַרניי בראַקוויי און זיין פּאַרטרויענסמאַן דערליידיקט די זאַך פאַר אים; זיי האָבן געעפנט אַ קאָנטאָ ביי איין וואָל־סטריט־מעקלער, אַ מע־טאָדע, דורך וועלכע דאָס לעבן פון די מלוכהמענער לייגט זיך צונויף זייער גוט.

פון צייט צו צייט האָבן זיי דעם אַלטן הער געבראַכט אַ שטויס מיט געלט, וואָס זיי האָבן פאַר אים „געווינען”.

איצט אָבער ווען זיין אלמנה האָט געפונען אַ סומע פון עטלעכע הונדערט טויזנט דאָלאַר אין זיין קאַסע, איז זי געווען איבערצייגט, אַז ער האָט דאָס פאַר אַן אַנדערע פרוי צוגע־גרייט, אין איר כעס האָט זי דאָס דערציילט אַלע באַקאַנטע און אַזוי אַרום דעם סוד אויסגעגעבן.

און איצט האָט דער נייער פּרעזידענט קולידזש אָנגענו־מען זיין אַמט. זיין באַרימטקייט האָט זיך באַזירט אויף דעם, אַז ער האָט דעם שטרייק פון די באָסטאָנער פּאָליציאַנטן דער־שטיקט ; אין אמתן אָבער האָט ער זיך דעמאָלט אויסבאַהאַלטן, ווען דער באָסטאָנער בירגערמייסטער האָט אים אַן אויג אָנ־

טערגעשלאָגן. ער ה'האָט אַליין דערקלערט, אַז דער טרוים פון
זיין לעבן איז צו האָבן אַ קליין קרעמל.
איבעריקנס, האָט ער קיינמאָל נישט געוווסט, וואָס ער
זאָל זאָגן, און דעריבער האָבן אים די צייטונגען אַ נאָמען גע-
געבן „דער שטאַרקער שווייגנדיקער מאַן".
בוני האָט אין זיין צייטונג געבראַכט ווייניק פון דעם אַלע-
מען, ווייל רחל איז געווען קעגן די אַלע פּליאָטקעס.
דערפאַר אָבער האָט זי געדרוקט רעוואָלוציעס פון די
ספּאָרטליייט אויף דעם אוניווערסיטעט. ווען מען האָט די צײַ-
טונג פאַרקויפט פאַר דעם אוניווערסיטעט, האָבן די סטודענטן
געוואָלט אויספּאַטשן די מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער
יוגנט; אָבער די צייטונג האָבן זיי דאָך געלייענט, און בוני
האָט זיך געפרייט דעריבער.
אין דעצעמבער איז זיך צונויפגעקומען דער נייער קאָנג-
רעס, און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן עטוואָס שרעקלעכעס; די
„צעבונטעוועטע" סענאַטאָרן האָבן געהאַט אין סענאַט די מער-
הייט. זיי האָבן זיך פאַראייניקט מיט די דעמאָקראַטן און דורכ-
געפירט אַן אויספאָרשונג אין דעם ענין פון די נאַפטאַרענדעס.
די ידיעה האָט געטראָפן דעם פאָטער און ווערנען ווי אַ
דונער; זייערע שפּיאָנען אין וואַשינגטאָן ה'האָבן זיך נישט גע-
רעכנט מיט אַזאַ מעגלעכקייט. ווערנע איז באַלד אַריינגעשפּרונ-
גען אין זיין אויטאָ און איז אַוועק קיין וואַשינגטאָן, כּדי צו
זען וואָס באַר געלט וועט נאָך באַווייזן אויפטון אין די לעצ-
טע מינוטן.
דער גאַנצער ענין איז שוין געווען צו סענסאַציאָנעל כּדי
לענגער צו קענען ווערן פאַרטושט; עס האָט שוין נישט אויס-
געזען ווי פּאָליטיק, נאָר ווי אַ שוידערלעכער פילם.
דער מלוכהסעקרעטאַר קריסבי איז נישט געווען גענוג אינ-
טעליגענט זיין באַפּטגעלט אין מלוכהאָנלייעס אַריינצולייגן; ער
האָט ווי אַ נאַר אַ גרויסע היפּאָטעק אויף זיין גוט אין טעקסאַס
אָפּגעצאָלט, ווי אויך זיך דערוואָרבן אַ גרויסע צאָל פון זאַכן,
וועלכע יעדער האָט געקענט זען, יאָ, ער ה'האָט אַפילו דעם

פּראָוואָלטער פונם גוט מיטגעטיילט, אַז ער האָט פון ווערנען געקריגן אַכטאונזעכציק טויזנט דאָלאַר, וואָס דער פּראָוואָלטער האָט פון זיין זייט ווידער איינעם פון די לאַנדאַרבעטער דער־ציילט. איצט האָבן די סענאַטאָרן דעם דערשראָקענעם פּראָוואָל־טער איינגעלאַדן אַלס עדות: ער דהאָט דערקלערט, אַז עס האַנדלט זיך אין אַ טעות, ער האָט נישט: „אַכטאונזעכציקטויזנט דאָלאַר געזאָגט, נאָר „אַכט אָדער זעקס בהמות".

מען האָט אָבער דאַן באַוויזן, אַז דער מלוכהסעקרעטאַר קריסבי האָט גראָד דעמאָלט אין זיין באַנק הונדערט טויזנט דאָ־לאַר פאַר איין מאָל דעפּאָנירט. פונוואַנען איז אים געקומען דאָס געלט? אַ גרויסער צייטונגסבאַזיצער דהאָט דערקלערט, אַז ער האָט זיין ליבן פריינט אָן אַ שום באַזונדערער סיבה די דאָ־זיקע קליינע סומע אויסגעבאָרגט.

דערנאָך איז דער גרויסער צייטונגסבאַזיצער אַרויסגעפאָרן אויף ווינטער קיין פלאָרידע; זיין געזונטצושטאַנד האָט אים נישט דערלויבט, אַז ער זאָל ווערן באַלעסטיקט מיט אַזעלכע ענינים.

אָבער די געמיינע אויספאָרשונגס-קאָמיסיע האָט געשיקט איינעם פון אירע מיטגלידער קיין פלאָרידע און געפאָדערט אונ־טער אַ שבועה צו זאָגן דעם אמת; און פאַר אַ פופציק רעפּאָר־טערן האָט דער צייטונגסבאַזיצער געמוזט מודה זיין, אַז זיין ערשט עדות-זאָגן איז געווען נישט מער, ווי אַ מעשהלע צוליב פריינטשאַפט-כּוונות.

פונוואַנען האָט ער גענומען די דהונדערט טויזנטדאָלאַר? אַלע האָבן ענערגיש געפאָרשט, פאַרשטענדליך אַז עס זענען געקומען חברהלייט ווי דאַן ירווינג צו דער אויספאָרשונגסקאָ־מיסיע צולויפן און איבערגעגעבן אַלע וואַשינגטאָנער פּליאָטקעס.

די קאָמיסיע האָט געפאַקט דעם יינגן פעטער אָרעי, און אים גענומען אויף אַ קרייצפאַרהער און אים געצוווּנגען מודה צו זיין זיך, אַז ער האָט אַליין די קליינע סומע פון הונדערט טויזנט דאָלאַר אין אַ שוואַרץ זעקעלע דעם מלוכהסעקרעטאַר קריסבי איבערגעגעבן; — אַ ריכטיקע קינאָסצענע!

דערנאָך איז געקומען די ריי אויף דעם אַלטן פעטער; ער האָט באַהויפּטעט, אַז ער איז נאָר געווען די קאַסע, ער האָט אַפילו ערגעץ דעם וועקסל, קען זיך נאָר נישט דערמאָנען ווו.

ענדלעך האָט ער געוויזן אַן אונטערשריפט, וועלכע זאָל האָבן זיין אָפּגעשניטן פון דעם וועקסל. וואָס עס איז געוואָרן פון דעם אַנדערן שטיקל פּאַפּיר, קען ער נישט זאָגן, ווייל ער איז שטאַרק נישט פּאָרזיכטיק אין אַזעלכע זאַכן. ער האָט דעם וועקסל זיין פרוי געגעבן, און זי האָט עס פאַרלוירן אויסער דער אונטערשריפט.

אַזעלכע סקאַנדאַליעזע פּרטים זענען געוואָרן דערציילט אין וואַשינגטאָן פון דער חשובער געזעלשאַפט! נאָך מער, די צייטונגען האָבן זיי פאַרעפנטלעכט, ווען זיי האָבן פאַר זייער אייגענער דרייסטקייט אָנגעהויבן מורא צו האָבן.

## IV

טאָגטעגלעך האָט דער פאָטער מיט ווערנען דערהאַלטן לאַנגע טעלעגראַמעס. זיי זענען, פאַרשטענדלעך, געווען אַדרעסירט נישט דירעקט צו זיי, נאָר צו פרוי באַלינג, דעם ווייב פון אַ פאַרטרוילעכן ייִנגן אָנגעשטעלטן און מיטן נאָמען „י. ג. בוטער" אונטערגעשריבן. אַ דאָקטאָר וואָלט געוויס נישט געפּרווט באַרויקן די נערוון פון זיין פּאַציענטן מיט אַזעלכע טעלעגראַמעס. הער ראָס האָט געפיבערט פון אויפרעגונג. איצט האָט ער שוין חרטה געהאַט, וואָס ער האָט נישט געפאָלגט די וואָרנונגען פון דעם ייִנגן אידעאַליסט און זיך נישט אַריינגעלאָזט אין דעם דאָזיקן קאָרופּציע-זומפּ!

איצט האָט בוני, פאַרשטענדלעך, שוין נישט געזאָגט מער עטוואָס ענלעכעס, ער האָט נאָר געלייענט די טעלעגראַמעס און זיך געפרעגט, ווען דער בליק וועט שוין אויף זיי אַראָפּפאַלן.

אַנאַבעלעס נייער פילם „אַ מוטערהאַרץ" איז געווען פאַרטיק, מען האָט אַ באַזונדער פייערלעכע פּרעמיערע געפּלאַנט. פאַר איין אָוונט אַמווייניקסטנס זאָל אַלץ ווידער זיין אין דער שענסטער אָרדנונג.

ווען בוני אָבער איז אַהיימגעקומען פון מאַכן די קאָרעקטורן פון זיין וואָכנשריפט, האָט ער געטראָפן די מומע עמאַ ציטערנדיק אינגאַנצן פון אויפרעגונג.

„אָ, בוני, :עטוואָס שרעקלעכעס איז געשען! זיי ווילן דיין פאָטער אַרעסטירן!“

„אַרעסטירן?“

„די לייט זענען שוין פאַר דעם הויז. דו מוזט אים אוועק־פירן, זיי זאָלן עס נישט באַמערקן... זיי ווילן אייך נאָכפאָלגן... איך האָב אַזוי מורא, ביטע, ביטע, זיי פאָרזיכטיק! לאָז זיי נישט דעם פאָטער דערוויסן!“

בונין איז געלונגען פון דער מומען די גאַנצע געשיכטע זיך צו דערוויסן.

דער ייִנגער באָלינג, דער פאַרטרויִלעכער אָנגעשטעלטער, האָט צוריק מיט אַ פּאָר מינוט געבּרענגט פון דעם פאָטער צו בונין אַן אויסערגעוויינלעך דרינגענדיקן בריוו. בוני זאָל זיך באַנוצן מיט זיין אייגענעם אויטאָ און זען, צו מען פאַרפאָלגט אים נישט, ווייל מען זוכט די שפּורן פונם פאָטער. ווי נאָר עס וועט אים געלונגען אַז די מענטשן, וועלכע ווילן אים פאַר־פאָלגן, זאָלן אים פאַרלירן פונם אויג, אַזוי זאָל ער לאָזן שטיין דעם אויטאָ, אויף וועלכן עס איז אויסגעקריצט זיין נאָמען, און אין אַ גאַראַזש, וווּ מען קען אים נישט, זאָל ער אונטער אַ פאַלשן נאָמען קויפן אַן אָפּגעשלאָסענעם אויטאָ.

עס דאַרף נישט זיין קיין בייער אויטאָ, ווייל זיי וועלן אפשר דאַרפן אויסערגעוויינלעך שנעל פאָרן, מיט דעם דאָזיקן אויטאָ, גוט גיבנדיק אַכטיק, אַז קיינער זאָל אים נישט פאַר־פאָלגן, זאָל ער נאָך דער פאַרשטאָט סאַן־פאַסקאַל אַרויספאָרן. אויף איין עק פון דער גאַס וועט דער פאָטער איינשטייגן.

הער באָלינג האָט דער מומע עמען געבּראַכט פינף טויזנט דאָלאַר און דערנאָך אַוועקגעגאַנגען, גלויבנדיק, אַז די מענער וואָס אָבסערווירן דאָס הויז ווילן אים פאַרפאָלגן.

בוני האָט האַסטיק אַ זאָג געטון אַ פּאָר טרייסטווערטער צו דער אַלטער דאַמע.

„קיין מענטש וויל נישט דעם פאָטער אַרעסטירן, מען וויל אים נאָר איינלאַדן אַלס עדות ווי דעם אַלטן און ייִנגן פעטר.“

דערנאָך האָט בוני שנעל אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר מלבושים

און אן אלטן רייזעטאַש אָן איניציאַלן, און אַריינגעשפּרונגען אין זיין אויטאָ.

אויף דער גאַס האָט שוין געוואַרט אַ צווייטער אויטאָ, וועלכער האָט זיך אויך גערירט פונם אָרט, ווי נאָר בוני האָט אָנגעהויבן פאָרן.

בוני האָט זיך פאַרנומען אַלעמאָל אויף אַן אַנדער וועג, אָבער דער צווייטער אויטאָ האָט אים אַלץ פאַרפאָלגט. דאָ איז בונין איינגעפאַלן, אַז גראָד איצט, צווישן פינף און זעקס אַ זייגער פאַרנאַכט איז דער פאַרקער אין צענטר פון שטאָט צום שטאַרקסטן.

דער פאַרקער ווערט דאָרט אָנגעפירט דורך סיגנאַלן, אין אַלע עקן שטייען פּאָליציאַנטן, עס קען מעגלעך זיין, אַז דאָרטן וועט בוני זיך דורכשטופּן, אין דער צייט, ווען דער פיינט וועט מוזן בלייבן שטיין פון הינטן.

דאָס שפּיצל איז אים געלונגען. בוני איז פון זיינע פאַר-פאָלגער פּטור געוואָרן, געלאָזט שטיין זיין אויטאָ אין אַ עפנט-לעכן גאַראַזש און געקויפט אַ געשלאָסענעם צווייזיצער אויף דעם נאָמען אַלעקס ה. יאָנעס.

בוני האָט אויפגעציילט אַכצנהונדערט דאָלאַר און איז ווייטער געפאָרן.

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט ער זיך שוין געפונען אין סאַן-פּאַסקאַל, אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט. ער איז צוויימאָל פאַ-ריבערגעפאָרן; דאָס צווייטע מאָל איז דער פּאָטער אַרויסגע-גאַנגען פון אַ האָטעל, איינגעשטיגן, און דער אויטאָ איז אַוועק.

„פאַרפאָלגט אונדז עמעץ?“ — האָט געפרעגט דער פּאָ-טער, און בוני האָט געענטפערט — „איך גלויב נישט, אָבער מיר ווילן זיך איבערצייגן.“ — זיי האָבן זיך פאַרנומען אויף עטלעכע וועגן און דער פּאָטער האָט געקוקט דורך דעם הינ-טערשטן פענצטערל — „אַלץ איז אין אָרדנונג“, האָט ער דער-קלערט.

„וווּהין פאָרן מיר?“ — האָט בוני געפרעגט.

„קיין קאַנאַדע.“

בוני, וועלכער איז געווען גרייט אויף אלץ, האָט זיך פאַרנומען אויף דעם שאָסיי, וועלכער האָט געפירט פון סאַן פּאַסקאַל קיין צפון.

פאָרנדיק האָט דער פאָטער איבערגעגעבן, וואָס עס איז געשען.

„ווערנע איז אַנטלאָפן קיין איראָפּע, ווייניקסטנס הײנט גייט אָפּ זיין דאַמפער, עס איז צו האָפן, אַז מען האָט אים פאַר דעם נישט געכאַפּט.“

י. ב. בוטער האָט טעלעגראַפירט צו פּרוי באָלינג, אַז הער פּאַראַדיז, דאָס איז געווען דעם פאָטערס פּסעוודאָנים, זאָל באַלד פאָרן צו זיין פּריינט קיין וואנקוווער, אַ נישט וועט ער שוין אָנקומען צו שפּעט.

דער דאָזיקער ווינק איז שוין געווען גענוג, ווייל דער פאָטער האָט שוין נעכטן באַקומען אַ ידיעה, וועלכע ער האָט פון בונין אויסבאַהאַלטן, אַז די אויספאָרשונגסקאָמיסיע איז עפּעס פון דער קאַנאַדישער קערפּערשאַפט געוויער געוואָרן און האָט בכוונה אַלע אירע אָרגאַניזאַטאָרן אַלס עדות איינצולאַדן· אבער די איינלאַדונגען זענען שוין הײנט אַרויסגעגעבן געוואָרן.

דער פאָטער מיטן יינגן באָלינג זענען אַנטלאָפן פון דער ביוראָ דורך דעם פייערלייטער.

און איצט זענען געפאָרן אַלעקס ה. יאַנעס און פּאַול ק. יאַנעס די גאַנצע נאַכט אויף דעם פון רעגן דורכגעווייקטן וועג, האָבן נישט געוואַגט זיך אָפּצושטעלן אין קיין שום האָטעל, ווייל עס קען נאָך לויערן אַ קרימינאַלבאַאַמטער, און האָבן נישט געוואַגט דורך אַ גרויסע שטאָט דורכצופאָרן אויס מורא אַז דאָס אַלזעענדיקע אויג פונם אָנקעל סעם קאָן זיי נאָך דורך אַ פענסטער דערזען.

## V

זיי זענען אָנגעקומען קיין וואַנקוווער ביי אַ שטאַרקן שניי־שטורם, אַראָפּגענומען פון זיך די פּסעוודאָנימען און פאַרפאָרן אינם בעסטן האָטעל.

פאַרשטענדלעך, אַז באַלד זענען זיך צונויפגעלאָפן אַלע רעפּאָרטערן, דער פּאָטער האָט דערקלערט מיט רויִקע ווערטער, אַז עס איז לעכערלעך וואָס מען זאָגט, אַז זיי זענען אַנטלאָפן פון דער אויספאָרשונגסקאָמיסיע; זיי זענען אַלס אַמעריקאַנישע געשעפטסלייט קיין בריטיש־קאָלומביע געקומען כדי דאָרט געשעפטן צו מאַכן.

דער גאַנצער סקאַנדאַל אין וואַשינגטאָן איז נישט מער, ווי אַ געמיינע און נאַרישע פּאָליטיק, די אַרענדעס זענען פאַר דער רעגירונג געווען אויסערגעוויינלעך גינסטיק און וואָס אָנבאַטרעפט דער קאַנאַדישער קערפּערשאַפט, אַזוי האָט זי קאַנאַדע אַ סך נוצן געבראַכט.

„ווערט איר, הער ראָס, מיט אייער זון אין קאַנאַדע נאָכגעזוכט?“—האָבן די רעפּאָרטער געפרעגט פאַראינטערעסירטע. און דער פּאָטער האָט געענטפערט, אַז וועגן דעם קאָן ער אויגנבליקלעך גאָרנישט זאָגן.

איצט זענען זיי דאָ געזעסן, קערפּערלעך זייער גוט אָפּגעהיט, אָבער גייסטיק ווייט נישט גוט געשטימט, אין אַן אומעטיקער שטאָט ביי אַ נאַסקאַלטן וועטער.

דער פּאָטער האָט זיך געמאַכט גרייט צו אַ לענגערער פאַרשיקונג: דער נייער קאָנגרעס האָט נאָך באַדאַרפט בלייבן צוזאַמען אַ האַלב יאָר, און די בונטאָווטשיקעס וועלן באַשטימט נישט לאָזן דעם נאַפּט-סקאַנדאַל איינשלאָפן, כדי אים צו קע־נען אויסנוצן אין דעם קומענדיקן הערבסט ביי די וואַלן צו אַ פּרעזידענט.

דער פּאָטער האָט טעלעפאָנירט אין זיין ביורא אַריין און זיך נאָכגעפרעגט נאָך ווערנען.

ווערנע האָט צוריק געענטפערט פונם דאַמפער, אַז ראָס זאָל אים באַלד נאָכפאָלגן קיין לאָנדאָן.

דער פּאָטער האָט עס געמוזט טון. וואָס אָבער וועט ווערן מיט בונין? ער האָט אין דער היים זיין געליבטע און אויך זיין וואָכנשריפט; אפשר וואָלט עס געווען בעסער, ווען ער זאָל פאָרן אַהיים קיין אנגל-סיטי.

„נאַרישקייטן!" - האָט בוני געענטפערט—„דו וועסט נישט פאָרן אין ווינטער איינער אַליין איבער דעם גאַנצן קאָנטינענט און איבער דעם ים, איך וועל מיטפאָרן, ווען מיר וועלן זיך מיט ווערנען באַראַטן, וועלן מיר קאָנען באַזוכן בערטען אין פּאַריז און זיך באַקענען מיט אַלע אירע חשובע דיפּלאָמאַטישע פריינט. וועט עס דאָן זיין נויטיק, וועל איך נאָך דעמאָלט אויך קאָנען אַליין אַהיימפאָרן. מיר וועלן שוין זען."

דער אַלטער מאַן האָט אַרויסגעוויזן אַ רירנדיקע פרייד אי־בער דעם באַשלוס, ער האָט איצט נאָר מער געהאַט ליב בונין.

אין דער שטיל האָט ער זיך געפילט פאָרן זון אַ ביסל געפאַלן, דאָך האָט ער ווייטער געמוזט שפּילן די ראָל פון אַ ווירדעפולן געשעפטסמאַן, וועלכער ווערט פאַרפאָלגט פון זיינע פּאָליטישע פיינט, ער האָט מיט בונין ווייניק גערעדט וועגן די ענינים, דאַגעגן מיט אַנדערע האָט ער שעהנלאַנג געקענט רעדן וועגן דעם.

די דאָזיקע פלוצימדיקע באַרעדעוודיקייט אין געשעפטלע־כע אָנגעלעגנהייטן, איז געווען אַ דערשיטערנדיקער באַווייז פון זיין אָנקומענדיקער שוואַכקייט.

בוני האָט געשריבן לאַנגע בריוו צו ווי און זי פאַרזי־ בערט אין זיין ליבע, און אויך רחלען האָט בוני געשריבן בריוו און די וואָכנשריפט איבערגעגעבן אינגאַנצן אין איר רשות די טויזנט דאָלאַר זאָלן פון איצט אָן אויסגעצאָלט ווערן די־ רעקט איר.

אויך דער פאָטער האָט געשריבן לאַנגע בריוו צו זיינע טיכטיקע יינגע אָנגעשטעלטע. (גאָט צו דאַנקען פאַר דעם וואָס זיי זענען טיכטיק!) זיי זאָלן מיט אים און מיט ווערנען בלייבן אין טעלעגראַפישער פאַרבינדונג, אין דער צייט ווען ווערנעס אַגענטן און וואַשינגטאָן וועלן האַלטן אויף דעם אויג די טע־ טיקייט פון דער אויספאָרשונגסקאָמיטיע.

בוני האָט באַשטעלט נאָך פיל ראַדיקאַלע צייטונגען, כדי צו לייענען אַלע אַרטיקלען פון דאָן ירווינגן.

זיי זענען געפאָרן פיר טעג מיט דער באַן איבער די שנייבאַדעקטע פעלדער פון קאַנאַדע.

אינדרויסן איז געווען שטאַרק קאַלט, אין קופע דאַקעגן וואַרעם און אַנגענעם. צום צוג איז געווען צוגעטשעפעט אַן עקסטרע וואַגאָן פאַר אַמעריקאַנישע און קאַנאַדישע געשעפטס־ לייט. שוין אין אַ קורצער צייט, זענען אַלע געוויער געוואָרן, אַז עס געפונט זיך צווישן זיי דער גרויסער י. אַרנאָלד ראָס, פון דעמאָלט אָן איז דער פאָטער געוואָרן דער צענטער און ער האָט אַלעמען דערציילט פון זיינע זאָרגן.

בוני האָט באַמערקט מיט פאַרוואונדערונג דעם קלאַסנבאַ־ וווסטזיין פון די דאָזיקע מענטשן; עס איז געווען אַ ריין מע־ כאַנישע רעאַקציע. זיי האָבן זיך באַלד אַוועקגעשטעלט אויף דער זייט פונם פאָטער; יעדער פון זיי האט געוווסט, אַז די רעוואָלוציעס זענען אַ פועל־יוצא פון ביזוויליקער פּאָליטיק און אַז די אַרענדעס האָבן דוקא געדינט דעם נוצן פון אַלעמען.

אין מאָנטרעאַל האָט זיי אָפּגעוואַרט אַ שווימענדיקער פּאַ־ לאַץ. זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען צום ברעג, געפאָרן מיט דעם סענט־לאָורענס־שטראָם און זיך אָפּגעשטעלט אין קוויבעק. דאָ האָבן זיי געקויפט צייטונגען, און בוני האָט זיך דערוווסט, אַז

די פאָליציי האָט אַרומגערינגלט אַ געהיימע זיצונג פון דער וואָרקערס פּאַרטיי און אַלע מיטגלידער אַרעסטירט.

אַ גרויסע סענסאַציע, די קאַנאַדישע צייטונגען האָבן געבראַכט פּרטים, דאָס איז דאָך געווען אַ פּראָבלעם, וואָס האָט זיי אויך אינטערעסירט, די צייטונגען האָבן אפילו אָנגעגעבן די נעמען פון די פאַרברעכער: צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער נאָמען פון פּאָול וואַטקינס!

## IV

קיין שום געלט האָט נישט געקענט מאַכן, אַז די רייזע קיין ענגלאַנד זאָל נישט זיין קאַלט און שטורעמדיק.

דער פאָטער האָט זייער געליטן פון דער ים־קראַנקהייט, און אָנגעקומען אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד אין דעם לאָנדאָנער האָטעל, ווו ווערנע ראַסקאָע האָט געוווינט. אָבער ווערנע האָט פאַרשטאַנען ווי אים פריילעך צו מאַכן, יאָ, דער פאָטער האָט זיך שוין דערפילט מונטערער, ווען ווערנע האָט אים גאָר אויף דער פלייצע אַ קלאַפּ געטון און זיין הויכע שטים ד'האָט זיך איבער דעם גאַנצן קאָרידאָר געהערט;

„הע, דו אַלטער! איך גלויב, די רויטע האָבן דיר די נערוון רוינירט!"

ווערנעס נערוון זענען קיינמאָל נישט פון קיינעמען רוי־נירט געוואָרן, ער איז נאָך אַלץ געזעסן פון אויבן און גע־זאָגט:

די גאַנצע אויספאָרשונג איז אַ שפּיל צו פאַרווייל͏ן די ליידיקגייערס, אין אייניקע חדשים וועט אַלץ פאָריבער און פאַרגעסן ווערן.

„ביי גאָט!"—און ווערנע האָט אַ שטויס געטון זיין שותף אין דער זייט.—„מיר באַקומען דעם נאַפט אין סוניסוד, דאָס געלט פליסט אין אונדזערע באַנקדעפּאָס, און נישט. ערגעץ

אנדערש, און מיר וועלן זיך הערלעך אונטערהאַלטן אויסגעבנדיק דאָס. און וואָס נאָך בעסער, מיר וועלן ביי די פאַרשאָלטענע רויטע סענאַטאָרן די שפּיז איבערדרייען—וואַרט נאָר צו אַ פּאָר טעג, דעמאָלט וועסטו זען, וואָס דאָ אין ענגלאַנד וועט שטיין אין די צייטונגען אויף די ע״שטע זייטן!״

אויך זם יוניאָר האָט ער אויף די פּלייצעס געקלאַפּט. דער יינגער באָלשעוויק מוז אויסווייזן דעם פאָטער די מערקווירדי־קייטן פון לאָנדאָן, ער האָט דאָך דערפון געלערנט אַ סך אין די ביכער פון געשיכטע, די ערטער ווו מען האָט אַמאָל, מיט אַ פינפהונדערט יאָר צוריק די מענטשן די קעפּ אַראָפּגענומען און נאָך אזעלכע פריילעכע ערטער,

און ווי נאָר דער אַלטער מאַן וועט זיך דערפילן בעסער אַזוי וועט ער, ווערנע, אים פאָרשלאָגן אַ פּאָר נאַפּטפּלענער, פון וועלכע די אויגן וועלן אים פון קאָפּ אַרויסשפּרינגען.

„איך האָב קיין צייט נישט פאַרלוירן, איך נישט! איך האָב אַריינגעלייגט פינף מיליאָן אין אַן אונטערנעמונג, אַ גרויס פעלד אין רומעניע, וועלכעס איז איצט ר צייט פון דער דייט־שער אינוואַזיע צעשטערט געוואָרן, און וועלכעס עס וועט נאָך סוניסוד איבערגיין. איך באַקום אייננאונפופציק פּראָצענט און קאָנטראָליר די גאַנצע אונטערנעמונג. מיר וועלן אַריבערפירן אַמעריקאַנישע מאַשינען און ווייזן די ציגיינער, אָדער די אַנ־דערע, וועלכע לעבן דאָרט, ווי אַזוי עס זעט אויס אָרנטלעכע אַרבעט. איינצייטיק קעמף איך מיט די ענגלישע נאַפּטלייט מעגן פּערסיען, און טרייסל אויס צוזאַמען מיטן מלוכה־דערפּאַרטאַ־מענט דעם אַלטן זשאָן בול פון אַ לאַנגן, זיסן חלום.״

בוני האָט זיך באַקענט מיט אַ מערקווירדיקע סיטואַציע: ווערנע ראָסקאָע איז אַנטלאָפן פאַר דער אויספאָרשונגסקאָמיסיע פונם סענאַט, ער איז אָבער דאָך געבליבן דער באַלעבאָס איי־בער דער פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס אָנבעלאַנגט דעם נאַפּט; דעם קאָנסול אין אויסלאַנד און דער אויסערנמי־ניסטער אין דער היים האָבן זיך באַנומען, גלייך ווי זיי זאָלן זיין זיינע שיקיינגלעך.

געוויס האָבן אויך די אַנדערע גרויסע נאַפטמאַגנאַטן — עקסצעלזאָר פּעטאַזש, וויקטאָר און די אַנדערע גרויסע פינף — געהאַט הונדערטער אַגענטן אין אויסלאַנד, אָבער ווערנע איז געווען אַזוי שטאַרק און האָט געהאַט אין וואַשינגטאָן אַזאַ איינפלוס, אַז די אַנדערע האָבן אים געמוזט פאָלגן. דער פּרעזידענט האַרדינג איז טאַקע שוין געווען טויט, אָבער זיין גייסט, וועלכן ווערנע מיט די זייניקע האָבן אָפּגעקויפט, האָט ווייטער געלעבט.

דער אַמעריקאַנישער מאַגנאַט האָט זיך באַוועגט צווישן די ענגלענדער מיט דער גראַציע און מיט דעם טאַקט פון איינעם פון זיינע לאַנגהאָרנדיקע אָקסן אויף דרום-מערבדיקע פעלדער.

עס איז איבם גאָרנישט איינגעפאַלן איבערצובייטן זיינע געזעלשאַפטלעכע מאַניערן. ער איז געווען אַן אַלטער בהמות-שטעמפּלער פון אָקלאַהאָמע, און דאָס וואָס ער איז די „קאַמפּאַשן און מאַנאַקל-חברה-לייט״ ווי ער האָט די פירנדיקע נאַפטמאַגנאַטן פון גרויסבריטאַניען גערופן, נישט געפעלן, האָט אים נישט אָנגעהויבן צו אַרן, בוני האָט בייגעוווינט אַ באַנקעט, ווו אַלע קאָנקורענטן זענען געווען ביי דעם טיש אויסגעזעצט. און ער האָט אויסגעפונען, אַז ווערנע האָט זיך דאָ פאַרהאַלטן נאָך אַ סך מער אָרדינערער, ווי אין דער היים אין „מאָנאַסטיר״.

בוני האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז די דאָזיקע פאַרהאַלטונג ווערנעס איז אַ מין מעטאָדע: ווערנע וויל אָפּשרעקן די פרעמדע מיט זיין ווילדקייט און ברענגט זיי אַריין דורך דעם אין דער פּאַסיקער שטימונג פאַר אונטערהאַנדלונגען.

צוריק מיט אַ פּאָר יאָר האָבן די דאָזיקע חברה-לייט זייער נויטיק באַדאַרפט האָבן אונדזער פלאָט און האָבן אים אויך באַקומען אָן געלט; ווערנע האָט גאָרנישט מורא געהאַט דאָס זיי אָפן צו זאָגן, אַז דאָס צווייטע מאָל וועט עס שוין נישט זיין אַזוי. דאָס נעכסטע מאָל וועלן די נאַפט אונטערנעמער שוין האָבן אויף די קריגסשיפן עפּעס צו זאָגן און אויך אויף די דאָלאַרס!

# VII

דער פּאָטער, פאַרשטענדלעך, האָט זיך פאַר די ערטער, ווו מען האָט מיט פינפהונדערט יאָר צוריק מענטשן־קעפּ אָפּגעהאַקט נישט אינטערעסירט, און אויך בוני, וועלכער האָט זיי דוקא באַזוכט, האָט אויך נישט געקענט האָבן פאַר זיי קיין רעכטן אינטערעס. אים איז ווייט מער געווען אינטערעסאַנט צו קענען די מענטשן, וועלכע זענען ביי היינטיקן טאָג געווען אין געפאַר געקעפּט צו ווערן.

עס איז געווען אין ענגלאַנד אַ גרויסע אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַ גוט אַנטוויקלטן קולטור־אַפּאַראַט, וועלכער איז פון די עלטערע פירער גוט דערהאַלטן געוואָרן; אָבער אויך דאָ האָבן זיך געפונען יינגע בונטאָווטשיקעס, וועלכע האָבן באַקעמפט די פּאַרטיי צוליב איר מאַנגל אין אַן איינדייטיקן רעוואָלוציאָנערן ציל.

„דער יינגער סטודענט" האָט זיך מיט דעם „פּלעבס" מיט עקזעמפּליאַרן געביטן.

בוני האָט אויפגעזוכט די פּלעבסלייט און איז אַריין באַלד איבער די אויערן אין דעם ענגלישן, קאַמף, ער האָט בייגעוווינט אַ הערלעכע פאַרזאַמלונג אין דער אַלבערט־האַל און זיך באַקענט מיט פּאַרלאַמענטס־מיטגלידער פון דער לייבאָר־פּאַרטיי און נאָך אינטערעסאַנטע לייט.

אַ גרויסע צאָל פון צייטונגען האָבן געבראַכט אינטערוויוס מיט דעם יינגן נאַפּט־פּרינץ, וועלכער איז ראַדיקאַל געשטימט. אויף דעם איז באַלד אָנגעקומען אַ פאַרצווייפלטער בריוו פון בערטין.

זי האָט אים אויפגעפאָדערט צו קומען קיין פּאַריז, כּדי צו פאַרקערן אין דער בעסטער געזעלשאַפט, און איצט פאַרשאַפט ער איר אַזעלכע צרות, כאָטש ער איז ווייט פון דער היים אויף זעקס טויזנט מייל.

„צי קענסטו גאָרנישט, אין גאָטעס ווילן, זיך פאָרשטעלן, וואָס דו טוסט אָן דיינע קרובים? עלדאָן האָט געזאָלט העכער שטייגן, און איצט ביסטו געקומען און אַלץ קאַליע געמאַכט!... דאָ נעמען די מענטשן די רויטע געפאַר זייער ערנסט, דו וועסט זיין אָפּגעשטויסן פון אַלע. און ווי קענען עלדאָנס עלצטע אים פּאָליטישע סודות אָנפאַרטרויען, ווען זיי וועלן געוווּיער ווערן, אַז אַ מיטגליד פון זיין פאַמיליע סימפּאַטיזירט מיט די פאַרברעכערישע מערדערס פון מאָסקווע?”

בוני האָט געענטפערט, אַז דאָס אַלץ איז באמת זייער טרויעריק, זאָל בערטי מיט איר מאַן אים פאַרלייקענען און מיט אים זיך נישט צוזאַמענקומען, ווייל ער וויל אומבאַדינגט זיך באַקענען מיט די אַרבעטער און מיט זייערע שטרעבונגען אומעטום נאָר, ווי ער וועט זיין.

נאָכדעם, ווי ער האָט פון זיך די משא אָפּגעטרייסלט, האָט בוני געשריבן אַ באַריכט פאַר דעם „יינגן סטודענט”.

די קליינע צייטשריפט איז דערשינען צו דער צייט, בוני האָט זי געלייענט אינגאַנצן און אויסגעפונען אַז אַלץ אין איר איז גוט, יאָ, רחל מענציעס איז אַ זעלטענער רעדאַקטאָר, אַ סך בעסער פון אים אַליין, האָט בוני באַשיידן זיך מודה געווען.

זי האָט אָנגעהויבן מיט אַ סעריע פון אַרטיקלען „די יוסטיץ און דער סטודענט” און אַרומגערעדט אין זיי די פּראָבלעמען פון דעם יינגן דור.

רחל האָט געזען אַלץ אַזוי קלאָר, האָט געשריבן אַזוי

ווידעפול און איבערצייגנדיק און איז נישט געוואָרן ווילד, ווי נאָך פון די יינגע רויטע. אַפילו אויף דעם פּאָטער האָבן די אַרטיקלען געמאַכט אַן איינדרוק.

„יאָ, דאָס איז אַ קלוג מיידל, ער האָט עס גאָרנישט דער-קלערט, אָבער די דאָזיקע יידן זענען שטענדיק אַזוי אינטעליגענט.“

בוני האָט אויך באַקומען די אַרבעטער פּרעסע קאָראספּאָ-נדענץ מיט דאַן ירווינגס וואַשינגטאָנער בריוו און ווייטערע ידי-עות וועגן דעם נאַפּטסקאַנדאַל.

ווערנע האָט געהאַט רעכט ווען ער האָט נביאות געזאָגט, אַז די אויספאָרשונג וועט זיך אויסלאָזן מיט גאָרנישט, די גאַנ-צע מאַכט פון דעם דהעכסטן פּראָקוראָר איז געווען געווענדט קעגן די צעבונטעוועטע סענאַטאָרן; באַרניי בראָקווויי האָט גע-קעמפט, זייענדיק צוגעקוועטשט צו דער וואַנט, פאַר זיך און פאַר זיין אָהיאָ-באַנדע, געהיימאַגענטן זענען אַריינגעדרונגען אין די ביוראָס פון די מיטגלידער פון דער אויספאָרשונגכקאָמיסיע, האָבן דורכגעקוקט זייערע פּאַפּירן, אַרויסגעטראָגן סקאַנדאַליעזע געשיכטעס, צעשיקט פּרויען, וועלכע האָבן די סענאַטאָרן פאַר-פירט אויף אַנדערע וועגן, און האָבן זיך באַנוצט מיט די אַלע אַלטע שטיקלעך, וועלכע זענען שוין געווען אויסגעפּרוווט קעגן די קאָמוניסטן און י. וו. וו.ס. עס איז אויך געלונגען איינעם פון די סענאַטאָרן אָנצוקלאָגן, און איצט איז ווידער געשען דאָס, וואָס ווערנע האָט נביאות געזאָגט; די גרויסע צייטונגען זענען ווידער געקומען צום שכל, אויפגעהערט צו דרוקן די ידיעות פון דעם נאַפּטסקאַנדאַל אויף דער ערשטער זייט און זיי פאַרביטן אויף די פאַרברעכנס פון די רויטע.

איצט האָט זיך שוין געפונען אַ גרויסע צאָל פון נאַפּט-מאַגנאַטן אין גלות; פריד אָרפאַן, זשאַן קראָבי און די אַלע איבעריקע, וועלכע האָבן די קאַנאַדישע קערפּערשאַפט געגרינדעט און צוויי מיליאָן דאָלאַר כאַבאַר פאַרטיילט.

דער פּאָטער מיט בונין דהאָבן געגעסן מיט זיי צוזאַמען, אַלע האָבן דערהאַלטן פאַרטרויליכע טעלעגראַמען, און עס איז געווען אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטן, ווי זיי האָבן רעאַגירט.

זיי האָבן אַלע צוזאַמען און יעדער באַזונדער געמאַכט דערפון אַ שפּאַס, אָבער אין דערשטיל זענען זיי געווען פול מיט זאָרגן.

צווישן די אַנדערע אומאַנגענעמלעכקייטן האָט דער פּרע־זידענט באַשלאָסן, נעמענדיק אין אַכט די נאָענטסטע הארבסטוואַלן, זיי אַריבערצוואַרפן איבער דעם באָרט. ער, דער פּאָרזיכטיקער קולידזש, האָט נישט געהאַט קיין נאַפּטפלעקן אויף זיין וועסט, אָ ניין, אָ ניין! די נאַפטמאַגנאַטן האָבן געלאַכט! איז דאָך דער קליינער מאַן געזעסן די גאַנצע צייט, ווען עס האָבן זיך גע־פירט די אונטערהאַנדלונגען וועגן די אַרענדעס ביי זיך אין קאַבינעט און זיך גערעכנט פאַר זייערן אַ פריינט.

די ערשטע פרייד, וועלכע די פאַרשיקטע האָבן אין די רעוועלאציעס דערלעבט איז געווען, אַז די אויספאָרשונגסקאָ־מיסיע האָט אויסגעגראָבן אַ טעלעגראַמע, וועלכע ד־האָט גאַנץ קלאָר באַוויזן, אַז דער נישט באַפלעקטער איז פונקט אַזוי פאַר־שמוצט, ווי די אַנדערע; ער האָט צעשיקט געהיימע אויפטראַגן און געפריווט די רעוואָלוציעס אונטערצודרוקן, דעם אָדער יע־נעם צו דעקן.

איצט אָבער איז ער געווען גרייט די אַגענטן פון זיינע פריינט פונם קאַבינעט אַרויסיאָגן, ווי זיי האָבן עס אים פאַר־ראַט! ווערנע האָט דעם העכסטן באַאַמטן פון זיין לאַנד גע־רופן שטענדיק „דער קליינער קראָט״.

# VIII

דער פּאָטער האָט זיך נישט גוט פאַרריכט. זעט אויס, אַז ער האָט געליטן פון דער קעלטער, טונקעלער פייכטקייט פון לאָנדאָן; דעריבער איז בוני מיט אים געפאָרן קיין פּאַריז.

בערטי איז געוואָרן ווייכער און אַרויסגעקומען אויף דער סטאַציע; איר מאַן האָט אַפילו איינגעשטעלט זיין דיפּלאָמאַטישע קאַריערע, אונטערהאַלטנדיק זיך אַ פּאָר שעה מיט זיי ביידע זייער העפלעך און פריינטלעך.

דאַן אָבער האָט דער ברודער מיט דער שוועסטער זיך אָנגעהויבן צו אַמפּערן.

בערטי האָט געפאָדערט, אַז בוני זאָל זיך נישט פאַראינטערעסירן מיט דער פראַנצויזישער אַרבעטערבאַוועגונג, און בוני האָט געענטפערט, אַז ער האָט צוגעזאָגט רחלן צו שרייבן אַן אַרטיקל וועגן דעם.

אויך דאָ איז געווען אַ יינגטלעכע צייטונג מיט וועלכער זיי האָבן זיך מיט עקזעמפּלאַרן געביטן, און נאָך אין דערזעלבער וואָך האָט בוני געוואָלט בייוווינען אַ סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונג.

„גוט,“—האָט בערטי ענדלעך געזאָגט, — „עס איז דער לייִדיקט. דו וועסט זיך שוין קיינמאָל נישט באַקענען מיט דעם און דעם פּרינץ אָדער מיט דער און דער פּרינצעסין.“

און בוני איז געווען אויף אַזויפיל אומגעבילדעט, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער ווערט אָן דורך דעם.

אויך אין פאַריז איז געווען פייכט און קאַלט, דער פאָ־טער האָט געהוסט, געזעסן דעם גאַנצן טאָג אין האָטעל און האָט אויסגעזען ווירקלעך קלאָגעדיק.

ער איז אַביסל אַרומגעפאָרן שפּאַצירן, באַטראַכט עפּנטלע־כע געביידעס און געזאָגט:

„יאָ, אַ שיינע, אַ ווונדערשיינע שטאָט, די מענטשן האָבן לאַנג איר געשאַפן, מיר אין דער היים האָבן נאָך נישט גע־האַט קיין צייט פאַר עטוואָס ענלעכעס".—אָבער מען האָט געזען, אַז עס אינטערעסירט אים נישט.

די פרעמדע מענטשן מיט זייער שנעל רעדן זענען אים נישט געפעלן געוואָרן, די מענער זענען ווי דער ווינט און די פרויען זענען אוממאָראַליש. אויסערדעם האָבן די מענטשן יעדן איינעם געוואָלט אַריינשטופּן פאַלש געלט און די מאכלים זענען געווען אַזוי פאַרפּראַוועט, אַז מען האָט נישט געוווסט מיט וואָס זיי שמעקן.

דער פאָטער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די אַמערי־קאַנער פון דער גאַנצער וועלט ווילן אַזוי גערן קיין פאַריז.

זיי האָבן באַשלאָסן ביז פרילינג זיך באַזעצן ביי דער ריוויערע. זיי האָבן געדונגען אַ ווילע און האָבן ענדלעך גע־האַט די זון, ווען אַפילו נאָר אַ בלאַסע קאָפּיע פון דער קאַלי־פאָרנישער.

בערטי איז צו זיי געקומען און באַזוכט און שפּעטער איז אויך געקומען די מומע עמאַ, כּדי די ווירטשאַפט צו פירן אַזוי אַרום איז די ווילע געוואָרן אַ מין היים.

די מומע עמאַ מיט בערטין האָבן זיך אויסגעצייכנט פאַר־טראָגן איינע די צווייטע, ווייל די אַלטע דאַמע ד׳האָט נישט קיינמאָל דורכגעלאָזט דאָס ריכטיקע צו באַווונדערן: אָ, ווי שען ווי פאַרנעם, ווי עלעגאַנט! די שענסטע געביידעס, די פּרעכ־טיקסטע בילדער, די מאָדערנסטע קליידער? די מומע עמאַ האָט זיך מיט די פּרינצן און פּרינצעסין באַקענט און האָט נישט

נעזאָגט קיין וואָרט, וואָס זאָל קענען שאַדן דער דיפּלאָמאַטישער קאַריערע פון איר פלימעניק.

בוני האָט זיך צוגענומען אַ לערער און האָט זיך שנעל צוריק אויסגעלערנט יענעם פראַנצויזיש, וועלכן ער האָט נאָך אויף דער אוניווערסיטעט געלערנט.

נאַטירלעך, אַז ער האָט צוגענומען אַ סאָציאַליסטישן לע־רער פון אַן אויסטערלישן אויסזען. וועלכער האָט שוין, זעט אויס, פון וויפל יאָר קיין אָרנטלעכן מיטאָג נישט אָנגעקוקט; עס האָט געהייסן, אַז ער איז אַ דיכטער. אויך אַנדערע סאָצ־יאַליסטן זענען געקומען צו בונין, ווי אויך אייניקע קאָמוניסטן, אַנאַרכיסטן, סינדיקאַליסטן און פון אַנדערע ריכטונגען.

אַלע האָבן געטראָגן צעדרייטע, אָדער אינגאַנצן נישט קיין קראַוואַטן, געלאָזט די האָר פאַלן איבער די אויגן און האָבן דעם פאָטער און דער מומען עמאַ אָנגעקוקט אַזוי, גלייך ווי זיי זאָלן האָבן בדעה אַריינצורייסן זיך אין הויז.

אפילו דאָ אין דער גאָלדענער נעסט, ווו עס ווײלן זיך אַלע רייכע פון אייראָפּע, זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון די ראַדיקאַלע און אָרעמע, האַלב-אויסגעהונגערטע טייוול, וועל־כע האָבן דערוועקט מיטלייד אינם האַרץ פון בוני, ווען מען איז געוויער געוואָרן, אַז ער לאָזט פאָמפּעווען, האָבן זיך שוין אַזעלכע געפונען; ווי האָט געקענט דער יינגער אַמעריקאַנישער מיליאָנער וויסן ווער פון זיי עס איז אַ שווינדלער?

די מומע עמאַ האָט די רייזע פון אַנגל־סיטי אונטערגענומען אין דער באַגלייטונג פון דעם פּריוואַטן סעקרעטאַר, וועלכער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך צוויי גרויסע פּאָרטפעלן מיט אַקטן, באַריכטן און בריוו, אַזוי אַרום איז דער פאָטער געווען אַ לענ־גערע צייט באַשעפטיקט און גליקלעך; ער האָט ליב געהאַט די קאַפּיינעס אויף דער פריי, ווו מען האָט שטענדיק געקענט טרעפן אַ קעלנער, וועלכער האָט גערעדט ענגליש.

עס האָבן זיך אויך געפונען דאָ פיל אַמעריקאַנער.

די אַמעריקאַנישע צייטונגען זענען אים אָנגעקומען צוויי

מאָל אין דער וואָן און אים געבראַכט אַ סך לייענמאַטעריאַל.
עס זענען אַרויסגעשווימען באַקאַנטע, צום ביישפּיל, אַנאַ־בעלע עמס, וועלכע איז געקומען ביי|ווינען די פּרעמיערע פון „אַ מוטער־האַרץ" אין לאָנדן און האָט געוואָלט דערנאָך אַוועק־פאָרן מיט ווערנען קיין רומעניען און קאָנסטאַנטינאָפּל. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווערנע האָט די טערקישע רעגירונג גע־שטיצט כדי אַזוי אַרום אָוועקצונעמען ביי די ענגלענדער אַ גרעסערן טייל פון דעם מאָסול־נאַפט.
אויף אַ וווּנדערלעכן אופן האָט ווערנעס פאַרביטערסטער קאָנקורענט אין דער היים, די עקסצעלזיאַר־פּעטאַזש, אים פאַר־געלייגט אַ חלק אין די קאָנצעסיעס, יאָ, עס לוינט זיך די אָנ־פירנדיקע קאַבינעט־מיטגלידער פון די פאַרייניקטע שטאַטן צו קויפן! דאָס באַנעמען זיך פון דער עקסצעלזיאַר־פּעטאַזש האָט באַוויזן, וואָס פאַר אַ קליינע באַדייטונג עס האָט פאַר זיי דער נאַפטסקאַנדאַל און דאָס עפנטלעכע פאַרהאַלטן זיך פון דעם נייעם פּרעזידענט.
אַנאַבעלע איז געווען אַ גוטע געשעפטס־פרוי און זיך פאַרשטאַנען אויף פאַרשידענע ענינים, וואָס עס איז געווען פאַר הער ראָס אַ רעכטע טרייסט.
זי האָט אויף איר צאַרטן און ליבלעכן אופן בונין איינ־גערעדט, אַז עס וואָלט געווען זייער שיין און גוט, ווען מען וואָלט געווען אין געשעפטסלעבן אַ נייעם שטייגער איינפירן, צי איז דאָס גערעכט, ווען מען קריטיקירט אויף אַזאַ אופן דעם פאָטער? זיכער האַלט זיך קיין איין גרויסער געשעפטסמאַן נישט ביי דער מיינונג.
אַנאַבעלע האָט געבראַכט אַ סך נייעסן פון דער היים, אײן געשיכטע איז געווען אַזוי קאָמיש, אַז זי האָט דעם פאָ־טער צום לאַכן געבראַכט.
די פאַמיליע אָרעי האָט פּלוצים באַקומען אַן אָנפאַל פון באַשיידנקייט און אַלע בראָנזענע און קופּערנע מעדאַלן פון איר דערפאָלג אָפּגעריסן.

אויף דעם גאָרטנטויער איז שוין מער נישט געשטאַנען קיין נאָמען, און אויך פון דער יאַכט-שיף „דראָבערער" און פון דעם אויטאָ מיט די בלויע זיידענע קישנס איז ער פאַר-שווונדן.

עס איז שוין נישט געווען מער קיין גליק צו זען די פרוי פון אַ גאַפּטמאַגנאַט, ערגעץ אַ פאַנאַטיקער האָט נאָך גע-קענט אַ באָמבע שליידערן.

דער קאָנגרעס איז זיך צעפאַרן אויף די זומערפעריען, און ווערנע האָט געוואָלט צוריק קיין אַמעריקע.

הער ראָס אָבער זאָל נאָך אַ ביסל אין אייראָפּע פאַר-בלייבן; די קאַנאַדישע קערפּערשאַפט איז געווען דער סאַמע געפערלעכסטער פונקט אין דעם גאַנצן גאַפּטסקאַנדאַל, איז דאָך איר איינציקע באַשעפטיקונג באַשטאַנען אין דעם, צוויי מיליאָן דאָלאַר כאַבאַר צו פאַרטיילן.

עס איז איצט געווען וויכטיקער פון דער גאַנצער צייט די דאָזיקע זאַך צו פאַרטושן, ווייל די רעגירונג האָט געוואָלט אָנהייבן פאַרפירן אַ פּראָצעס וועגן אומקערן די פלאָטרעזערוו-קאָנצעסיעס.

דורך דעם וועט דער גאַנצער פּראָפיט ווערן פאַרצערט דורך די געריכטן, דאָס גאַנצע געלט וועט גיין לאיבוד, גאָט שטאַרקער, עס איז געווען שרעקלעך!

הער ראָס האָט, פאַרשטענדלעך, דערקלערט, אַז ער איז גרייט צו בלייבן אין אייראָפּע, און אויך בוני איז געבליבן. די זאַך איז נאָך געוואָרן פאַרלייכטערט דורך דער אָנוועזנהייט פונם גרויסן שמאָלסקין.

אַנאַבעלע האָט זיך געווענדט צו אים און אויך ער האָט דערקלערט גרויסמוטיק, אַז עס וואָלט געווען אַ שאַנדע, ווי דער אַלטער יִם וואָלט באַהאַנדלט געוואָרן, און אַז בוני איז אַ בראַווער ייִנג, וואָס ער האָלט אַזוי מיטן פאָטער.

יידן האָבן אַ סך זין פאַר דעם פאַמיליעלעבן.

שמאָלסקי האָט געוואָלט עטלעכע פּרעמיערעס פון דעם

גאָלדענעם דיוואַן" אין אייראָפּע אַנגאַזשירן, און ווי ווער קע-
נען פאַרבריינגען לאַנגע פעריען מיט איר בונין.

איצט האָט בוני פאַרשטאַנען, וואָס עס באַדייט־איינפלוס־
רייכע פריינט צו באַזיצן. ווען די ליבלינגען פונם פובליקום
האָבן אונטערגענומען אַ טריאומף־צוג איבער די הויפּטשטעט,
אַזוי איז זיי אויך געפאָרן פאַרויס אַ פּרעסאַגענט; די ידיעות
וועגן די באַגייסטערטע מאַסן און דעם גרויסן דערפאָלג ד״האָט
מען טעלעגראַפירט אין די פאַרייניקטע שטאַטן און מען האָט
אויסגעפּוילט מיט זיי די ערשטע זייטן פון די צייטונגען.

בוניס געוויסן ד״האָט זיך געקענט באַרויקן: קיינער אין
דער היים האָט אים נישט באַדאַרפט האָבן.

די וואָכנשריפט איז געגאַנגען גוט, האָט שוין דערגרייכט
צו איר צוויי־אונפופציקסטן נומער; די העלפט דערפון האָט רחל
רעדאַגירט, מען ד״האָט געקענט רעכענען אויף איר, ווי אויף
דעם זונענאויפגאַנג, און די צייטונג איז געווען זיכער דאָס אינ-
טערעסאַנטסטע בלאַט אויף דער וועלט.

אויך פּאָוולען איז עס דערווייל נישט געגאַנגען שלעכט;
ביינצן פון די אַרעסטירטע קאָמוניסטן זענען געוואָרן פאַראור-
טיילט און זיי האָבן אָנגעגעבן אַן אַפּעלאַציע, דער פּראָצעס
האָט זיך אַזוי אַרום פאַרשלעפּט און דערווייל האָט מען פּאָוולן
און נאָך אַנדערע אויף קויציע פריי געלאָזט.

רות האָט געשריבן וועגן דעם בונין: עס איז אַ שרעקלעך
געפיל באַדראָט, צו זיין מיט צוואַנציק יאָר פאַרבעסערונגס־תפיסה,
דאָך געוויינט מען זיך צו צו דעם, זי אַרבעט נאָך איצט ווי
פריער אַלס שוועסטער און גייט פאָרויס, פּאָול איז אַוועק אויף
אַ לאַנגער רייזע נאָר זי קען נישט זאָגן וווהין.

אָבער די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע האָט עס אויסגעזאָגט,
פון צייט צו צייט האָט מען אין די פראַנצויזישע בלעטער גע-
קענט לייענען נאַכריכטן פון רוסלאַנד, פאַרשטענדלעך לויטער
שרעקלעכע זאַכן.

אין אַ קורצע צייט נאָכדעם, וואָס בוני האָט פון רות

די בריוו דערהאַלטן, האָבן די צייטונגען איבערגעגעבן, אַז עס איז אַנטשטאַנען אַ מיינונגספאַרשידנהייט צווישן די אַמעריקאַנישע קאָמוניסטן אין דער פראַגע פון טאַקטיק און אַז די ביידע לאַגערס האָבן אַרויסגעשיקט זייערע דעלעגאַטן קיין מאָסקווע. איצט האָבן זיך געפונען דאָרט אַ האַלב טוץ אַמעריקאַנישע פירער, צווישן זיי פאַול וואַטקינס, וועלכער איז אין דער היים אָנגעקלאָגט אין נעמען אַן אַנטייל אין אַן אומלעגאַלער פאַרטיי-פאַרזאַמלונג.

# IX

אייניקע אינטערעסאַנטע געשעענישן האָבן באַשעפטיקט די פאַרשיקטע. פאַר אַלעמען האָט זיך די מומע עמאַ פאַרליבט, יאָ, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזעלכע זאַכן, ווייסט מען קיינמאָל נישט וואָס עס קען טרעפן.

דער געגנשטאַנד פון איר ליבע איז געווען אַ בכבודיקער מעטאַלסוחר פון נעבראַסקאַ. אפשר האָט אים די מומע עמאַ אין עמעצן דערמאָנט, יעדנפאַלס האָט ער איר, נאָכדעם ווי ער האָט איר אַ פּאָר חדשים באַטראַכט מיט אַ שטראַליקן שמייכל, פּ וצים פאַרגעלעגט מיט איר חתונה צו האָבן.

מען האָט איינגעאָרדנט אַ שטילע חתונה און דאָס פּאָרל האָט געמאַכט זיין חתונה־רייזע קיין נעבראַסקאַ.

דער פאָטער איז פאַרבליבן פאַראיינזאַמט, דאַן אָבער איז ער איך אַוועק צו זוכן עטוואָס אַזעלכעס וואָס זאָל אים פאַראינטערעסירן, און דאָס וואָס ער האָט געפונען איז געווען אַזוי ווונדערלעך, אַז איר וועט עס נישט אין אַ מיליאָן יאָר טרעפן: גייסטער!

בוני איז אין איין אָוונט אַוועק אויף אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכע די קאָמוניסטן און סאָציאַליסטן האָבן זיך קעגנזייטיק שטאַרק באַקעמפט.

ווען ער איז אַהיימגעקומען האָט ער נישט געפונען דעם

פּאָטער אין זיין צימער, דעם צווייטן מאָרגן האָט דער אַלטער מאַן פאַרלעגן געפרעגט בונין:

„ווי איז דיין מיינונג וועגן ספּיריטיזם?" בוני האָט געענטפערט, אַז ער קלערט איבערהויפּט נישט וועגן דעם. און דער פּאָטער האָט זיך מודה געווען, אַז ער האָט נעכטן איבערגעלעבט אַ מערקווירדיקע זאַך: ער האָט געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט דער באַבען.

„גאָט מיינער!" — האָט בוני אויסגערופן.

„איך פאַרשטיי, אַז דו ביסט דערשטוינט, אָבער די זאַך לאָזט זיך נישט פאַרלייקענען. זי האָט מיר דערציילט זייער אַ סאַך פון מיין קינדהייט אָן גענוי די פערמע באַשריבן, ווו מיר האָבן געלעבט. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגן אירע בילדער און געוואָלט וויסן, צי זיי זענען נאָך דאָ, זי האָט מיר גערופן „קליינער ים", און אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי אמת, אַז טרערן זענען מיר אין די אויגן געקומען."

בוני האָט זיך געוואָלט דערוויסן, ווו דאָס איז פאָרגעקומען. דער פּאָטער האָט דערציילט ווייטער:

„אין אונדזער האָטעל וווינט אַ דאַמע פון באָסטאָן, מיסעס באַמען אָליוויער, וועלכע איז געווען פאַרהייראַטעט מיט אַ פראַנצויז. איר מאַן איז מיט אַ יאָר, צי צוויי, געשטאָרבן. איך האָב פאַרפירט מיט איר אַ שמועס, און זי האָט מיר דערציילט פון ספּיריטיזם און אַז אין איר צימער פירט דורך אַ באַרימטער מעדיום זיינע סעאַנסן. זי האָט מיר פאָרגעלייגט איין סעאַנס בייצוווינען."

עס זענען פאָרגעקומען וווּנדערלעכע זאַכן: הערנער האָבן אַרומגעשוועבט אין דער לופט, פייערן האָבן אויפגעפלאַקערט, דערנאָך זענען געקומען גייסטער, ענדלעך איז אויך געקומען דער גייסט פון דער אַלטער דאַמע, וועלכע האָט אים גערופן „קליינער ים" און וועגן אַזעלכע זאַכן גערעדט, וועלכע האָבן אים דעם אָטעם פאַרשלאָגן. ווי איז דאָס געווען מעגלעך, אַז דער מעדיום זאָל וועגן אַזעלכע זאַכן וויסן?

איצט האָט שוין דער פּאָטער געפונען עטוואָס אַזעלכעס,

וואָס האָט אים זיין צייט אויסגעפילט. נאַטירלעך, אַז ער האָט שוין בייגעוווינט די פאָלגנדע סעאַנסן, זיך שנעל אויסגעלערנט די שפּראַך פון ספּיריטיזם און אים גענומען ערנסט ווי אַ רע־ליגיע.

עס איז אויך געווען פאַרשטענדלעך: אַזוי לאַנג ווי ער איז געווען געזונט און אַרבעטספעיק, אַזוי האָט ער געקענט אויסקומען אָן אַ שום רעליגיע; איצט אָבער, אַן אַלטער, קראַנ־קער, מידער מאַן, האָט ער זיך פאַרבענקט נאָך אַ שטיצע. ער האָט זיך אַ ביסל געשעמט, מורא געהאַט, אַז דער זון וועט חוזק מאַכן פון אים.

בוני אָבער, האָט נישט געהאַט קיין שום גרונט נישט צו גלויבן, אַז די נשמה לעבט אויך ווייטער נאָך דעם טויט.

דער פאָטער האָט פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל איין סעאַנס בייוווינען; דאָס איז פיל וויכטיקער פונם סאָציאַליזם.

„וועט עס באַוויזן ווערן, אַז מיר לעבן אייביק, אַזוי וועט עס זיין זייער לייכט איבערצוטראָגן פאַריבערגייענדיקע צרות און עס וועט זיך לגמרי נישט לוינען צו נעמען ערנסט קיין שום געשעפטן."

און דאָס האָט געזאָגט י. אַרנאָלד ראָס!

בוני, נאָכגיביק ווי שטענדיק, האָט בייגעוווינט אַ סעאַנס און האָט צוגעזען זעלטענע זאַכן.

ער האָט געוווּסט, אַז עס קומט דאָ פאָר אַ שווינדל, האָט אָבער נישט געקענט פעסטשטעלן, אויף וואָס פאַר אַן אופן, אַלע אנוועזנדע האָבן זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון שטאַר־קער אויפרעגונג.

דער איינציקער סעאַנס איז פאַר בוני געווען גענוג, ער האָט זיך אומגעקערט צוריק צו די סאָציאַליסטן, אָבער דער פאָטער מעג זיך רויק בלייבן אַ ספּיריטיסט, אויב עס מאַכט אים גליקלעך.

בערטי אָבער, האָט געהאַט אַן אַנדערע מיינונג; ווען זי האָט זיך פון דער זאַך דערוווּסט, האָט זי אָנגעהויבן צו ליאַרמען.

„וואָס איז דיר איינגעפאַלן, בוני, צו לאָזן דעם טאַטן

אריינפאלן אין די הענט פון אזעלכע מענטשן? דאָס איז דאָך דער ערגסטער שווינדל אויף דער וועלט! און די דאָזיקע פרוי אליוויער, — פארשטענדלעך, אז זי וויל מיט דעם פאָטער חתונה האָבן! מיר ביידע האָבן אים דאָס גאנצע לעבן געהאָלפן צו דערווערבן רייכטום און אָפּצוהיטן דאָס, און איצט וועט קומען די דאָזיקע שווינדלערקע און וועט דאָס געלט צונעמען, און דו ביסט צו נאריש צו זען, וואָס דאָ קומט פאָר!"

בוני האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען דער שוועסטער אזוי אויפגערעגט; ווען ער האָט געזאָגט, אז ער האָט גאָרנישט דאַ-קעגן, אז די ספּיריטיסטישע אלמנה זאָל אויך נעמען א חלק, אויב נאָר זי וועט קענען דעם פאָטער גליק פארשאפן, האָט זי אים אָנגערופן זיבנמאָל איינס נאָכן אנדערן אידיאָט.

# X

דערנאָך איז פאָרגעקומען נאָך אַ זעלטענער צופאַל: די אַמעריקאַנישע צייטונגען אין פּאַריז האָבן פאַרעפנטלעכט אַ טע־לעגראַמע פון אַנגל־סיטי, אַז דער זעלבסטגעקרוינטער נביא על־וואַטקינס איז וואַרשיינלעך דערטרונקען געוואָרן.

ער האָט זיך געבאָדן ביי דעם ברעג, זיינע קליידער אי־בערגעלאָזט און פון דעמאָלט אָן האָט מען אים שוין מער נישט אָנגעקוקט, דעם קערפּער זוכט מען אַרום, דאָס איז עס געווען אינגאַנצן.

דער פאָטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, מערקווירדיק, אַ מענטש, וועמעס גאָט עס האָט אַזויפיל מענטשן געראַטעוועט, האָט אים אַליין נישט געקענט אָפּראַטעווען, וואָס וועט איצט ווערן פון דעם גרויסן טעמפּל, וועלכער איז געווען עליס איי־גענטום?

דערנאָך זענען אָנגעקומען די ניי־יאָרקער און אַ ביסל שפּעטער די אַנגל־סיטי־בלעטער און האָבן אויף דער ערשטער זייט געבראַכט פּרטים.

עליס קערפּער האָט מען נישט געקענט געפונען. די גלוי־ביקע פונם טעמפּל האָבן געדינגען טויכער, אין די נעכט דעם טייך מיט שיינוואַרפער באַלויכטן, טויזנטער גלויביקע זענען אַרומגעגאַנגען ביי דעם ברעג, האָבן דאָרט אָפּגעריכט תּפילות,

געוויינט, געבעטן צו גאָט, אַז ער זאָל זיי זייער געליבטן פּאַס-
טוך אָפּגעבן, מעג זיין אפילו אין דעם באַדקאַסטיום.

דאָס האָט שוין געדויערט צוויי וואָכן, וואָס איז געווען
זייער וווּנדערלעך, ווייל יעדער קערפּער פון אַ דערטרונקענעם
אין ים, קומט אַרויף שפּעטסטנס דעם ניינטן טאָג אויף דער
אויבערפלאַך פונם וואַסער; עס איז נאָך קיינמאָל נישט פאָר-
געקומען, אַז מען זאָל אַ דערטרונקענעם פון וואַסער נישט
אַרויסנעמען.

איצט האָבן שוין די ציייטונגען געבראַכט פאַרשידענע
ווערסיעס, זיי האָבן נישט געוואָלט זאָגן קיין שום באַשטימטעס,
זיי האָבן נאָר אָנגעמערקט, אָדער געבראַכט מיינונגען פון אַנ-
דערע, אפשר איז עלי גאָרנישט דערטרונקען געוואָרן, מען האָט
אים געזען דאָ, אָדער דאָרט, אין דער געזעלשאַפט פון אַ געווי-
סער יינגער פרוי, דער אָפּהיטערין פון די הייליקע בילדער אין
טעמפּל.

ווי נאָר דער פאָטער האָט איבערגעלייענט די ערשטע
אָנדייטונג איז אים איינגעפאַלן, וואָס ער מיט בונין האָבן גע-
זען אין דעם האָטעל ביי דעם ברעג.

„דער חברה-מאַן האָט אָפּגעטון אַ שפּיצל, ער איז מיט אַ
פרוי אַוועק!"

דאָס איז געווען אַ סענסאַציע! דער פאָטער האָט שוין-
לאַנג גערעדט דערפון, האָט אפילו אין די גייסטער פאַרגעסן,
עס איז נישט געווען קיין שפּאַס, ווייל ביי דעם זוכן עליס
קערפּער האָבן צוויי מענטשן זייער לעבן פאַרלוירן: איין טוי-
כער איז אויף לונגענאָנצינדונג געשטאָרבן, און איין גלויביקער
ווען עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער האָט דעם קערפּער
דערזען, איז צו ווייט פאַרשווומען און דערטרונקען געוואָרן.

און איצט האָט דער פאָטער געהאַט דעם שליסל צו דער
געהיימניש! איז עס געווען זיין פליכט דעם בכּבודיקן פאָבער
טעלעגראַפיש אויפצוקלערן?

ווייטערע סענסאַציעס: די גלויביקע האָבן דערהאַלטן בריוו

פון כלומרשטדיקע פאַרפירערס, אַז זיי ד'האָבן עלין אין זיין גרינעם באָדקאָסטיום פאַרפירט, האַלטן אים פאַרשלאָסן און פאַרלאַנגען אַ האַלבן מיליאָן אויסלייזגעלט, וואָס זאָל דאָס באַטייטן? קיינער אין אַנגל-סיטי האָט נישט געוווּסט וואָס צו זאָגן אויף דעם. האָט מען ווירקלעך דעם נביא ערגעץ פאַרפירט? צי ער פאָרט אַרום מיט פריילן איקס, ווי עס האָבן די צייטונגען די אָפּהיטערן פון די הייליקע בילדער גערופן, אייבער דער שטאָט? יינגע פאָרלעך, וועלכע האָבן אין אויטאָס ליבע-אויספלוגן געמאַכט, איינס פון די גרעסטע פאַרגעניגנס פון די רייכע, ד'האָבן זיך געפונען אין אַ פיינלעכער לאַגע; אין דער גאַנצער שטאָט האָבן רעפּאָרטער און פּאָליציאַנטן אַרומגעזוכט עלין מיט דער פריילן איקס, און ווי איז געווען צו דעם הויכן בלאָנדן יינגמאַן, וועלכער האָט אָפּגענומען מיט אַ מיידל אַ צימער אין אַ האָטעל און האָט נישט געקענט באַווייזן קיין חתונה-שיין!

די לעזונג פון דער דאָזיקער רעטעניש איז געווען אַזוי סענסאַציאָנעל, אַז מען האָט זי טעלעגראַפירט קיין איראָפּע און אַזוי אַרום געמאַכט אַן ענדע צום פּאָטערס פיינלעכן וואַרטן.

פינפאונדדרייסיק טעג נאָך עליס פאַרשווונדן האָבן פישער באַמערקט אין אַ האַפן, וועלכער איז געווען ווייט פון אַנגל-סיטי אויף עטלעכע הונדערט מייל, אַ מענטשן, וואָס האָט זיך געפרוווט צושווימען צום ברעג.

זיי האָבן אים אַרויפגענומען אויף זייער שיפל און דערזען, אַז דאָס איז אַ הויכגעוואַקסענער בלאָנדין אין אַ גרינעם באָדקאָסטיום; עס איז געווען דער נביא אין זיין אייגענער פּערזאָן!

עלי האָט איבערגעגעבן, אַז די כוואַליעס האָבן אים פאַרטראָגן ווייט אין ים, אָבער ער האָט געבעטן גאָט און דער אַלמעכטיקער האָט אים דריי מלאכים אַראָפּגעשיקט, וועלכע האָבן אים אויף דעם וואַסער אויפגעהאַלטן. איין מלאך האָט גע-

הייסן סטעווע, דער צווייטער איז געווען פון ווייבלעכן געשלעכט
און האָט געהייסן ראָזיע, דער דריטער איז געווען אַ מעקסיקאַ-
נישער מלאך און האָט געהייסן פיליפּ.

די מלאכים האָבן אים לויט דער ריי געהאַלטן ביי די
בענדלעך פון זיין באַדקאָסטיום און ווען ער דהאָט זיך דער-
פילט שלאָף, אַזוי איז איינער אַוועקגעפלויגן און אים געבראַכט
עסן. פינפאונדרייסיק טעג האָט עלי אַזוי פאַרבראַכט שלאָפנדיק
און שווימענדיק.

אויף דער טייוול איז געקומען מיט פייערדיקע פליגל,
צעטריבן די גוטע מלאכים און צוגעבונדן פעסט עליס דהענט
אויף אַרונטער, אַזוי, אַז ער איז שיעור נישט דערטרונקען גע-
וואָרן. אָבער ער האָט געבעטן גאָט און די מלאכים האָבן אים
פאַרשלעפּט צו אַ ברעג.

און אַזוי אַרום איז דער נביא ווידער געקומען, גאַנץ און
נישט באַשעדיקט, ער האָט אַרויסגעשטיגן אויף דער יבשה, גע-
קויפט קליידער און איז באַלד געוואָרן באַפאַלן פון די רעפּאָר-
טען, ווייל אין די דאָזיקע סקעפּטישע טעג איז געשען ווייניק
וואונדער, און דאָס איז אָן שום ספק געווען אַן אמתער וואונדער.

גרויסע מחנות פון מענטשן האָבן דעם נביא אַרומגערינגלט
געזונגען הושענא און זיין וועג מיט בלומען באַשיט. איר קענט
אייך פאָרשטעלן די אויפרעגונג, וועלכע האָט געהערשט אין
אַנגל-סיטי; פופציק טויזנט מענטשן האָבן געוואַרט אויף דער
סטאַציע, ער האָט דערגרייכט אַ גרעסערן דערפאָלג, אַלס דער
גרעסטער פילמסטאַר. ווען ער איז אָנגעקומען צום טעמפל, זע-
נען זיינע אָנהענגער געפאַלן אויף די קני און געוויינט פון
פרייד, וואָס גאָט האָט זייער געבעט פאַרנומען און זיי צוריק
זייער נביא אָפּגעגעבן.

זעקס טעג איז דער טעמפל געווען איבערפולט. עליס מעכ-
טיקע שטום איז איבערגעגעבן געוואָרן מיט דער הילף פון אַ
טוץ פאַרגרעסערונגס אַפּאַראַטן און די מענער און פרויען האָבן
זיך ביי דעם קלאַנג פון זיין קול געוואָרפן אויף דער ערד און
געשריגן:

„געלויבט זאָל זיין דער נאָמען פון גאָט!"

געװיס האָבן זיך אויך געפונען סקעפּטיקער, מענטשן, װעל־כע האָבן אין זייער האַרץ דעם טייװל געטראָגן, און האָבן זיך אָפּגעזאָגט אין עליס דערקלערונג צו גלויבן. זיי האָבן נאָך אַלץ גערעדט פון אַ בלויען אויטאָ, װעלכער איז אָנגעפירט געװאָרן דורך אַ שיין מיידל, נעבן װעלכער עס איז געזעסן אַ פאַר־מאַסקירטער מאַן אין שוץ־ברילן. זיי האָבן אויך גערעדט פון איינמעלדונגען אין די האָטעלן, פון שריפטלעכע פאַרשטענדיקונ־גען און אַזוי װייטער, אָבער דאָס אַלץ האָט גאָר װייניק באַרירט די גלויביקע.

דער טעמפּל איז נאָך קיינמאָל נישט געװען אַזוי פול.

עלי האָט געהאַלטן אין איין דערציילן זיינע איבערלעבע־נישן מיט אַלע איינצלהייטן, יאָ, ער האָט אַפילו געדענקט. אַז די פליגל פון די מלאכים האָבן אים צייטנװייז מיט װאַסער באַ־שפּריצט, ער האָט גענוי איבערגעחזרט די װערטער פון די מלאכים. דער נביא האָט געפרעגט:

„װען גאָט האָט אין זיין אַלמעכטיקייט געקענט האַלטן דעם נביא יונהן דריי טעג אין אַ בויך פון אַ װאַלפיש, פאַר־װאָס זאָל ער נישט קענען האַלטן עלי װאַטקינס אויף דעם װאַסער?"

עס איז קלאָר, אַז קיינער האָט אויף דער פראַגע נישט געקענט ענטפערן.

און דאַן האָט זיך פאַרלאָפן נאָך עטװאָס, װאָס האָט נאָך מער די הערלעכקייט פון דער דריטער אַנטפּלעקונג פאַרפאָל־קאָמט: עלי האָט געפונען גאַנץ צופעליק אין זיין גרינעם באָד־קאָסטיום אַ װייס פעדער! ער האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס איז אים פון גאָט צוגעשיקט געװאָרן אַלס באַװייז פאַר דעם אמת פון זיינע װערטער. און װען דאָס דאָזיקע נייע װוּנ־דער איז אָנגעזאָגט געװאָרן, אַזוי האָט אַזש דער דאַך געצי־טערט פון די תפי ות פון די גלויביקע.

די מלאכימשע פעדער איז געװאָרן אַריינגעלייגט אין אַ

גלאָז-קאַסטן און אַנידערגעלייגט געוואָרן הינטער עלין, ווען ע
האָט געפּרעדיקט. און אַזוי גרויס איז געווען דער חסד פון
גאָט, אַז יעדער, וועלכער האָט די רעליקוויע באַטראַכט, אַזוי
איז ער באַלד פון אַלע קראַנקהייטן אויסגעהיילט געוואָרן און
אַלע זינד זענען אים געוואָרן פאַרגעבן, אפילו די ערגסטע —
די זינד פון מזנה זיין!

קאַפּיטל נײַנצן

# די צעשײדונג.

## I

פון די אַפּישן האָט אַראָפּגעשריגן:
שמאַלסקי-סופּערבאַ און װיאָלאַ טראַסי, די שטערן פון אַמעריקע, און דער מעלאָדראַמע דער „גאָלדענער דיוואַן". און די צײַטונגען האָבן אַרויסגעלאָזט ספּעציעלע אויסגאַבן.
שמאַלסקי האָט זײַן זאַך געטון גוט. דער סטאַר איז אַלײן געקומען, האָט אונטערגענומען די לאַנגע רײַזע פון קאַליפאָרניע און בוני איז אַרויסגעפאָרן מיט זײַן אויטאָ קײן לע-האַװר כּדי װי צו באַגעגענען.
ער איז מיט איר געפאָרן ביז אונטער פּאַריז, דאָרט האָט זי צוריק געמוזט אין צוג אײַנשטײַגן, כּדי אָנצוקומען פּונקט אין דער צײַט, װאָס די צײַטונגען האָבן אָנגעגעבן.
עס האָבן זיך געפונען טויזנטער מענטשן, פאָטאָגראַפיסטן און רעפּאָרטערס, צװישן זײ אויך די װעלכע האָבן באַדאַרפט די סענסאַציאָנעלע ידיעות קײן נײַ-יאָרק און אנגל-סיטי איבער-שיקן.
אַ דאַנק דעם פילם איז די װעלט געװאָרן אײן גאַנצעס מיט אַנדערע װערטער: די װעלט איז געװאָרן אַמעריקאַניש.
די פּרעמיערע אין פּאַריז איז געװען פּונקט גלײַך צו דער פּרעמיערע אין האָליװוד, נאָר דאָ האָבן די מענטשן נאָך מער

געליאַרעמט, האָבן געוואָלט זייער אָפּגאָט אַרומנעמען און אים שיעור נישט דערדרוקן.

עס איז געווען אַ דאָפּלטע סיבה צו זיין אַזוי אויפגערעגט: דער מאַן וועלכער האָט געשפּילט די הויפּטראָל איז נישט גע־ווען קיין פּשוטער בשר־ודם, נאָר אַן עכטער רומענישער פּרינץ, וועלכער איז אַרומגעפאָרן אין דרומקאַליפאָרניע און זיך געלאָזט פאַרפירן פון שמאַלסקין צו שפּילן אַ ראָל.

אויף דער שיף און אויף דעם צוג איז ער געפאָרן צו־זאַמען מיט ווי; דאָס האָט בוני ערשט איצט זיך דערוווסט. דער פּרינץ איז געווען אַ הויכער, מאָגערער, נישט באַזונדערס שיינער, אָבער אַ באַוווּדערונג צוגעוווּנטער מאַן, ליבעסווירדיק, לייכט געלאַנגווייליקט, מיט אַ שפּאָטישן שמייכל.

ער איז נישט גערן געווען ערנסט, — ער איז עס אָבער באַלד געוואָרן, ווען ער האָט געהערט בונין זיך אַרויסזאָגן מיט סימפּאַטיע וועגן די מערדערישע, גאַטלעסטערנדיקע רויטע, פון דעמאָלט אָן האָט ער שוין בעסער זיך געוויילט אין דער גע־זעלשאַפט פון בוניס שוועסטער.

נאָך דער פּאַריזער פּרעמיערע, האָט דער פאָטער געקויפט אַ פּרעכטיקן אויטאָ און זיי זענען אַוועקגעפאָרן קיין בערלין; בוני האָט דעם אויטאָ געפירט, ווי איז געזעסן נעבן אים, דער פאָ־טער מיטן סעקרעטאַר און דער שאָפער זענען געזעסן פון הינטן.

עס איז געווען פונקט אַזוי שיין, ווי די רייזע קיין ניו־יאָרק, גוטע וועגן, שיינע לאַנדשאַפטן, באַשיידענע פויערן מיט די היטלען אין די הענט, און הכנעהדיקע דינער, וועלכע האָבן זיך באַמיט אומעטום די פּרעמדע צו באַדינען; גאַנץ אייראָפּע איז שולדיק געווען אַמעריקע געלט און זי האָט געצאָלט אויף אַזאַ אופן.

און דאַן בערלין:

„אַ דייטשע אויפפירונג פונם שמאַלסקי־סופּערבאַ פילם" — און אַזוי ווייטער... מענטשנמאַסע, פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן, רע־פּאָרטער, — די וועלט איז איין גאַנצעס.

נאָך פריער מיט זעקס יאָר איז דאָס אַ פיינטלעך לאַנד געווען.

זיי זענען געפאָרן קיין ווין; כאָטש די שטאָט איז איצט געווען פאַראָרעכט און עס האָבן זיך קוים געלוינט די רעקלאַמעס, דאָך האָט איר נאָמען נאָך אַלץ געהאַט אויף די ציימונגען אַ באַצויבערנדיקע ווירקונג. דאָ האָט מען אויך געוויזן דעם פילם, וויינעקער שרייענד, נאָר האַרצלעכער. ווי מיט איר געליבטן זענען שוין געווען אַ ביסל געלאַנגווייליקט.

דאָס לעבן האָט איר געשענקט די לעצטע גרויסע סענסאַציע. האָט אַ סטאַר זיין טורנע איבער אייראָפּע שוין הינטער זיך אַזוי איז ער שוין גלייכגילטיק צו אַלץ און מיד פון דאַן באַטייט שוין מער פאַר אים דאָס לעבן נישט מער ווי אַן איבערחזרונג.

דער פאָטער דערקעגן איז געווען באַשאָנקען מיט אַ אייביקער קינדישקייט.

ער האָט גענאָסן פון יעדער קאַריערע, ווי פון דער ערשטער און וואָלט גערן קיין בוקאַרעשט געפאָרן, ווו איר מאַיעסטעט די קעניגין, אַליין אַ רעקלאַמעגעניע, וואָלט אויס כבוד צום פרינץ מאַרעסקו די פרימיערע בייגעווינט.

אָבער אַנדערע אַטראַקציעס האָבן דעם פאָטער אויפגעהאַלטן אין ווין: די גייסטער. זיין פריינדין, די פרוי אָליוויע, האָט אים רעקאָמענדירט דאָ אַ וווּנדערלעכן מעדיום; זיי האָבן בייגעווינט אַ סעאַנס, און ווי האָט זיך דערוווּסט דערביי אַלערליי זאַכן וועגן דעם פאַטענטמעדיצינפאַרקויפער, אין וועמענס וואָגן זי איז אויפגעוואַקסן, יאָ, אַפילו די ווערטער פון דעם מאַן צו די קויפער זענען איבערגעחזרט געוואָרן. איז עס געווען אַ שווינדל, אַזוי איז עס ווירקלעך געווען זייער אַ געשיקטער!

# II

איבער די דאָזיקע האָניק־חדשים האָט געשוועבט איין און איינציקער וואָלקן, און בוני האָט אים פאַרבאָרגן אין זיין נשמה.

אַזוי גוט ווי אין בערלין, ווי אין ווין זענען געווען פּראָלעטאַרישע „יוגנשריפטן". און בוני האָט זיך געפילט פאַרפליכטעט אין די רעדאַקציעס צו גיין, די רעדאַקטאָרן צום מיטאָג איינלאַדן און אַרטיקלען רחלען צו שרייבן. און ווען עס איז דערשינען אַ צייטשריפט אין דער ענגלישער שפּראַך, וועלכע האָט געדינט צום שוץ פון פּאָליטישע אַרעסטירטע. זי איז געוואָרן אַרויס־געגעבן פון די קאָמוניסטן, אָבער אָפּיציעל האָט זי אַלס אַזעלכע געהאַלטן.

אָבער ווען ער זאָל זי אַפילו דערקענען פאַר אַ קאָמוניסטישע, וואָלט ער אויך גערן זיך מיט די רעדאַקטאָרן צוזאַמענגעטראָפן, האָט ער דאָך נאָך אַלץ געפּרוּווט ביידע זייטן צו פאַרשטיין, אַפילו דאָ אין צענטראַל־אייראָפּע, ווו עס איז אָפט געקומען צו אַ אָפענעם קאַמף צווישן די סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן.

אין דער אָפּגעריבענער רעדאַקציע, וועלכע האָט זיך געפונען אין דעם אַרבעטערפערטל פון דער שטאָט, האָט בוני געהאַט אַ שוידערלעכע איבערלעבעניש.

ער האָט זיך באַקענט מיט אַ באַשעפעניש, וועלכעס האָט אַמאָל געקענט זיין אַ יינגערמאַן, איצט אָבער איז עס געווען נישט מער ווי אַ סקעלעט, מיט אַ גרינלעך־געלער הויט באַדעקט. דאָס באַשעפעניש האָט געהאַט נאָר איין אויג און איין אויער, עס האָט נישט געקענט רעדן, ווייל די צונג איז איבם געווען אויסגעריסן, צי אויסגעשניטן, די מערסטע פאָדערשטע ציין האָבן דעם געפעלט און זיינע באַקן זענען געווען דורכגעלעכערט פון ברענענדיקע ציגאַרן.

אויך די פינגערנעגל פון דעם באַשעפעניש זענען געווען אָפּגעריסן און די הענט פאַרברענט.

די רעדאַקציע האָט אויפגעפּנט דאָס העמד פון דעם באַשעפעניש און געוויזן בונין, ווי דאָס לייב איז געווען צעשניטן מיט מעסערס אין אַלע זייטן.

דאָס באַשעפעניש איז געווען אַ פּאָליטישער אַרעסטירטער, וועלכער איז פון די רומענישע תפיסות אַנטלאָפן; די שניטן האָבן פאַרקערפּערט מיט זיך די שטראָף, וועלכע ער האָט געליטן, ווייל ער האָט זיינע חברים נישט געוואָלט אויסגעבן דעם ווייסן טעראָר.

אין דער רעדאַקציע האָבן זיך געפונען בריוו, פאָטאָגראַפיעס און פאַרטרויאונגען, פון וועלכע עס איז געווען צו זען, אַז טויזנטער פרויען און מענער לעבן איבער אין רומעניען אַזעלכעליידן.

די רעגירונג האָט זיך געפונען אין די הענט פון דער שווינדלערישע באַנדע פון דער הערשנדיקער קלאַס, וועלכע האָט געגנבעט אַלץ, אויף וואָס זי האָט גאָר די האַנט אַרויפגעלייגט.

„איר האָט אפשר געהערט, חבר ראָס, אַז דאָס גרעסטע רומענישע נאַפטפעלד איז צו אַן אַמעריקאַנישן סינדיקאַט פאַרפאַכט געוואָרן?"

יאָ, חבר ראָס האָט דערפון געהערט, אָבער ער האָט פאַרשוויגן, אַז זיין אייגענער פאָטער געהער צו דעם דאָזיקן סינדיקאַט.

דער קרבן פון דעם ווייסן טעראָר האָט געשטאַמט פון

בעסאַראַביע, פון יענער פּראָווינץ, וועלכע איז אויף דעם גרונט פונ׳ם הייליקן פּרינציפּ פון זעלבסטבאַשטימונגס רעכט פון די פעלקער, ביי רוסלאַנד צוגערויבט געוואָרן.

די פּראָווינץ איז באַוווינט פון אַן איבערוויגנדיקער מער-הייט פון רוסישע פּויערן און די נאַטירלעכע שטרעבונג פון די דאָזיקע מענטשן נאָך פרייהייט ווערט באַקעמפט מיט דער הילף פון אַרעסטן און פאַרפייניקונגען, וועלכע ווערן אָנגעווענדט נישט נאָר לגבי די, וואָס בונטעווען זיך, נאָר אויך לגבי די, וואָס סימפּאַטיזירן מיט די צעבונטעוועטע.

ווען זיי ווערן איבערגעלאָזט אויף זייערע אייגענע כוחות, אַזוי וואָלטן זיך די רומענישע פּריצים נישט געקענט האַלטן אַפילו קיין איין יאָר. אָבער הינטער זיי שטייט דער וועלטקאַ-פּיטאַל, וועלכער גיט זיי דאָס געווער אויף די אַרבעטער-שחיטות אָדער דאָס געלט דאָס געווער צו קויפן.

״אָ, אַמעריקע איז דאָס די, וועלכע דערהאַלט דעם ווייסן טעראָר ביי דעם לעבן, כדי אַריינצוטרייבן זי אין חובות און דורך דעם צו קענען אָפּקויפן פאַר דעם פּראָצענט פון די דאָ-זיקע חובות דעם גרונט און דעם באָדן, די אייזנבאַנען, שאַכטן נאַפטפעלדער און אַפילו די שלעסער און גיטער.

„חבר ראָס, איר מוזט זאָגן דעם אַמעריקאַנישן פאָלק, וואָס פאַר אַ בלוטיקע אַרבעט עס ווערט מיט זיין געלט באַ-צאָלט.״

אין דער צייט ווען בוני איז מיט זיין געליבטער אַרומ-געפאָרן איבער די הערלעכע שנייבאַדעקטע בערג פון דער שווייץ האָט ער זיך נישט געפילט אַזוי גליקלעך, ווי ער וואָלט עס באַדאַרפט זיין. ער איז אָפט פאַרזונקען אין טיפע מחשבות, דאַן האָט אים ווי געפרעגט, וואָס אים פעלט און ווען ער האָט אויסגעמיטן צו ענטפערן, איז זי אַליין געפאַלן אויף דער סיבה;

„האָסט שוין ווידער אויפגעוואַקסט די רויטע?״

„יאָ, טייערע, אָדער מיר וועלן נישט רעדן וועגן דעם;
דאָס האָט מיט אונדז נישט צו טון.״
ווי אָבער האָט בעסער געוווּסט:
„עס האָט זייער פיל מיט אונדז צו טון.״

# III.

אין פּאַריז האָט זיי אָפּגעוואַרט לאַנגע בריוו פון ווערנע. די רעגירונג האָט פאַרפירט אַ פּראָצעס וועגן דעם אומקער פון די נאַפטפעלדער, סוניסוד געפינט זיך אין די הענט פון אַ רעגירונגס-פאַרוואַלטער; די אַרבעט שטייט, אָבער זיי דאַרפן זיך נישט זאָרגן, די אויסלענדישע קאָנצעסיעס וועלן ווערן עקספּלואַטירט און מיט דעם וואָס פאַראַדיז פּרודוצירט קענען זיי זייערע יאָרן אויסלעבן.

מערקווירדיק, דער פאָטער האָט ווירקלעך זיך נישט געזאָרגט.

די פרוי אָליווער האָט אויסגעזוכט אַ נייעם מעדיום, נאָך אַ מער ווונדערלעכן, ווי די ביז איצטיקע.

די דאָזיקע פּוילישע פויערן מיט די שלעכטע ציין און עפּילעפּטישע אָנפאַלן. האָט אַרויסגערופן דעם זיידן פון השר ראָס, וועלכער איז אין אַ וואָגן דעם גאַנצן קאָנטינענט דורכגערייזט און איז אין דער מדבר מאָהאַווע אומגעקומען, דערצו האָט זי נאָך אַרויסגערופן דעם גייסט פון אַן אינדיאַנישן אָנפירער, וועלכן דער אַלטער פּיאָנער האָט אויף זיין וואַנדערונג געטויט.

עס איז געווען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט צו הערן די דערציילונגען פון דיביידע קריגער וועגן די קאַמפן צווישן די רויטע און ווייסע.

בערטי, פאַרשטענדלעך, איז געווען זייער אין כעס, אָבער דאָך האָט זי נישט געוואָגט צו זאָגן, ווייל דער אַלטער מאַן איז נאָך אַלץ געווען דער הויפּט פון דער פאַמיליע און וואָלט איר דערקלערט, אַז זי זאָל זיך אָפּטראָגן.

דערפאַר האָט זי איר כעס אויסגעלאָזט צו בונין, וועלכער וואָלט דעם פאָטער געקענט שיצן קעגן דעם געפערלעכן שווינדל.

בוני האָט געמוזט לאַכן, ווייל פרוי אָליוויער איז אינגאַנצן נישט געווען גלייך צו דעם טיפּ פרויען, מיט וועלכע עס האָבן אים באַקענט די האָליוווּדער קינאָדירעקטאָרן, זי איז געווען אַן עלטערע רונדלעכע דאַמע, ליב און סענטימענטאַל, מיט אַ ווייכער גלעטנדיקער שטים; עס איז געווען זייער קאָמיש צו הערן ווי זי האָט געפרעגט ביי דעם וואָרטשענדיקן אינדיאַנער-פירער:

„רויטער וואָלף אויף דעם רעגן, ווען מיר איצט זיין ליבלעך? מיר זענען אַזוי פריילעך אייך ווידער צו הערן, דאָס קליינע אייניקל פונם קאַפּיטאַן ראָס איז דאָ און וויל פון אייך זיך דערוויסן צי אין אייער גליקלעכער וועלט זענען די פּנימער פון די רויטהויטיקע ווייס.

אין דער דאָזיקער צייט האָט בוני אויסגעאַרבעט פאַר דעם „יינגן סטודענט" אַן אָנגרייפנדיקן פּראָטעסט קעגן דעם רומענישן ווייסן טעראָר.

דעם כמעט פאַרטיקן מאַנוסקריפּט האָט ער איבערגעלאָזט אויף דעם שרייבטיש פון זיין האָטעלצימער, און ווען ער איז ווידער אַהיימגעקומען, איז דער מאַנוסקריפּט געווען פאַרשוווּנדן, און דאָס גאַנצע נאָכפרעגן זיך ביי דעם האָטעלפּערסאָנאַל איז געווען אומזיסט. אין צוויי טעג אַרום איז בערטי ווידער געקומען אַהער אַן אויפגערעגטע, זי קען דעם אינהאַלט פונם מאַנוסקריפּט, ער וועט זיי אַלע באַדעקן מיט בזיון און שאַנד!

„עלדאַן שפּיאָנירט מיר אַלזאָ נאָך!" — האָט בוני אויסגערופן שוין אויך נאָענט פון אַריינצופאַלן אין כעס.

„אומזין!" — האָט בערטי געענטפערט, — „דאָס זענען

די פראַנצויזישע געהיימאַגענטן. ווייסטו דען נישט, אַז די רע־גירונג איז כסדר אויף דער שפּור פון דער באָלשעוויסטישער פּראָפּאַגאַנדע? אָדער צי מיינסטו אפשר, אַז מען וועט עס דיר דערלויבן דאָס דאַזיקע לאַנד אויסנוצן אַלס מיטלפּונקט פאַר אַ פאַרשווערונג קעגן דעם פרידן פון אייראָפּע?"

„צי זענען די דאָזיקע לייט ווירקלעך אַזוי נאַריש צו גלויבן, אַז זיי קענען מיר שטערן איבערגעבן אַהיים דאָס, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט אין ווין?" — האָט בוני געפרעגט, — „איך וועל דעם אַרטיקל נאָכאַמאָל שרייבן און אַלע שפּיאָנען אויף צו להכעיס שוין באַווארענען, אַז ער זאָל קיין אַמעריקע אָנקומען."

דאָ האָט בערטי אויסגעבראָכן אין אַ געוויין.

„אין אַלע לענדער אויף דער וועלט מוזטו דיר אומבאַ־דינגט נאָר רומעניע אויסקלויבן! איך האָב שוין פאַרבינדן פעדעם, אַז מיט דער הילף פון ווערנען אין וואַשינגטאָן און מיט דער אונטערשטיצונג פון דעם פּרינץ מאַרעסקוס אין בו־קאַרעשט, זאָל עלדאן אַ הויכן פּאָסטן אין רומעניע באַקומען. און איצט קומסטו און באַשמוצט אונדז מיט דיינע שטותים!"

זי האָט נאָך מער געהאַט צו זאָגן:

„דו בלינדער נאַר, זעסטו דען נישט, אַז פּרינץ מאַרעס־קו איז פאַראינטערעסירט מיט ווי? ווילסטו זי אים אָפּטרעטן? דער פּרינץ וועט נאַטירלעך הערן פון דעם ענין פון דער פראַנ־צויזישער רעגירונג, וועלכע באַוואָפנט רומעניע קעגן רוסלאַנד. וואָס וועט צוריקקומען קיין פּאַריז און דיך אַרויספאָדערן אויף דועל?"

און דער יינגער הוצפּהניק האָט געענטפערט:

„וועלן מיר מיט טעניסשלעגער קעמפן."

## IV

דאַן אָבער איז געקומען צו אַ קריזיס. בוני האָט באַקו־מען אַ בריוו, די האַנטשריפט פון וועלכן עס ד׳האָט אים שנע־לער געמאַכט קלאַפּן דאָס האַרץ. ער האָט אים אויפגעריסן און געלייענט:

„מיין זון איך בין שוין אייניקע טעג אין דער שטאָט. ווילסטו זיך מיט מיר צוזאַמענטרעפן? אין דערינערונג פון די אַלטע צייטן. דיין פּאַול וואַטקינס.“

בוני האָט שוין געציילט פיראונצוואַנציק יאָר, דאָך האָט ער זיך איצט אויך געפילט פּונקט ווי מיט עלף יאָר צוריק אין פרוי קראַאַטריס הויף, און געשריגן:

„פּאַול! פּאַול! ווו זענט איר? ביטע גייט נישט אַוועק!“

ער האָט געהאַט זיך אָפּגערעדט מיט ווי, דאָך האָט ער זיך געמאַכט פריי; ער האָט אָנגעבעטן בערטין, אַז זי זאָל ווי איינלאַדן אויף איינעם פון די דיפּלאָמאַטישע טייאָוונטן, ווו מען קען האָבן די ערע דעם און דעם פּרינץ, אָדער דער און דער פּרינצעסין פאָרגעשטעלט צו ווערן. דאַן האָט זיך בוני געאיילט אין דעם ביליקן האָטעל, ווו זיין פריינט האָט געוווינט.

פּאַול איז געווען מאָגער און אָפּגעצערט. מען פאָרט נישט קיין מאָסקווע כדי דיק צו ווערן. אָבער אויף זיין ערנסטן גע־זיכט האָט געשטראַלט די שיין פון פאַנאַטיזם, יענעם פאַנאַטיזם

וואָס זיין ברודער עלי האָט די הערלעכקייט פון גאָט אָנגערופן.

דער פאָטער וואָלט דערקלערט, אַז ביידע ברודער זענען געוואָרן משוגע; בוני אָבער האָט געהאַט אַן אַנדער מיינונג. ער האָט חוזק געמאַכט פון עליס גאָט, ד׳האָט אָבער געגלויבט אין פּאַוולס. פּאַוול האָט ווידער געלעבט אין אַן אַרבעטערעגירונג, אָבער דאָס מאָל שוין נישט אַלס אַן אַמעריקאַנער לוינשקלאַף, אַלס אַ שטרייקברעכער אין אַן אוניפאָרם, נאָר אַלס אַ פרייער מאַן און באַלעבאָס פון דער צוקונפט. אין דעם טרויעריקן, טונקעלעם צימער איז בוני געזעסן קעגנאיבערן אַן אַפּאָסטאָל; פּאַוול מיט דעם טרויעריקן אַנטשלאָסענעם געזיכט און פאַרהאָרוועטע הענט האָט אויסגעזען ווי די פאַרקערפּערונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּראָלעטאַריאַט.

און די וואונדער וועלכע ער ד׳האָט איבערגעגעבן זענען געווען עכט. צוערשט אַ גייסטיקער וואונדער; אַ הונדערטמיליאָנען פאָלק האָט פּראָקלאַמירט זיין הערשאַפט און אַראָפּגעוואָרפן זיינע באַלעבאַטים, די עקספּלואַטאַטאָרס, מלכים, גלחים, בורזשויען און די גאַנצע פּאַראַזיטנבאַנדע.

איינצייטיק אָבער אויך אַ פיזישן וואונדער, ווייל דאָס דאָזיקע הונדערטמיליאָנען־פאָלק, וועלכעס באַהערשט אַ זעקסטל פון דער ערדאויבערפלאַך, שאַפט אַ נייע קולטור, וועלכע וועט זיין אַ מוסטער פאַר דער צוקונפט. עס איז נאָך, וואָס אמת איז, אָרעם, ווייל עס האָט איבערגענומען אַ לאַנד, וועלכעס איז געגאַנגען צו גרונט.

אָבער וואָס באַטייטן איינציקע יאָר פון הונגער אין פאַרגלייך מיט די הונדערטער יאָרן פון פיין, וואָס דאָס דאָזיקע לאַנד האָט איבערגעלעבט?

פּאַוול האָט געשילדערט, וואָס ער האָט אין מאָסקווע געזען; פאַר אַלעמען די יוגנטבאַוועגונג, אַ גאַנץ נייע גענעראַציע, וועלכע ווערט אַריינגעצויגן פריי און מיט אַ קלאָרן בליק, וועלכע ווייסט די נאַטירלעכע פאַקטן און דינט דעם פּראָלעטאַריאַט, אַנשטאַט צו קריכן אויף דעם רוקן און צו גרינדן אַ געשלעכט פון פּאַראַזיטן.

אומעטום זעט מען די דאָזיקע יינגע קאָמוניסטן, אין קלאַס, אויף די ספּאָרטפּלעצער, אויף די גאַסן, מאַרשירנדיק, זינגענדיק און רעדעס הערנדיק.

פּאַוול אַליין האָט אין זיין שלעכטן רוסיש מיט טויזנטער פון זיי גערעדט; נאָך קיינמאָל נישט האָט ער אַזעלכעס באַ־דייטונגספולעס איבערגעלעבט.

איצט איז אים אין זיין לעבן צוגעקומען נאָך איין אינ־טערעס: די יינגע אַרבעטער צו דערציילן פון אַמעריקע פון די יינגע אַרבעטער אין רוסלאַנד. ער האָט עס שוין אָנגעהויבן דערפון, וואָס ער האָט בונין דערציילט!

ער האָט גערעדט פון די קאָנגרעסן, וועלכע ער האָט בייגעוווינט, פון יענע אונטערנאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונגען, ווו עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן די צוקונפטיקע פּאָליטיק פון די אַלע פּאַרטייען אין אַלע לענדער.

פאַרשטענדלעך, אַז בוני האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט.

„גלויבסטו, פּאַוול, אַז די אַמעריקאַנישע פּאָליטישע פּאַר־טיי וועט לאָזן באַשטימען איר פּאָליטיק פון אַ פרעמד לאַנד?“

פּאַוול האָט געשמייכלט.

„געוויס איז עס נישט אַזוי פּשוט; די רוסישע פירער קענען נאָר שווער באַגרייפן ווי אָפּגעשטאַנען אַמעריקע איז. אָבער וואָס קען מען דען טון? אָדער מען שטרעבט צו אַ וועלט אָרדנונג, אָדער נישט. וועט אָבער לאָזן די פּאַרטייען פון אַלע, אַז יעדער פון זיי זאָל זיך אַליין איר טאַקטיק באַשטימען, אַזוי וועט מען בלייבן שטיין פּונקט דאָרט, ווו מען איז געשטאַנען פאַר דער קריג, האָבן דאָך מענטשן, וועלכע האָבן זיך גערופן מיטן נאָמען סאָציאַליסטן, טאַקע אין נאָמען פון סאָציאַליזם, אונטערגעשטיצט די עקספּלואַטאַטאָרס פון זייער לאַנד קעגן די עקספּלואַטאַטאָרס פון אַנדערע לענדער.“

און גראָד די דאָזיקע געפאַר באַדראָט אויך איצט די מענטשן, און זי קען נאָר דורך דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל באַזייטיקט ווערן, דורך אַ וועלטדיקטאַטור, וועלכע זעצט דורך אירע באַפעלן אומעטום.

די וועלטדיקטאַטור פונם פּראָלעטאַריאַט אָבער דהאָט איר זיצאָרט אין מאָסקווע, ווייל אַ נישט וואָלטן די דעלעגירטע גע־וואָרן אַרעסטירט אָדער דערמאָרדעט, ווי דאָס איז געשען אין גענף, אָבער נאָר ווינציק יאָרן וועט פאַרגיין ביז דער דריטער אינטערנאַציאָנאַל וועט זיינע קאָנגרעסן אָפּהאַלטן אין בערלין, דערנאָך אין פּאַריז, אין לאָנדאָן און ענדלעך אויך אין ניו־יאָרק.

דער וועלטפּראָלעטאַריאַט וועט שיקן זיינע פאַרטרעטער, דער קאָנגרעס וועט אַרויסגעבן זיינע באַשלוסן און די מלחמות צווישן די נאַציעס וועלן אויפהערן!"

אַזוי האָט גערעדט פּאַול, און ווי געוויינלעך, איז בובי פון פּאַולס באַגייסטערונג מיטגעריסן געוואָרן.

# V

עס זענען געווען אַזויפיל זאַכן, וועלכע בוני האָט זיך געוואָלט דערוויסן, און ער האָט איינגעלאַדן פּאַוולען אויף אָוונטברויט; זיי זענען געזעסן ביי אַ קליין טישל אין אַ רעסטאָראַציע אויף דער פריי און האָבן פאַרבראַכט דאָרט אין אַ שמועס כמעט דעם גאַנצן אָוונט. פּאַוול האָט דערציילט פון די שולן, פון די נייע, אין אַמעריקע געמאַכטע פּעדאַגאָגישע אַנטדעקונגען, וועלכע אָבער מען האָט געקענט פאַרווענדן נאָר אין רוסלאַנד, פון די צייטונגען און ביכער, פון זיי מאָדערנע פאָרשריפטלעכע שריפטשטעלער, וועמעס ווערק עס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין רוסיש און אַזוי אַרום פאַרשפּרייט געוואָרן אויף דער העלפט פון ביידע ערדטיילן.

ער האָט אויך דערציילט פון דער אינדוסטרי, פון דער אומגעהייערער ענערגיע, מיט וועלכער אַ פאָלק פּרוּווט פון גאָרנישט אָן קאַפּיטאַל, און אָן אַ שום הילף פון דרויסן, אַ מאָדערנע וועלט אויפצובויען.

פּאַוול האָט געשילדערט די נאַפטאינדוסטרי אונטער דעם סאָוויעטישן רעזשים, דעם מלוכה-טרעסט, וועלכע אַנערקענט די פאַריינען און ביי וועלכן זיי האָבן אַ דעה, די אַרבעטער גיבן אַרויס צייטונגען, האָבן קלוגע און ביבעפאַרייניקונגען; אַזוי אַנטשטייט אַ נייע קולטור, וועלכע באַזירט זיך אויף דער אַרבעט און נישט אויף דער עקספּלואַטאַציע.

פּאַוול האָט זיך געפּונען אויף זיין צוריקקער קיין אַמע־ריקע, און ער וועט זיכער געשיקט ווערן אַלס אַן אָרגאַניזאַ־טאָר קיין קאַליפאָרניע, ווייל דעם דאָזיקן טייל פון לאַנד קען ער אַמבעסטן.

ער האָט אין פּאַראַדיז געהיימע פּאַרזאַמלונגען אָפּגעהאַלטן ביז מען האָט אים געכאַפּט און פון נאַפּטפעלד פּאַרטריבן, פון דעם אָרט וווּ, ער איז געבוירן געוואָרן און אויפגעוואַקסן! אָבער דאָס שאַדט נישט; די פּאַרטיי האָט געהאַט אויף דעם פעלד איר „צעלע", וווּ ליטעראַטור איז געוואָרן פאַרשפּרייט און געלייענט.

בוני פון זיין זייט האָט איבערגעגעבן, וואָס ער האָט זיך דערוווּסט אין ווין און ווי אַזוי זיין אַרטיקל וועגן רומעניע איז צוגעגנבעט געוואָרן.

„אין די אייראָפּעיִשע הויפּטשטעט זענען פאַראַן מער שפּיאָנען פון לייז".—האָט פּאַוול געמיינט,—„העכסט וואַרשיינלעך זיצט ביי אַ שכנותדיק טישל אַ געהיימאַגענט, וועלכע פּרוּווט זיך צוהערן צו אונדזער שמועס, מיינע זאַכן ווערן אַלע פאַר טעג אונטערזוכט, די רעגירונגען זענען פאָלקאָם אידיאָטיש! זיי פליסן זיך די אַרבעטער באַוועגונג צו צעמאָלן, פון דער צווייטער זייט אָבער גרייטן זיי זיך צו צו דעם נעכסטן קריג, וועלכער וועט דעם נצחון פונם באָלשעוויזם מאַכן פּונקט אַזוי אומפאַרמיידלעך, ווי דעם זונענאויפגאַנג."

„גלויבסטו נאָך ווירקלעך, אַז עס וועט נאָך פאָרקומען אַ מלחמה, פּאַוול?"

פּאַוול האָט געלאַכט.

„פרעג דיין טיכטיקן שוואָגער. ער קען דאָס וויסן."

„ער וועט עס מיר נישט זאָגן, ווייל מיר רעדן קוים צווישן זיך."

„די באַוואַפנונגען פּראָדוצירן ריין אויטאָמאַטיש אַ קריג; יענע קאַפּיטאַליסטן, וועלכע שטעלן צו מוניציע, מוזן זאָרגן דערפאַר, אַז די מוניציע זאָל ווערן פאַרווענדט, כּדי זיי זאָלן ווידער נייע קענען צושטעלן."

בוני האָט געמיינט, אַז דער געדאַנק וועגן אַ נייער מלחמה איז אַזוי שוידערלעך, אַז מען קען גאָרנישט קלערן פון דעם.

„דערפאַר קלערט איר טאַקע נישט דערפון, און דאָס פאַרלייכטערט די גרויסע געשעפטסלייט אים צוצוגרייטן.״—ער האָט זיך פאַרקלערט אויף אַ רגע און דערנאָך געזאָגט,—„צייט איך האָב אָנגעהויבן אייראָפּע אַרומרייזן, האָב איך אָפט געקלערט וועגן יענעם אָוונט, ווען מיר האָבן זיך צום ערשטנמאָל געזען. דערמאָנסטו זיך אין דעם?״

בוני האָט געענטפערט, אַז יאָ. און פּאָול האָט ווייטער גערעדט:

„איך האָב זיך נישט געפונען אין דעם וווינצימער פון מיין מומען, האָב נישט געזען די מענטשן, וועלכע האָבן זייערע גרונטשטיקער געוואָלט פאַרפאַכטן, איך בין נאָר געשטאַנען אין דרויסן און געהערט ווי זיי האָבן זיך געקריגט. איצט ווען איך פאָר אַרום אין אייראָפּע, זאָג איך עס מיר: דאָס איז די וועלטדיפּלאָמאַטיע. אַ קאַמף וועגן נאַפטפעלדער. יעדע נאַציע האַסט די אַנדערע, פאַרבינדט זיך, שווערט, אַז זיי וועלן שטענדיק זיין צוזאַמען, נאָר איבער נאַכט פאַרראַטן זיי שוין איינע די אַנדערע, עס איז גאָרנישטאָ דער ליגן, וואָס זיי זאָלן נישט האָבן געזאָגט, קיין פאַרברעכן, וואָס זיי זאָלן נישט האָבן באַגאַנגען, דערמאָנסטו זיך אין דעם געשלעג?״

ווי גוט בוני געדענקט דאָס! פריילן סניפּ; איר נאָמען האָט ער נישט געדענקט, דאָך האָט ער ווי לעבעדיק געזען פאַר זיך איר געזיכט רויט פון כעס:

„איך זאָג אייך, איך וויל דעם דאָקומענט קיינמאָל נישט אונטערשרייבן!״

און ער האָט אויך געזען דעם הער האַנק, דעם מאַן מיטן פּנים פון אַ האָק, ווי ער האָט געברילט!

„דאָס געזעץ וועט אייך שוין צווינגען אונטערצושרייבן!״

נישט מער, וואָס פאַר דער אייראָפּעיִשער דיפּלאָמאַטיע זענען קיינע געזעצן נישט פאַראַן. און די פרוי קראָאַטי, פּאַוולס מומע, האָט די הענט און פויסטן געביילט און שטאַר אָנגעקוקט

דעם הער האַנק, גלייך ווי זי זאָל אים האַלטן ביי דעם האַלדז.

„און איר זענט פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָנגענומען פאַר די רעכט פון די קליינע גרונטשטיקער! איר זענט געווען פאַר דעם טיילן זיך גלייך אויף גלייך. איר שלאַנגען אין גראָז!"

„די דאָזיקע מענטשן," — האָט פאַוול געזאָגט, — „זענען געווען פאַרבלענדט פון גיריקייט, זיי זענען געווען גרייט מוותר צו זיין פון זייער אייגנס, אַבי יענעם קאַליע צו מאַכן. זיי האָבן עס אויך געטון; איך גלויב, אַז דו האָסט עס מיר דערציילט, אַז זיי האָבן אָפּגעוואָרפן די פאַכט מיט דיין פאָטער, אַלע אַנדערע אויף דעם פעלד האָבן אויך געטון דאָס זעלבע. איך ווייס נישט, צי עס איז דיר באַקאַנט, אַז לויט דער רעגירונגס-סטאַטיסטיק איז אויף דעם פּראָספּעקט-היל אויסגעגעבן געוואָרן מער געלט אויף צו בויערן, ווי דער נאַפט האָט אַריינגעטראָגן."

„יאָ, איך האָב געזען בויערטורעמס ווענענס פּלאַטפאָרמעס עס האָבן זיך באמת אָנגעריִרט."

„און דאַן דער קריג! דערמאָנסטו זיך אין דעם ליאַרםדעמאָלט, ווי מיר זענען צום פענצטער צוגעלאָפן, ווו עס איז פאָרגעקומען דאָס געשלעג?"

„איינער האָט געשריגן: נאַ, אָט האָסטו. דו געלער הונט! און דער אַנדערער: נאַ, דו אידיאָטישער פּחדן!"

„מיין זון דאָס איז געווען אַ קליינער נאַפּטקריג, אין עטלעכע יאָר שפּעטער איז דער גרויסער קריג אויסגעבראָכן, און ווען דו פאַרשטייסט אין אים עפּעס נישט, אַזוי דערמאָן זיך אין דעם, וואָס איז אין הויז פון מיין מומען פאָרגעקומען."

## VI.

זיי האָבן געהאַט אַזויפיל צו רעדן! בוני האָט דערציילט די געשיכטע פון עלין, פאַוול האָט פון דער גאַנצער מעשה נישט געוווּסט, אָבער ער האָט באַמערקט, אַז ער באַגרייפט אַלץ, ווייל עלי איז שטענדיק געווען צווישן פרויען.

דעריבער האָט אים אַזוי עליס פרעדיקן אָפּגעשטויסן.

„איך פאַרגין אים זיין מיידל,״ — האָט פאַוול געזאָגט,— „ער אָבער זאָגט מיר אָפּ די רעכט אין מיינעם, ער פרעדיקט אַ נאַרישן אַסקעטישן אידעאַל און דערנאָך גייט ער און טוט בסוד דאָס, וואָס אים איז ליב.״

און איצט איז געווען די געלעגנהייט, וועלכע בוני האָט שוין פון לאַנג געזוכט. ער האָט פּלוצים אַ זאָג געטון:

„פּאַוול, איך וויל דיר עטוואָס זאָגן: צייט דריי יאָר לעב איך מיט אַ פילמשוישפּילערין.״

„איך ווייס, רות האָט עס מיר דערציילט.״

„רות?!״

„יאָ, זי האָט עפּעס געלייענט וועגן דעם אין די צייטונגען.״ און גלייך ווי ער זאָל טרעפן דעם געדאַנק פון זיין פריינט, האָט פּאַוול צוגעגעבן:

„רות מוז זיך ענדלעך דערוויסן, אַז די וועלט איז נישט אַזוי, ווי זי וואָלט עס געוואָלט האָבן, נאָר אַזוי ווי זי איז.״

„ווי באַציסטו זיך צו אַזעלכע זאַכן, פּאַול?"

„מיין זון, דאָס ווענדט זיך הויפּטזעכטלעך אָן אין דעם, וואָס דו פילסט צו דעם מיידל, אויב דו האָסט זי ווירקלעך ליב און זי דיך אויך, אַזוי איז אַלץ אין אָרדנונג, זענט איר גליקלעך?"

„צוערשט זענען מיר עס געווען; מיר זענען עס נאָך איצט אויך טיילוויין. דער אומגליק באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָסט די ראַדיקאַלע באַוועגונג, פאַרשטענדלעך, אַז זי האָט אין דעם קיין אַנונג נישט."

„אייניקע לייט האַסן די ראַדיקאַלע באַוועגונג, ווייל זיי פאַרשטייען זי, אַנדערע, ווייל זיי פאַרשטייען זי נישט. דו וועסט אָדער דיינע אנזיכטן ענדערן, אָדער דו וועסט מיט דעם מיידל מוזן איבעררייסן. איך ווייס נאָר אויף זיכער, אַז די ליבע איז קיינמאָל נישט גליקלעך. ווען זי איז נישט אויפגעבויט אויף דער האַרמאָניע פון ביידעס אַנשויאונגען. אַניִשט קעמפט מען צווישן זיך די גאַנצע צייט, אָדער מען לאַנגווייליקט זיך קעגנזייטיק."

„האָסטו אַמאָל געלעבט מיט אַ פרוי, פּאַול?"

„עס איז געווען אין אַנגל-סיטי אַ מיידל וואָס איז מיר גוט געפעלן, און וואָס איך וואָלט געקענט ד־האָבן, אָבער דאָס איז געווען צוריק מיט צוויי יאָר, ווען איך האָב דערקענט, אַז איך בין אַ באָלשעוויק, און איך האָב געוווּסט, אַז זי וועט עס נישט איבערטראָגן, האָט דאָס גאַנצע אָנגעווירן דעם גאַנצן זין. מען האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין אַלערליי געפילן און מען האָט געפטרט די צייט, וועלכע מען האָט גאָר באַדאַרפט האָבן צו דער אַרבעט."

„איך ד־האָב אָפט געקלערט וועגן דיר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיקן ענין. ווען מיר האָבן זיך באַקענט, האָסטו געהאַט וועגן דעם עליס אַנזיכטן."

פּאַול האָט געלאַכט.

„אַלס קאָמוניסטישער אָרגאַניזאַטאָר קען איך שויז נישט מער זיך האַלטן ביי מיין קריסטלעכן אַבערגלויבן. ניין, מיין

זוז, אויב דו ליבסט ווירקלעך אַ פרוי און זי דיר אויך, אַזוי־מעגסטו לעבן מיט איר אויך אָן דער דערלויבניש פון גלח. איך אַ געוויסן טאָג וועל איך אויך מסתמא אַ הברטע געפונען; איך קלער דערפון אָפּט, איך פּין נישט פון האָלץ. אָבער צוערשט מוז איך וויסן דעם אויסגאַנג פון מיין פּראָצעס. עס האָט קיין זין נישט צו האָבן אַ מיידל, אויב איך וועל מוזן די נעכסטע צוואַנציק יאָר פאַרברענגען אין פאַרבעסערונגס־הויז ליוונוואָרט אָדער אַטלאַנטאַ״

# VII

פּאַול האָט באַדאַרפט דעם פאָלגנדן אָוונט אויף אַ קאָמוּניסטישער פאַרזאַמלונג רעדן, און נאַטירלעך, אַז אויך בוני האָט געוואָלט אַהינגיין. וואָס אָבער זאָל ער טון מיט ווי? עס וועט איר נישט אינטערעסירן צו הערן פון פּאַולן וועגן רוסלאַנד, פּרינץ מאַרעסקו האָט איר שוין גענוג וועגן דער טעמע דערציילט.

בוני האָט זיך דערמאָנט אינם פאָטער און אין זיינע ספּיריטיסטישע סעאַנסן; דורך אַ טאַקטפול לאַווירן איז עס אים געלונגען, אַז דער פאָטער זאָל ווי מודיע זיין וועגן אַן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע זיצונג אויף דעם אָוונט. ווי האָט צוגעזאָגט צו קומען און בוני האָט געגלויבט, אַז ער וועט האָבן אַ פרייען אָוונט.

אַרום מיטאָגצייט אָבער האָט אים בערטי טעלעפאָנירט:

„איך האָב געהערט, אַז דיין אַלטער פּאַול איז אינפּאַריז."

בוני איז געוואָרן צעמישט, ער האָט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ סוד, דאָך האָט ער זיך געמאַכט לאַכנדיק:

„דיין אַלטער געהיימאַגענט ביי דער אַרבעט!"

„איך האָב געגלויבט, אַז עס וועט דיר אינטערעסירן; דיין אַלטער פּאַול וועט היינט אָוונט נישט רעדן, די פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט."

„פונוואַנען ווייסטו דאָס ?"

„מען האָט מודיע געווען דער באַטשאַפט. מען האָט אים ארויסגעשיקט ער איז שוין אונטערוועגנס."

„גאָט מיינער, בערטי, ווייסט דאָס באַשטימט?"

„פאַרשטענדלעך. צי האָסטו דען געגלויבט, אַז מען וועט אים דערלויבן אין פראַנקרייך באַלשעוויסטישע רעדעס צו האַלטן?"

„איך מיין, צי ווייסטו באַשטימט, אַז מען האָט אים ארויסגעשיקט?"

בוני האָט פיל געהערט וועגן דעם, ווי אזוי מען באַהאַנדלט דאָ די רויטע; ער האָט געוווסט, אַז אייראָפּע האָט איבערגענומען די אַלע רייצנדע מיטלען פון דער אַמעריקאַנישער פאָליציי: די אַרעסטירטע מיט גומענע שטעקלעך צעשלאָגן, וועלכע לאָזן נישט איבער אויף דער הויט קיין שום שפורן. איצט איז געקומען ביי דעם טעלעפאָן צו אַ שטרייט.

בוני, שטאַרק דערשראָקן, האָט געוואָלט וויסן, ווער איז דער באַאַמטער, וואָס האָט עלדאָנען אינפאָרמירט, בערטי דערקעגן, האָט זיך איינגעקשנט, אַז בוני זאָל זעען אין פּאַריז נישט מאַכן קיין נאַרישקייטן, אַ נישט קען מען אים נאָך אויך אַרויסשיקן, וואָס וועט דעם שוואָגער אין גאַנץ אייראָפּע קאָמפּראָמיטירן.

ענדלעך האָט בוני אָנגעקלונגען אין דער רעדאַקציע פון דער קאָמוניסטישער צייטונג.

„ווייסט איר שוין פון דעם אַרעסט פון דעם חבר פּאַוול וואַטקינס?"

זיי ווייסן גאָרנישט, וועלן באַלד זיך דערוויסן פּרטים.

בוני איז אַרייגעשפּרונגען אין אַן אויטאָדראָשקע און איז אוועקגעפאָרן צו דער פּאָליציי-פּרעפעקטור. דאָ האָט מען אים אויפגענומען ווייט נישט העפלעך, ווי עס איז געווען דער שטייגער מיט גוטגעקליידטע יינגעלייט. ניין, מען קען אים וועגן פּאַוול וואַטקינס קיין שום אינפאָרמאַציעס נישט געבן, דערקעגן וואָלט מען גערן געוואָלט זיך אינפאָרמירן וועגן י. אַרנאָלד ראָס

מען וואָלט געוואָלט וויסן, ווי לאַנג ער דענקט נאָך צו מיס־ברויכן מיט דער גאַסטפריינדלעכקייט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, שטיצנדיק די שונאים פון דער עפנטלעכער רו מיט געלט.

דערווייל האָט זיך בערטי אין איר פאַרצווייפלונג צו ווי־טראַסי געווענדט און איר געבעטן אַרויסראַטעווען בונין פון דעם דאָזיקן שרעקלעכן פּלאָנטער.

ווי האָט געענטפערט, אַז זי וועט עס נאָך אַ לעצט מאָל פּרוּוון. זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָנרערל און געהייסן איר קאַמערמיידל איינפּאַקן אירע זאַכן.

ווען בוני איז געקומען צוריק פון דער פּאָליציי, האָט ער געטראָפן אַ בריוו:

„ליבער בוני, איך האָב זיך דערוווּסט אייגנטלעך צוליב וואָס איך האָב היינט אָוונט באַדאַרפט אָפּקומען מיט אַ ספּירי־טיסטישן סעאַנס, אַנשטאָט מיט דיר אין אָפּערע אַריין צו גיין. עס איז געקומען דער טאָג, ווען דו מוזט אויסוויילן צווישן מיר און דיינע רויטע פריינט; איך האָב זיך אין אַן אַנדער האָטעל איבערגעצויגן און וועל בלייבן דאָרט, ביז דו וועסט אָננעמען אַ באַשלוס. ביטע, טייל אום מיר שריפטלעך מיט. פּרוּוו נישט מיט מיר זיך צו זען, איך וועל מיט דיר נישט רעדן, איידער דער ענין וועט נישט זיין דערלייידיקט. דאַרפן מיר זיך צע־שיידן, אַזוי וועל איך אַמאָל איבערשניידן אַלע פעדים, איך וועל נישט לענגער דולדן די דערנידערונג, צו מוזן פאַרקערן מיט געפערלעכע פאַרברעכער, און ליבסטו מיך נישט אַזוי שטאַרק אַז דו זאָלסט קענען דיינע פריינט בייטן, אַזוי זאָלסטו מיך מער נישט זען. נעם דיר צייט אויף אַ באַשלוס, אָבער נישט צופיל צייט, ווי.״

אין דער אמתן האָט בוני אינגאַנצן נישט באַדאַרפט קיין צייט.

ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן לייענען דעם בריוו, האָט ער שוין פאַרשטאַנען, וואָס עס וועט ווייטער קומען.

נאָכדעם ווי עס איז פאַריבער דער ערשטער ווייטיק, האָט

ער זיך אַנידערגעזעצט און אָנגעשריבן:

„ליבע ווי, מיר זענען געווען זייער גליקלעך צוזאַמען. איך האָב שוין פֿונלאַנג געליטן, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז דער סוף איז שוין נאָענט, איך וויל נישט צונעמען ביי דיר קיין צייט מיט רעשטפּערטיקן מיינע אַנזיכטן. איך האָב איבער־ציי־גונגען און קען זיי נישט פֿאַרראַטן, פּונקט אַזוי ווי דו דיי־נע. איך ווינש דיר פֿאַר דיין צוקונפֿטיק לעבן פֿיל גליק און איך האָף, אַז דו וועסט אויך נישט זיין פֿאַרביטערט קעגן מיר, ווייל אַנדערש קען איך נישט. וועט אַמאָל קומען אַ צייט, ווען דו וועסט באַדאַרפֿן מיין הילף, אַזוי שטיי איך שטענדיק גרייט צו דיין דינסט. מיט אומפֿאַרענדערטער צונייגונג בוני."

# VIII

בוני האָט קיין צייט נישט געהאַט איבערצוגעבן זיך זיין טרויער; ער האָט געמוזט די פראַנצויזישע קאָמוניסטן אויפזוכן, זיי פאָרלייגן אַ פאַרטיידיקער צו דינגען און אויסגעפונען וואָס מיט פאַולן איז געוואָרן. געוויס האָט ער זיך געקענט די גאַנצע מי איינשפאָרן, ווייל דעם פאָלגנדיקן מאָרגן האָבן די צייטונגען געבראַכט די ידיעה, אַז די מאַכט האָט אַרויסגעשיקט אַ באַוווסטן באָלשעוויסטישן אַגיטאַטאָר קיין לע-האַוור און אים אַרויפגעזעצט אויף דעם דאַמפער, וועלכער איז נאָך דעם זעלבן טאָג אָפּגעגאַנגען.

די קאָמוניסטישע צייטונג האָט באַמערקט אין אַן אַרטיקל איראָניש, אַז דאָס איז זיכער דער איינציקער באָלשעוויסטישער אַגיטאַטאָר, וועלכן אַמעריקע האָט געמוזט אַריינלאָזן אין לאַנד, ווייל מען האָט פאַר אים געשטעלט אַ קויציע פון צענטויזנט דאָלאַר.

בוני האָט געהאַט אַזוי ווייניק צוטרוי צו דער פראַנצויזישער מאַכט, אַז ער האָט פאַולן אַוועקגעשיקט אַ דראָטלאָזע דעפּעשע מיט אַ באַצאָלטן ענטפער. אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט ער דערהאַלטן אַ שיפרירטן ענטפער פון פאַולן:

„אויף דעם וועג קיין פאַראַדיז!“

אין דריי טעג שפּעטער איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון זי

עליבטער. נישט קיין שיפּרירטע, נאָר אַ פּראָקלאַמאַציע אויף דער גאַנצער וועלט.

די צייטונגען פון פּאַריז און פון אַלע אַנדערע הויפּט-שטעט, די בלעטער פון מאַדאגאסקאר, פּאַראַגוואי, נאָוואַיאַ זעמליאַ, טיבעט און ניי-גווינעאָ האָבן מודיע געווען די פאַרלויבונג פון וויאלא טראַסי, דער פילמשוישפּילערין פון אַמעריקע, מיט דעם פּרינץ מארעסקו פון רומעניע.

די חתונה זאָל אין דער גרויסער קאַטעדרע פון בוקאַרעשט געפּייערט ווערן, די קעניגן מאַריע אַליין וועט די צערעמאָניע בייוווינען.

די שמאלסקי-סופּערבא-פּרעסעאַגענטן האָבן שוין אַ סאַך גרויסע זאַכן געלייסטעט, אָבער נאָך קיינמאָל נישט איז זיי געלונגען אַזאַ שטיקל אַרבעט אָפּצוטון און דערצו אָן אַ שום הוצאות!

אין בוניס לעבן איז איין קאַפּיטל געווען פאַרענדיקט. די טיר, וועלכע האָט זיין אַפּאַרטאַמענט מיט וויס פאַרבונדן, איז געווען געשלאָסן אין אַ ריגל האָט איר פאַרמאַכט, אָבער קיין ריגל האָט נישט געקענט בוניס זכרונות פאַרשליסן.

קיין שום זאַך האָט נישט געקענט בונין מאַכן פאַרגעסן אָן דער שלאַנקער, לעבעדיקער, ווייסער געשטאַלט און אָן דעם גליק, וואָס זי האָט אים געשאַנקען.

עס זענען דאָ געווען אַפילו פאַרשידענע פּרויען, איינגעבוירענע און אַמעריקאַנער, פאָרנעמע, מאָדערנע יונגע דאַמען וועלכע וואָלטן די באַוווּנדערונג פונם יונגן נאַפטפּרינץ זייער גערן געהאַט.

זיי האָבן געוווּסט אַלץ פון זיין ראָמאַנטישער געשיכטע און פון זיין צעבראָכן האַרץ.

בוני איז אָפט געוואָרן איינגעלאַדן אויף טיי-אָוונטן און פּייערונגען, דאָך האט ער אָבער בעסער געוואָלט גיין אויף סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, און ווען ער האָט שוין יאָ געטראַכט וועגן מיידלעך, אַזוי זענען זיינע מחשבות פאַרפלויגן קיין אַנגלסיטי, צו רות וואַטקינס, וועלכע איז געווען אַזוי שטיל און

נאַרט און דאָך אַזוי העלדיש, וועלכע האָט דעם ברודער נישט פאַרלאָזט, כאָטש ער איז אַ באָלשעוויק געוואָרן,—צו דער גע-דולדיקער, איינזיניקער רחל מענציעס, וועלכע שיקט אים וועכנט-לעך די צייטונג מיט דער פּינקטלעכקייט פון אַ קאַלענדאַר און איינמאָל אין חודש אַ רעכנונג אייגנהענטיק געשריבן און שטענ-דיק ריכטיק.

דער פּראָפיט ווערט פאַרווענדט אויף צו פאַרגרעסערן די צייטונג, אַזוי אַז בוני דאַרף זיך נישט זאָרגן נישט וועגן דעם דעפעציט און נישט וועגן דעם פּראָפיט פון דער צייטונג

# X

אין סעפּטעמבער איז דער פּאָטער געקומען צו בוני מיט ודוי, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט וואַקלענדיק זיך און שטאַרק רויט ווערנדיק:

„דו ווייסט דאָך, מיין זון, אַז אויך מיט אַליז זענען מיר געוואָרן גוטע פריינט. דאָס הייסט מיר האָבן די גלייכע אי־דעען און מיר ווייסן, אַז מיר קענען זיך העלפן איינער צום צווייטן".

„יאָ, פּאָטער, פאַרשטענדלעך".

„די מעשה דערפון... דו ווייסט דאָך... איך בין דיר שוין צו לאַנג צו לאַסט געפאַלן... איצט אָבער וועסטו זיין פריי... איך האָב אַליז געבעטן צו ווערן מיין פרוי און זי איז מסכים".

„דאָס האָב איך שוין פון אַ לענגערער צייט דערוואַרט, טאַטע, איך בין איבערצייגט, אַז איר וועט זיין גליקלעך".

דעם פּאָטער איז געוואָרן פיל לייכטער; צי האָט ער דער־וואַרט אַן אויסברוך פון כעס אויף בערטיס שטייגער? ער האָט שנעל צוגעגעבן:

„איך מוז דיר זאָגן... אַליז און איך האָבן מיר שוין גערעדט וועגן דעם, מיר זענען ביידע ביי דער מיינונג... זי האָט דיר גערן, אנערקענט דיין באַנעמען זיך מיט מיר... דו דאַרפסט וויסן, אַז

זי האָט מיט מיר נישט חתונה וועגן מיין געלט״.

„דאָס האָב איך אפילו נישט געקלערט, פּאָטער״.

„דו קענסט דאָך בערטין, ווייסט וואָס זי גלויבט. בערטי איז בעלטגיריט, דאָס האָט זי פון איר מוטער, יעדנפאַלס וועל איך איר גאָרנישט זאָגן, עס גייט איר נישט אָן. מיר וועלן נעמען חופּה וקדושין שטילערהייט, און בערטי וועט שוין די ידיעה אין די צייטונגען איבערלייענען. אָבער וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגן... אליז מיינט, אַז זי האָט מיר נישט געהאָלפן מיין געלט צו פאַרדינען, און וויל נישט, אַז מיינע קינדער זאָלן איר האַסן, אויב זי וועט נעמען אַ גרויסן טייל דערפון״.

„איך וועל זי באַשטימט נישט האַסן, פּאָטער״.

„מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איך וועל מאַכן אַ צוואה, און איר איין מיליאָן אָפּשרייבן, די רעשט געהער צו דיר און בערטין, אליז איז דערמיט צופרידן, דאָס וועט זיין גענוג, כדי צו קענען פאָרטזעצן די פּסיכאָלאָגישע פאָרשונגען, מיט וועלכע זי אינטערעסירט זיך. דו באַגרייפסט דאָך, אַז זי וויל דאָס טון און״...

„געוויס, טאַטע, איך בין אויך אַ פּראָפּאַגאַנדיסט״.

„איך ווייס עס, מיין זון, איך האָב וועגן דעם געקלערט, דו האָסט דאָס רעכט דיינע אידעען צו פאַרשפּרייטן. און ווען אפילו איך טייל נישט די איבערצייגונגען פון דיין קליינע צייַטונג, דאָך זע איך, אַז זי איז ערלעך, זי זאָגט, וואָס דו דענקסט, דעריבער וועל איך דיר איבערלאָזן פאַר אַ מיליאָן ראַסאַקציעס און דו קענסט דערמיט טון וואָס דו ווילסט. איך האָף נאָר, אַז דו וועסט נישט געפונען פאַר נויטיק, צו ווערן ווי פּאַול אַ באָלשעוויק, אָדער זיך צו לאָזן אַרעסטירן״.

„עס וועט זיין שווער, מיך, אַלס באַזיצער פון אַ מיליאָן דאָלאַר, אין טורמע צו האַלטן, פּאָטער״.

דער אַלטער מאַן האָט אַ שמייכל געטון; די מעדיומס און גייסטער האָבן נישט אַרויסגעטריבן פון אים פאָלקאָם דעם טייוול.

„געוויס", — האָט ער ווייטער געזאָגט, — „איז נישטאָ אַזויפיל געלט, ווי מיר האָבן עס פריער דערוואַרט. דידאָזיקע מלוכה־פראָצעסן וועלן מאַכן אַ גרויס לאָך, די פּאָליטיקער וועלן שוין זאָרגן, אַז איך מיט ווערנע זאָלן זיי פאַרלירן. נאַטירלעך קענען מיר ביי די אויסלענדישע קאָנצעסיעס אַ סאַך פאַרדינען, אָבער דאָס איז אַ שפּעקולאַציע, עטוואָס אַזעלכעס, וואָס מיר געפעלט עס נישט. איך לאָז אַלץ איבער אויף ווערנען".

„וואָס ווילט איר, דו און פרוי... און אַליז טון, טאַטע?"

„מיר ווילן אין אַ געוויסער מאָס מאַכן אַ ספּיריטיסטישע חתונה־רייזע, מיר וועלן אין ווין דעם באַקאַנטן מעדיום אויפזוכן; אויך אין פראַנקפורט איז דאָ איינער זייער אַ גוטער. טיילוויז הענגט אָפּ אונזער באַשלוס פון דעם, וואָס דו קלערסט צו טון. אפשר ווילסטו צוריק קיין קאַליפאָרניע פאָרן"?

„איך גלויב, אַז יאָ, פאָטער, ווייניקסטנס אויף אַ קליין שטיקל צייט, אויב דו בויטיקסט זיך נישט אין מיר".

דער פאָטער האָט געמיינט, אַז ער מיט אַליז וועלן אויסקומען אַליין אויך גאַנץ גוט; דער סעקרעטאַר קען פאַר דעם טאָג־טעגלעכן געברויך געניג פראַנצויזיש, און אין דייטשלאַנד וועלן זיי אנגאַזשירן אַ דאָלמעטשער.

ער האָפט, אַז דער דייטשער קלימאַט וועט אים זיין נוצלעך, ווייל ער פילט זיך נישט איבעריק גוט, די אינפלוענציע האָט אים אינגאַנצן אָוועקגעלייגט.

עס זענען אונטערגענומען געוואָרן די נויטיקע שריט: בוני, דער פאָטער, דער סעקרעטאַר, אויך פרוי אַליז העניטינקטאָן פאַרסיט אָליווער האָבן אָנגעטון זייערע שענסטע קליידער און זענען דערשיינען פאַר דעם בירגערמייסטער פון איינעם פון די קלענסטע שטעטלעך נעבן פאַריז, וועלכער האָט דאָס פאָר מקדש געווען.

בוני האָט אַ קוש געטון די שטיפמוטער אין ביידע באַקן און דער בירגערמייסטער האָט אויך געטון דאָס זעלבע, דערנאָך האָט ער נאָך געקושט דעם פאָטער מיט בונין.

דערנאָך האָט דער פּאָטער אַוועקגענומען בונין אין אַ זייט און אים איבערגעגעבן אַ קאָנווערט.

ער האָט אַנטהאַלטן אין זיך אַ אָרדער צו ווערנע ראָס־קאָע בונין דרייטויזנט צווייהונדערט אַקציעס פון דער ראַסקאַנ־סאָלידאַטעט אַרויסגעבן. דער ווערט פון זיי האָט אויסגעטראָגן עטוואָס מער פון אַ מיליאָן דאָלאַר.

„און איצט, מיין זון,״ — האָט דער פּאָטער געזאָגט, — „זיי אַביסל פּאַרנונפטיק, דאָס איז אַ הויפן געלט, וואַרף זיך נישט דערמיט. נעם דיר צייט, איבערלייג זיך, וואָס דו זאָלסט טון, און לאָז זיך נישט באַנעמען פון שווינדלערס, וועלכע וועלן דיר באַלד אַרומרינגלען, ווי נאָר זיי וועלן דאָס געלט דערשמעקן.״

עס איז געווען דער זעלבער אַלטער פּאָטער! בוני מיט דעם אַלטן מאַן האָבן זיך שטאַרק אַרומגענומען, די אויגן פון אַלע אָנוועזנדע, אַפילו פון דעם סעקרעטאַר, פון דעם בירגער־מייסטער און זיינע שרייבער האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן.

די לעצטע חאָבן נאָך קיינמאָל נישט אַזויפיל געלט ביי אַ חתונה באַקומען; זיי זענען וווּנדערלעכע מענטשן די דאָזיקע אַמעריקאַנער!

בוני האָט געבעטן דעם פּאָטער אָפט צו שרייבן און דער פּאָטער האָט אים געבעטן אָפט צו שרייבן, און בוני האָט דער־קלערט, אַז ער וועט דעם צווייטן זומער קומען קיין פראַנקרייך אין פאַל, ווען דער פּאָטער וועט נאָך נישט האָבן צוריקגעקערט קיין אַמעריקע, און דער פּאָטער האָט געמיינט, אַז ביז דעמאָלט וועט ווערנע שוין זיכער האָבן אַלץ אין אָרדנונג געבראַכט. דאַן האָט בוני נאָכאַמאָל געקושט די שטיפמוטער, אַרומגענומען דעם פּאָטער און געדריקט די האַנט פונם סעקרעטאַר; עס איז גע־ווען אַן אמתע אָרגיע פון אַ זיסן צעשיידונגסשמערץ.

די באַאַמטע און די גאַסניינגלעך זענען געשטאַנען דער־נעבן און באַוווּנדערט דעם גרויסן פּרעכטיקן זשעסט פון דעם רייכן אַמעריקאַנער.

בוני האָט אין די שפּעטערע יאָרן אָפטמאָל געטראַכט וועגן דער שעה: ווייניקסטנס איינמאָל איז דער אַלטער מאַן געווען

גליקלעך. גליקלעך פון די רעדעס, בלומען, געפעק, פון דעם קלייד פון זיין פרוי, וועלכעס ער האט מיט א דעק איינגעהילט: —דערנאך זענען זיי אוועק אונטער הויכע אויסרופן מיט דעם וועג, וואס פירט קיין פראנקפורט אם מאין אויף א ספיריטיסטישן סעאנס.

בוני איז מיט דעם צוג אפגעפארן קיין פאריז און אוועקגעשיקט צוויי טעלעגראמעס, וועלכע האבן אנגעזאגט זיין צוריקקער, איינע צו רות וואטקינס און די אנדערע צו רחל מענציעס.

דערנאך האט ער געקויפט א צייטונג און איבערגעלייענט א קורצע טעלעגראמע:

„א גרויסע קאליפארנישע נאפטשרפה."

א בליק האט געטראפן אין די טאנקס פון דער ראסקאנסאלידאטעט נאפטגעזעלשאפט אין פאראדיז, און ווייל עס האט געווייט א העפטיקער ווינט, איז עס געווען אוממעגלעך די טאנקפערמע צו ראטעווען. מעגלעך, אז דאס גאנצע פעלד זאל צעשטערט ווערן.

אין האטעל האט בוני געטראפן א טעלעגראמע פון אנגלסיטי:

„אוממעגלעך דעם שאדן שוין צו באשטימען, אלץ פארזיכערט, קיין גרונט זיך צו באאומרויקן. י. נ. באטער."

דאס איז נאך אלץ געווען ווערנעס אונטערשריפט, ווען ער איז געווען פריילעך געשטימט.

בוני האט טעלעגראפירט די ידיעה צום פאטער מיט דער פראגע, צי ער זאל נאך ווארטן. אבער דער פאטער האט געמיינט, אז ער קען אלץ דערליידיקן דורך דעפעשן און בריוו און ער וואלט געווען צופרידן, ווען בוני זאל זיך געפונען אויף דעם ארט. „אלע ליבע און גוטע ווונטשן" האט געלויטעט דער לעצטער זאץ: דאס זענען געווען די לעצטע ווערטער, וועלכע דער פאטער האט דעם זון געזאגט, מיט אויסנאם דורך דער פארמיטלונג פון די גייסטער.

# X

בוני איז געפאָרן אין איינעם פון די שווימענדיקע האָטעלן, וועלכע האָבן מאַכאָגאַניאָווע-מעבל און זיידענע דראַפּעריעס און קישנס, צווישן אַ פאַרנעמער, רייכגעקליידטער, פרייליכער געזעלשאַפט- די צונגער זענען באַלד געקומען אין באַוועגונג:

„זיין פאָטער איז דער נאַפטמאַגנאַט אין קאַליפאָרניע: דאָס הייסט, אַז ער באַזיצט דאָרט גאַנצע פעלדער. אָבער איינס פון די דאָזיקע פעלדער ברענט איצט, לויט ווי די צייטונגען האָבן איבערגעגעבן. יאָ, דער ראָס, וועלכער איז געווען פאַרוויקלט אין דעם סקאַנדאַל, איר דערמאָנט זיך דאָך. ער האַלט זיך אויף שוין אַ יאָר אין אויסלאַנד. דער זון קען, פאַרשטענדלעך, צוריק פאָרן קיין אַמעריקע, ער זאָל זיין איינער פון וויאַלא טראַסיס געליבטע, וועלכע האָט אים דאָ נישט לאַנג באַפרייט און מיטן רומענישן פרינץ חתונה געהאַט.״

אַלע מענטשן זענען געווען צו בונין אויסערגעוויינלעך גוט: אַנטציקנדע יינגע מיידלעך האָבן געטאַנצט מיט אים ביז אין די פרימאָרגנשעהן, אָדער זיי האָבן אַרומגעשפּאַצירט מיט אים אויף דער דעק, און זענען געווען גרייט די טונקעלע ווינקלען אויפצוזוכן. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי אים אַרומגערינגלט, צוגעוואָרפן אים פאַרפירערשע בליקן און אינטערעסירט זיך מיט אַלץ, וואָס עס האָט נאָר אים אינטערעסירט, יאָ, אַפילו מיטן

בוך, וועלכעס ער האָט געלייענט, אויב ער איז נאָר געווען גרייט צו רעדן מיט זיי פון דעם דאָזיקן בוך, אַנשטאָט אים צולייענען.

אייניקע האָבן אַפילו באַהויפּטעט, אַז זיי אינטערעסירן זיך מיט סאָציאַליזם: זיי ווייסן טאַקע נישט, וואָס אמת איז, קיין סאַך דערפון, זיי זענען אָבער נייגיריק מער דערפון זיך צו דערוויסן.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז דעם צווייטן מאָרגן פון דער רייזע, ווען דער יינגער סאָציאַליסט האָט אַ דראָטלאָזע דעפּעשע באַקומען, וועלכע האָט אים פון דער פאַרנעמער געזעלשאַפט דער־ווייטערט:

„דער פאָטער איז אויף אַ דאַפּלזייטיקער לונגענאָנצינדונג פאַרשלאָפט געוואָרן, ער האָט די בעסטע מעדיצינישע הילף, כ׳וועל דיר ווייטער מודיע זיין, מיט דעם טיפסטן מיטגעפיל און גריסן אַליז.״

איצט האָט בוני איינזאַם אַרומגעוואַנדערט אויף דער דעק און געליטן פיין פון חרטה וועלכע ווערנע האָט אים נביאות געזאָגט. געוויס וואָלט ער געקענט קעגן דעם גוטן אַלטן מאַן זיין ליבלעכער און געדולדיקער! זיכער איז עס געווען מעגלעך מער פאַרשטענדניש צו האָבן פאַר אים, און אים מער צו העלפן! איצט האָט זיי דער גורל צעשיידט; מיט יעדן טאָג ווערט דער שטח צווישן זיי אויף פונפהונדערט מייל פאַרגרעסערט,—און מיט יעדער מינוט קענען זיי צעשיידט ווערן דורך אַן אומענדלעכער ווייטקייט.

דער פאָטער אַליין האָט עס געמוזט פילן; בוני האָט זיך דערמאָנט אין דעם געזעגענען זיך, ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פאָטער האָט געקלערט וועגן דעם טויט און אים די לעצ־טע גוטע עצה געגעבן.

צוערשט האָט בוני געהאַט דאָס געפיל פון חרטה, נאָר פּאַמעלעך איז עס ווידער געקומען צו דעם אַלטן, אַלטן קאַמף, וועלכער האָט צעריסן בוניס האַרץ. איז עס מעגלעך, אַז די מענטשן זאָלן אויך ווייטער טון דאָס, וואָס דער פאָטער האָט ביי דער לייטונג פון זיינע געשעפטן געטון? צי קען מען

האַלטן אָרדנונג ביי אַזאַ אַרט אונטערקויפן די רעגירונגן? ניין, דאָס איז געווען אוממעגלעך; דאַן, אָבער, וואָלט ער, בוני, גע-מוזט פּרוּוון דעם פאָטער ענערגישער און מיט ליבע צו שטערן אין דעם. אָבער אין וועלכן מאָמענט? דער פאָטער האָט שטענ-דיק, פון דער צייט וואָס בוני קען זיך נאָר דערמאָנען, די רע-גירונג איבערגעקויפט.

אַלע נאַפט-אונטערנעמער האָבן אונטערגעקויפט די רעגי-רונג, אַלע גרויסע געשעפטסלייט, אָדער פאַר, אָדער נאָך די וואַלן.

אין וועלכן אויגנבליק פון זיין לעבן זאָל אַ קינד זיין פאָטער זאָגן: דיין מעטאָדע איז פאַלש, לאָז מיך מיט דיין לעבן אָנפירן?

עס איז פאַר בונין נישט געווען דאָ קיין שום נייע געדאַנקען, אין וועלכע ער זאָל זיך קענען קלאַמערן, פונקט ווי ביי דעם צעשיידן זיך מיט ווי טראַסי. נאָר דער אומעט און די פיין פון איינזאַמקייט. די אַלטע זאַכן זענען פאַרשוווּנדן, וווּהין? דאָס דאָזיקע געהיימניש האָט געקענט איינעם צעמישן; מען שטייט אויף דעם ברעג פון אַן אָפּגרונט און מען קוקט און קוקט אין דער טיף.

ווי אומגלויבלעך איז עס, אַז דער פאָטער, וועלכער איז אַזוי ווירקלעך, אַזוי לאַנג אַ טייל פון זיין לעבן געווען, וועט פּלוצים פאַרשווונדן, וועט פּלוצים אויפהערן צו זיין! צום ער-שטענמאָל האָט בוני זיך געפרעגט, אפשר האָט טאַקע אַליז מיט אירע גייסטער רעכט.

אין אָוונט איז געקומען אַ צווייטע ידיעה:

„נישט געענדערט, וועל דיר ווייטער מודיע זיין.“

דעם צווייטן טאָג איז דאָס שלאַפקייט נאָך אַלץ געווען נישט געענדערט, דעם קריזיס האָט מען אָפּגעוואַרט די נעכסטע טעג. דעם נעכסטן טאָג איז געוואָרן ערגער און דעם צווייטן מאָרגן האָט אַליז טעלעגראַפירט:

דער גייסט פון דיין פאָטער איז איבערגעגאַנגען פון דער וועלט אין דער צווייטער, אָבער ער וועט קיינמאָל נישט אויפ-

הערן צו שטיין נעבן דיר, ער האָט אין די לעצטע מינוט גע־רעדט פון דיר און צוגעזאָגט, אַז אויב דו וועסט אין אַנגל־סיטי קומען אין פאַרבינדונג מיט אַ גוטן מעדיום, אַזוי וועט ער מיט דיין לעבן אָנפירן, ווי שטענדיג אין ליבע, אַליז.״

דערנאָך איז נאָך אָנגעקומען אַ ידיעה פון בערטין:

„איך בין געווען ביי דעם פאָטערס טויט, ער האָט מיר מוחל געווען: איך האָף, אַז אויך דו ביזט מיר מוחל. בערטי.״

ווען בוני האָט דאָס איבערגעלייענט, האָט ער געמוזט אין זיין קאַבינעט איילן, דאָרט האָט ער זיך אַנידערגעלייגט אויף דעם בעט און געוויינט ווי אַ קליין קינד. נאָר ער האָט טעלע־גראַפירט צו בערטין, ער איז איר מוחל!

## קאַפּיטל צוואַנציק

# די אַנטאייגנונג.

### I

בוני איז געווען אינגאַנצן אַליין אין דער ברילנדיקער, רעשיקער שטאָט ניו-יאָרק, ווו עס האָבן זיך געפונען אַ זעקס, זיבן מיליאָן מענטשן, פון וועלכע ער האָט כמעט קיין איינעם נישט געקענט. פאַרשטענדלעך, אַז רעפאָרטערן האָבן זיך געלאָזט צו אים איבער גענוג; דאָס איז געווען אַ דערשיטערנדיקע געשיכטע, ווי אַזוי אַרום דער גורל האָט אַרויסגעריסן איינעם פון די נאַפּטמאַגנאַטן ביי די סענאַט-אינקוויזיטאָרן.

עס האָט זיך דערנענטערט די ענדע פון דער פאַרביטערטער פּרעזידענטנוואַלקאַמפּאַניע, דער קלענסטער פּרט פון דעם נאַפּטסקאַנדאַל האָט פאַראינטערעסירט.

בוני האָט באַקומען אַסאַך מיטליידסדעפּעשן, פון ווערנען מיט אַנאַבעלען, פון פּאַולען און רותן, פון רחלען און אירע חברים, יאָ, אַפילו פון דער פירשטן מאַרעסקו, וועלכע האָט זיך אונטערגעשריבן וויווי.

ער איז געפאָרן אַהיים איבער וואַשינגטאָן. אין צוג האָט ער טעגלעך געלייענט באַריכטן פון דעם גרויסן נאַפּטפעלד פון זיינע קינדערטרוימען. אומגעהייערע פלאַמען האָבן זיך געקאַטשעט איבער דער ערד און האָבן פאַרוואַנדלט די נאַכט אין טאָג, און דעם טאָג האָבן זיי מיט זייערע רויב-וואָלקנס פאַרוואַנדלט אין

נאַכט; ברענענדיקע נאַפּטשטראָמען זענען געפלאָסן אין די טאָלן און דער שטורם האָט זיי געטריבן פון בערגל צו בערגל.

אַ טוץ גרויסע טאַנקס און די גאַנצע ראַפינעריע זענען געווען פאַרברענט, און אַ דרייאונדערט בויערטורעמס האָט דאָס פייער פאַרשלונגען.

די גרעסטע נאַפּט-שרפה אין דער געשיכטע פון קאַליפאָרניע; דער שאָדן האָט אָנגעטראָפן אַ צען מיליאָן דאָלאַר.

אין וואַשינגטאָן האָט בוני אָנגעטראָפן אַ מענטשן, וועלכן ער האָט געקענט זיין אומעט אָנפאַרטרויען: דאַן ירווינג.

זיי האָבן געמאַכט אַ לאַנגן שפּאַצירגאַנג, דאַן האָט ער אַרויסגעלייגט זיין האַנט אויף בוניס פּלייצעס און אים דערקלערט, אַז ער האָט געטון אַלץ, וואָס עס איז נאָר אין דער דאָזיקער שווערער לאַגע מעגלעך געווען.

בוני דאַרף נישט גלויבן, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ שלעכטער מענטש, דאַן פאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע זאַכן: אַלע גרויסע אַמעריקאַנישע געשעפטסלייט קויפן אונטער די רעגירונג, און אַלע האַלטן דאָס דאָזיקע אונטערקויפן פאַר גוט.

„צוערשט בין איך געווען פון דעם אויסער זיך", — האָט דאַן געזאָגט, — „דערנאָך אָבער האָב איך דערקענט, אַז דאָס געהער צו דעם סיסטעם; ווען מען זאָל נישט אונטערקויפן די רעגירונג, וואָלט דער גרויסער אַמעריקאַנישער בלאָף גאָרנישט געקאָנט עקזיסטירן. דאָס זעט מען גענוי פון דעם ווי אַזוי עס רעאַגירט די גאַנצע געשעפטלעכע וועלט אויף דעם נאַפּטסקאַנדאַל. זי וויל אים פאַרטוישן אים מאַכן צו נישט, און זי פאַרפאָלגט נישט די פאַרברעכער, נאָר די וועלכע האָבן דאָס פאַרברעכן אַנטדעקט."

אַזוי אַרום זענען זיי אַרויפגעקומען אויף פּאָליטיק, און דאָס איז געווען פאַר בונין דאָס בעסטע.

דאַן האָט אין משך פון דער וואַלקאַמפּאַניע געטון אַלץ, וואָס איז געווען אין זיין מעגלעכקייט צו טון, דאָך האָט אים

בעעקלט דאָס געפיל פון זיין אָנמאַכט.

דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער פּרעסע-אַפּאַראַט האָט באַקומען אַ נייע אויפגאַבע: דער „פּאָרזיכטיקער גאל" מוז פונם אַמעריקאַנישן פאָלק פאַרהערלעכט ווערן; עס איז זיי אָנגעגאַנגען דעם דאָזיקן קליינלעכן מאַן, דעם פינפטראנגיקן דאָרף-פּאָליטיקער, דעם מענטשן וועלכער וואָלט צומליבסטן מיט אַ קלייטל אָנגעפירט אַרויסצושטעלן אַלס אַ גרויסן, שטאַרקן, שווייגנדיקן מלוכה-מאַן, אַלס דעם העלד פונם גאַנצן פאָלק.

די קאַפּיטאַליסטן האָבן דערוואַרט פון אים נאָר איינס: ער וועט זייערע איינקונפטס-שטייערן פאַרקלענערן; אין אַלעם איבעריקן האָט ער געמעגט זיין אַ נול.

די זשורנאַליסטן איז געווען דערווידער די דאָזיקע אַרבעט זייערע, אָבער זיי האָבן זיך נישט געקענט העלפן, ווייל די צייטונגען האָבן געבראַכט ידיעות נאָר פון דעם אַרט. און דאָ איז געזעסן דער אָרעמער דאַן מיט זיין „אַרבעטער-פּרעסע-דינסט" פאַר צוואַנציק ביז פערציק קליינע בלעטער, וועלכע זענען אַלע צוזאַמען אפשר אין הונדערט טויזנט עקזעמפּליאַרן דערשינען און האָבן מייסטנס קוים אַריינגעבראַכט דאָס דירה-געלט פאַר די רעדאַקציע-צימערן.

„גראָד וועגן דעם האָב איך מיט אייך געוואָלט רעדן", — האָט בוני געזאָגט. — „איידער איך האָב פאַרלאָזט פראַנקרייך, האָט מיר דער פאָטער געגעבן ראָס קאָנסאָלידאַטעט-אַקציעס אין דער ווערט פון אַ מיליאָן דאָלאַר. איך ווייס נישט וואָס זיי זענען ווערט איצט, צייט עס האָט זיך אָנגעהויבן די שרפה. אָבער ווערנע באַהויפּטעט, אַז מיר זענען אויף הונדערט פּראָצענט פאַרזיכערט. איך וועל דעם קאַפּיטאַל אָנרירן ערשט דעמאָלט, ווען איך וועל האָבן צייט זיך אַלץ איבערצולייגן, דאָך קען איך אייך געבן טויזנט דאָלאַר מאָנאַטלעך פאַר אייער אַרבעט, אויב עס קען אייך נאָר צונוץ קומען".

„צונוץ! מיין גאָט, בוני, וועגן אַזוי פיל געלט האָבן מיר קיינמאָל נישט אפילו געטראַכט. איך האָב נאָר געפּרוווט נאָך אַ

הונדערט דאָלאַר דעם מאָנאַט ערגעץ צו קריגן, כדי צו קענען שיקן פרייע עקזעמפּליאַרן אין די פּאַסיקע ערטער״.

„איך גיב דאָס געלט נאָר אונטער דעם באַדינג, — האָט בוני דערקלערט, — „אַז איר זאָלט צוויי הונדערט דאָלאַר מאָנאַטלעך נעמען. איך זע נישט קיין שום סיבה, פאַרוואָס איר זאָלט דורך פינאַנצירן די ראַדיקאַלע באַוועגונג אין חובות פאַרקריכן״.

דאַן האָט געלאַכט:

„נאָר די סיבה, וואָס אַנדערש וואָלט קיין ראַדיקאַלע באַוועגונג נישט געווען. איר זענט דער ערשטער פעטער מלאך, וואָס האָט זיך אויף מיין הימל באַוויזן״.

„וואַרט צו ביז מיר וועלן אויסגעפינען, ווי פעט איך בין. איך האָב דאָס געפיל, אַז מיין פריינט ווערנאָן ראָסקאָע וועט שוין טון אַלעס מעגלעכעס כדי מיר אָפּצומאָגערן״.

„ביי גאָט, האָט איר געזען די אַרטיקלען וועלכע מיר האָבן אין דער פרעסע צעשיקט איבער ראָסקאָעס אויסלענדישע קאָנצעסיעס, און איבער דעם וואָס דער מלוכה־דעפּאַרטאַמענט טוט, כדי אים רייך צו מאַכן? דער דאָזיקער סקאַנדאַל וועט נאָך איבערשטייגן דעם סקאַנדאַל פון דער סוניסודפּאַכט, אויב מיר וועלן נאָר קענען באַוועגן דעם סענאַט אים אויסצופאָרשן״.

## II

אין טשיקאַגע האָט בוני באַקומען ווייטערע ידיעות.

ער האָט דעם פּאָטערס סעקרעטאַר טעלעגראַפיש געבעטן, ער זאָל פעסטשטעלן, צי עס געפינט זיך צווישן דעם פּאָטערס פּאַפּירן אַ צואה. דער סעקרעטאַר האָט געענטפערט, אַז ער האָט אַזעלכעס נישט געפונען, און אַז אויך די אלמנה מיט דער טאָכטער ווייסן נישט פון אַזאַ דאָקומענט.

נאָך דער לויה וועלן זיי אַלע צוריקפאָרן קיין פּאַריז און דער סעקרעטאַר וועט שוין פון דאָרט טעלעגראַפירן, אין פאַל ווען ער וועט אַ צואה געפונען.

בוני איז געפאָרן ווייטער קיין אַנגל־סיטי, ווו עס האָבן אים ווייטער אָפּגעוואַרט ידיעות. דער סעקרעטאַר האָט מיטגע-טיילט, אַז צווישן הער ראָס פּאַפּירן איז קיין צואה נישט געפו-נען געוואָרן, און בערטיס טעלעגראַם האָט געלויטעט:

„איך גלויב, אַז דאָס ווייב האָט די צואה פאַרניכטעט. באַזיצסטו עפּעס שריפטלעכעס פון איר אָדער פונם פאָטער?"

בוני האָט געהאַט פונם פאָטער נאָר די בריוו צו ראָסקאָ-ען וועגן די אַקציעס און דערמיט וועט בערטי גאָרנישט קענען אויפטון. ער האָט טעלעגראַפירט צו אַליזן קיין פּאַריז און זי דערמאָנט, אַז דער פאָטער האָט באַשטימט, אַז זי זאָל באַקומען אַ מיליאָן דאָלאַר נישט מער.

ענטפער אויף זיין דעפּעשע האָט ער באַקומען פון אַן אַמעריקאַנישן אַדוואָקאַט אין פּאַריז פאַר זיין קליענטין פרוי אַליז הענטינגטאָן פאָרסיט אָליוויער ראָס, אַז זיין קליענטין ווייסט דערפון גאָרנישט, און אַז זי וועט איר געזעצלעכע ירושה־טייל פאָדערן.

בוני האָט בייז אַ שמייכל געטון: אַ צוזאַמענשטויס צווישן ספּיריטיזם און סאָציאַליזם.

אָבער אויך אַ צוזאַמענשטויס צווישן קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם. בוני האָט אויסגעזוכט דעם שותּף פון זיין פאָטער ביי אים אין ביוראָ, וווּ זיי האָבן ביידע געקענט פריי רעדן.

שוין די ערשטע ווערטער ווערנעס זענען געווען אַ קלאַפּ; בוניס פאָטער האָט על־פּי־טעות געמיינט, אַז ער באַזיצט ראָס־קאַנסאָלידאַטעד אַקציעס: זיין אָרדער צו ווערנען איז אַלזאָ נישט גילטיק. די פּאַפּירן זענען שוין פון אַ לענגערע צייט, לויט זיין אייגענעם באַפעל אויספאַרקויפט געוואָרן, זעט אויס, אַז דורך זיין קראַנקהייט האָט זיין זכּרון געליטן, אָדער ער איז אינגאַנצן פונם ספּיריטיזם פאַרכאַפּט געוואָרן און גאָר קיין אַכט נישט געלייגט אויף די געשעפטן.

זיינע געשעפטן שטייען אויך גאָרנישט גוט. פאַר אַלעמען איז די ראָס־יוניאַר־געזעלשאַפט, דער בעסטער אָביעקט פון דעם אַלטן ראָס, אַזוי גוט ווי באַנקראָט.

„איך האָב גראָד היינט באַקומען,״ — האָט ווערנע דערקלערט, — „די מיטטיילונג פון דער פייער־פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט, אַז זי וועט נישט באַצאָלן, ווייל זי האָט באַוויזן, אַז מען האָט דאָס פייער אונטערגעלייגט. זי זאָגט עס נישט אַרויס אָפן, אָבער זי גיט אָנצוהערן אַז דאָס האָבן געטון מיינע אַגענטן, ווייל די געזעלשאַפט באַזיצט צופיל נאַפט און דער מאַרק איז שוואַך.״

„גוטער גאָט!״ — האָט בוני אויסגערופן, — „וואָס זאָל עס באַדייטן?״

„עס איז אַ שפּיצל פון מאַרק אייזנבערג, וועלכער דערליידיקט פאַר די פינף גרויסע די באַנקגעשעפטן, כּדי אונדז

אומאפהענגיקע פון וועג אפצוראמען. זיי ווילן אונדז איצט דורך געריכטבאשליסן ווער ווייסט אויף ווי לאנג פאראליזירן. די ראס־יוניאר־געזעלשאפט וועט נישט האבן די מעגלעכקייט דאס אפּגעברענטע פעלד ווידער אויפצובויען און אויב די אקציאנערן וועלן אויפפאדערן זייערע אקציעס צו באצאלן, אזוי וועט די ירושה פון אייער פאטער נישט גענוגן. די קוואלן פון לאבאס ריוועער זענען אויסגעפאמפעוועט און פראספעקט־היל פילט זיך אן מיט וואסער. פארשטענדלעך, אז אייער פאטער באזיצט א חלק אין מיינע אויסלענדישע אונטערנעמונגען, אבער דאס זענען וועקסלען אויף דער צוקונפט: עס קומט דעריבער אויס איר זאלט זיי פארקויפן.״

„ווער וועט דאס אלץ איבערנעמען צו זיך אין די הענט?״

„אט האט איר א קאפיע פון ימס צוואה״ — נעמט זי מיט אהיים און אמוזירט זיך מיט איר. איר, איך און פרייד ארפאן זענען מיר די אויספירער; איר און בערטי דארפן זיך מיט דער ירושה טיילן. נאטירלעך איז די צוואה דורך דער הייראט פונם פאטער געווארן נישט גילטיק: אין פאל ווען עס איז נישטא קיין אנדערע, באקומט די אלמנה א העלפט און איר מיט בערטין צו פערטל. איך האב צוגעזאגט אייער פאטער צו זיין דער אויספירער פון דער צוואה און איך מוז מיין צוזאג האלטן. איינס וויל איך אייך זאגן: דאס פעלד אין פאראדיז טראגט אייער נאמען: אויב איר ווילט עס איבערנעמען און אליין דארט מיט דער ארבעט אנפירן, האב איך גארנישט דעקעגן, איר קענט פארקויפן ערגעץ אנדערש און אויסקויפן דאס פעלד פאר זיך אליין. ווילט איר א נאפטמאן ווערן?״

„ניין״, — האט באלד בוני געענטפערט. — „איך קלער נישט וועגן דעם.״

„אויב אזוי וועל איך אייך מוזן אויסקויפן, ווייל די געזעלשאפט איז באנקראט און איך וועל זי קענען דערהאלטן נאר דאן, ווען איך וועל אליין האבן די קאנטראל. מיר ביידע, ים יוניאר, קענען מיר נישט ארבעטן צוזאמען. איר האט צו הויכע אידעאלן.״

ווערנע האָט געלאַכט, נאָר אָן זיין געוויינלעכער גוטמוטיקייט.

„וואָלט איך נישט אייער אַלטן צוגעזאָגט מיט דער דאָזיקער געשיכטע זיך צו פֿאַראינטערעסירן, אַזוי וואָלט איך אייך אָפּגעלאָזט מיט דער ראס-יוניאָר-געזעלשאַפֿט, וואָלט דערלאָזט זי זאָל ווערן באַנקראָט ביי אייך אין די הענט און וואָלט צוגעזען וואָס וואָלט איר דעמאָלט געטון. איר טיילט דאָך נישט די מיינונג פֿון אייער פֿאָטער, אַז די געשעפֿטסלייט דאַרפֿן באַהערשן די געריכטן. זייט נאָר אַן ערנהאַפֿטער בירגער, וועלכער נעמט אין אַכט דאָס אַלגעמיינע וווילזיין, דערלאָזט נאָר די געריכטן, אַז זיי זאָלן שטעלן ביי דער ראָס-יוניאר-געזעלשאַפֿט אַ קאָנקורספֿאַרוואַלטער, אָן „כאַבאַר און זייטיקע איינפֿלוסן", אָן „פֿאַרבינדונגען און אומקלאָרע-הבטחות", דעמאָלט וועט איר שוין זען, וואָס עס וועט אייך פֿון די אַכט, אָדער צען מיליאָן איבערבלייבן, אָדער וואָס איר וועט אין די פֿאָר יאָר פֿון דער פֿאַרזיכערונגס-געזעלשאַפֿט אַרויסבאַקומען!"

# III

בוני האָט געהאַט איין אָרט, ווו ער איז אַנטלאָפן פון די דאָזיקע אַלע העסלעכע פּראָבלעמען: זיין קליינע צייטונג.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַנגל-סיטי, האָבן אים אויף דער סטאַציע אָפּגעוואַרט מיט שטראַליקע געזיכטער רחל און כמעט אַ טוץ מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט, ווען זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי אַרויסגעלאָזט אויסגעשרייען, גלייך ווי ער זאָל זיין אַ פילמסטאַר. ער האָט אַלעמען גע-דרוקט די הענט, נאָר רחלען האָט ער עטלעכע מאָל געדרוקט די ד־האַנט, זיי ד־האָבן זיך זייער געפרייט ווידער צו זיין צו-זאַמען.

די יינגע מענטשן האָבן געוווסט, אַז בוני איז טרויעריק פונם פאָטערס טויט, האָבן אפשר אויך געהערט פון דער שרפה אויף די נאַפטפעלדער; זיי האָבן אים דעריבער אַרויסגעוויזן אַ סך האַרצלעכקייט און מיטאַמאָל אויסגעגעבן אַלע נייעסן; רחל האָט אים געוויזן דעם באַרשטאָפּצוג פונם פרישן נומער און די פריערדיקע נומערן, וועלכע ער האָט נאָך אפשר נישט געזען.

איצט האָט די קליינע רעדאַקציע פאַר בונין באַדייט זיין היים, דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געד־האַט, ווייל די מומע עמאַ האָט דעם פאָטערס הויז איידער זי איז אַרויסגעפאָרן קיין אייראָפּע פאַרדינגען.

די גאַנצע רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון איין צימער, דאָך האָט זי מיט אירע פּיל אָפּטיילונגען און פּאַפּירן געמאַכט אַ וואָגיקן איינדרוק. די וואָכנשריפט האָט שוין געהאַט אַ זעקס-טויזנט אַבאָנענטן און איז דערשינען אין אַכטטויזנט עקזעמ-פּליאַרן; די מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט האָבן דערליידיקט די עקספּעדיציע שבת-צו-נאַכט און זונטיק.

ביי דער רעדאַקציע האָט געאַרבעט נאָר רחל מיט אַ גע-הילפסרעדאַקטאָר, זיי זענען שוין נישט געוואָרן מער געשלאָגן אָדער אַרעסטירט; אין דעם מאָמענט האָבן די סאָציאַליסטן אונ-טערגעשטיצט לאַ פאַלעטן, און דאָס האָט זיי געגעבן דאָס רעכט צו האָבן רו.

בוני האָט אויך אויפגעזוכט רותן. פּאַוול האָט נאָך נישט געהאַט אַהיימגעקערט, ער איז געבליבן אין טשיקאַגאָ אויף דעם פּאַרטייטאָג און איצט האָט ער זיך געלאָזט אַהיים מיט דעם צפון-מערבדיקן וועג און האָט יעדן אָוונט געהאַלטן ערגעץ אַנ-דערש אַ רעפעראַט.

זיינע רעפעראַטן זענען געווען גוט באַזוכט, ווייל ער איז דורך זיינע אָפטע אַרעסטן געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער; די ידיעה אַז מען האָט אים אַרויסגעשיקט פון פראַנקרייך, איז געבראַכט געוואָרן אין אַלע צייטונגען.

בוני האָט באַאָבאַכטעט רותן.

אירע ווערטער האָבן מונטער געקלונגען, זי איז איצט געווען אַ פאָלקאָם אויסגעבילדעטע שוועסטער, האָט גוט פאַר-דינט און האָט געקענט אפילו עפּעס אָפּשפּאָרן.

אָבער איר געזיכט איז געווען בלאַס און פאַרטרויערט, אויף דעם טיש זענען געלעגן קאָמוניסטישע צייטונגען און צייטשריפטן, בוני האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס דעם מיידל פעלט.

די צייטונגען זענען אָנגעקומען אויף פּאַוולס אַדרעס, און רות, זייענדיק אַלע אָוונט אַליין אין דער היים, האָט זיי אַלע דורכגעלייענט.

אויף אַזאַ אופן האָט זי זיך דערוווסט ווי אַזוי עס ווערן

פארפאלגט, צעקאליטשעט און דערשאָסן פּאָליטישע אַרעסטירטע און פאר איר איז עס געווען אַלצאיינס, גלייך ווי פאַוול זאָל זיך די גאַנצע צייט געפונען אין אַ שלאַכט.

רות האָט נישט געהאַט קיין שום זין פאר טעאָריע, מען האָט זי קיינמאָל נישט געהערט רעדן פון פארטיי־טאַקטיק, פּאָליטישע פראַגן אָדער עטוואָס ענלעכעס.

זי האָט געפילט אינסטיקטיוו, און דעריבער האָט זי באַוועסן אַ ליידנשאפטלעכן קלאַסנבאַוווסטזיין. זי האָט געוווסט, אַז די אַרבעטער אין די גרויסע אינדוסטריס זענען לוינשקלאַפן, וועלכע קעמפן פאַר דעם לעבן. זי האָט איבערגעלעבט צוויי שטרייקן; וואָס זי האָט געזען מיט די אייגענע אויגן האָט איר געגעבן געבוג נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיש וויסן, אין די מלחמה פון די אַרבעטער איז נישט צו פאַרגלייכן מיט דער מלחמה פון די קאַפּיטאַליסטן. זי מוז געפירט ווערן, ווייל די אונטערנעמער צווינגען דאָס, אָבער ווען אַפילו רות האָט געגלויבט אין פּאַוולס אויפגאַבע, האָט זי אויך נישט געקענט באַזיגן אין זיך די שרעק פאַר זיין לעבן.

אייסערדעם איז רות געווען אין כעס אויף רחלען און דעם „יינגן סטודענט".

זי האָט דערציילט, אַז די סאָציאַליסטן האָבן אָרגאַניזירט פארזאַמלונגען אינם גאַנצן לאַנד פאַר אַזוי גערופענעם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער, אַ רעדנער, וועלכער נוצט אויס דאָס האַלטן אַרעסטירט זייגע פּאַרטיי־חברים אין רוסלאַנד אויף אָנצוגרייפן די סאָוויעטן־רעגירונג.

„די סאָציאַלרעוואָלוציאָנערן אָבער זענען יענע לייט, וועלכע האָבן געפּרוווט לעגינען צו דערמאָרדן און האָבן פון די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגען געלט גענומען, כדי אין רוסלאַנד דעם בירגערקריג צו פאַרגרעסערן. ווי אַזוי דאַרף אייער צייטונג זיי אונטערשטיצן?"

בונוי האָט די דאָזיקע פראַגע געשטעלט רחלען און דער סאָציאַליסטישער יוגנט. זיי האָבן דערקלערט, אַז דער דאָזיקער

מאַן איז אַ סאָציאַליסט, וועלכער גרייפט אָן די אָנהענגער פון געוואַלד.

די קאָמוניסטן זענען געקומען אויף איין פאַרזאַמלונג און געפּרוווט דעם מאַן נישט דערלאָזן רעדן; עס איז שיעור צו אַ געשלעג נישט געקומען.

און ווידעראַמאָל איז דער אָרעמער בוני געשטאַנען קעגן איבער דעם אינערלעכן קאַמף, וועלכער האָט אים אין פּאַריז, בערלין און ווין אַזויפיל צרות פאַרשאַפט.

פּאַוולס באַריכט איבער רוסלאַנד האָט אויף אים אַ טיפן איינדרוק געמאַכט, רחל אָבער איז אפילו אויף קיין האָר פון איר שטאַנדפּונקט נישט אָפּגעשטאַנען.

זי איז געווען גרייט צו פאַרטיידיקן די רעכט פון די רוסן זייער אייגענעם גורל צו באַשטימען, אָבער זי האָט נישט געוואָלט האָבן צו טון נישט מיטן דריטן אינטערנאַציאָנאַל און נישט מיט דער דיקטאַטור,—ניין, זי האָט נאָר באַשטאַנען אויף אַ דעמאָקראַטישער לעזונג פון דעם דאָזיקן פּראָבלעם; און בוני איז ווידעראַמאָל, ווי געוויינלעך, געוואָרן באַהערשט פון אַ פרוי.

אַן אויסטערלישע זאַך די דאָזיקע ווייבערשע נאַטור. די פרויען זעען אויס אַזוי מילד און נאָכגיביק, דאָך איז עס די נאָכגיביקייט פון גומי און וואַסער, וועלכע קערן זיך אום צוריק נאָך יעדן דרוק, צו זייער פריערדיקן מצב.

בוני האָט באַגריפן די לאַגע פּאָלקאָם; עס וואָלט רחלען דאָס האַרץ צעבראָכן, ווען ער וואָלט די קליינע צייטונג ליקווידירט, וועלכע זי ליבט מיט דער ליידנשאַפט פון אַ מוטער, אָבער זי וואָלט באַלד די רעדאַקציע פאַרלאָזט, ווען בוני וואָלט געפאַלן אַלס קרבן פון די קאָמוניסטן.

# IV

אין אַ וואָך אַרום איז בערטי געקומען צו איר ברודער
קיין אַנגל-סיטי און האָט אים אויספּסנייי באַוויזן די אומפּאַרענ-
דערלעכקייט פון דער ווייבערשער נאַטור. זי איז געקומען אָפּ-
צונעמען איר חלק פונם פּאָטערס ירושה, און זי האָט דאָס גע-
טון מיט דעם אינסטיקטיוון שפּיר-חוש פון אַ יאַגדהונט, בערטי
האָט געקענט אַן אַדוואָקאַט, אויך אַ יאַגדהונט, מיט וועלכן זי
האָט זיך פערשטענדיקט שוין דעם ערשטן טאָג פון איר קומען.
דערנאָך האָט זי בונין געשלעפּט אין זיין ביורא. ווו ער
איז געבוי אויסגעפרעגט געוואָרן: וואָס דער פּאָטער האָט גע-
זאָגט וועגן זיין אָפּמאַך מיט פרוי אַליז הענינגטאָן פּאָרסיט
אָליוועד ראָס? ליידער האָט דער פּאָטער נישט מיט בערטין,
נישט מיט עמעצן אַנדערש וועגן דעם גערעדט.

פּאַרשטענדלעך, אַז דער פּאָטער האָט איבערגעלאָזט אַ
צוואה און די שענדלעכע פרוי האָט זי פאַרניכטעט; בערטי איז
געווען אין דעם פּאָלקאָם איבערצייגט.

בוני האָט אויך געמוזט דערציילן אַלע אַנדערע זאַכן,
וועלכע ער האָט נאָר וועגן זיין פּאָטער געוווּסט: ווו דער אַל-
טער האָט אָפּגעהיט זיינע פּאַפּירן און זיין געלט, צי ער האָט
געהאַט אַ געהיים אָרט פאַר זיינע אַקציעס, וויפיל האָט ער,
לויט בוניס רעכנונג, געלט אויסגעגעבן.

אויסערדעם האָט דער אַדוואָקאַט געוויאָלט וויסן ווערנאָן ראָסקאָעס אויסדריקן, דעם פּאָטערס גאַנצע קאָראָספּאָדענץ מיט ווערנען און מיט די פּאַרטרויליכע יינגע־אָנגעשטעלטע, מיט באָלינג, היימאַן, סימאָנס, ווי אויך מיט די איבעריקע מיט די באַנקירן און באַנקאָנגעשטעלטע, אויך דעם פּאָטערס סעקרעטאַר, וועלכן בערטי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט פון פּאַריז, איז גע־וואָרן אויסגעפרעגט.

בוני האָט געמוזט אַנטייל נעמען אין דעם דאָזיקן שמועס און זיין דער זעלבער יאַגדהונט, ווי די אַנדערע, ער האָט זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער טוט אַזוי אַרום זיין חוב לגבי דער באַוועגונג, וועלכע נויטיקט זיך זייער אין אַזאַ „פּעטן ...

שוין צום אָנהייב האָט בערטי געמוזט אַראָפּשלונגען אַ ביטערן פּיל: דער אַדוואָקאַט האָט איר מיטגעטיילט, אַז עס איז אוממעגלעך ביי פּרוי אַליז ראָס דעם האַלבן חלק פון דער ירושה צוצונעמען.

בונים באַשטעטיקונג האָט קיין שום ווערט נישט; ביז מען וועט נישט געפונען קיין שום אַנדערן דאָקומענט, מוזן זיי מיט דעם אומפאַרמיידלעכן שלום מאַכן און צוזאַמען מיט דער אַלמנה זוכן עצות אַרויסצובאַקומען פון ווערנע ראָסקאָע, וויפיל עס איז נאָר מעגלעך.

פּרוי ראָס אַדוואָקאַטן אין פּאַריז האָבן דעם ענין אָנ־פּאַרטרויט אַן אויסערגעוויינלעך טייערער אַדוואָקאַטור־פירמע אין ענגל־סיטי, בערטי מוז איר כעס דערשטיקן און מיט איר צו־זאַמען עפּעס אונטערנעמען.

די שוועריקייטן זענען געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט זיך שוין געלוינט די סאַמע טייערסטע אַדוואָקאַטן צו באַשעפ־טיקן, בוכהאַלטערס האָבן געמוזט דורכזוען די געשעפטביכער פון י. אַרנאָלד ראָס און נאָך אייניקע טעג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן צו אַלעמענס פאַרווונדערונג, אַן אומגעהייערער פאַקט: אויסער דעם געלט, וואָס דער פאָטער האָט אַריינגעלייגט אין די געשעפטן מיט ווערנען און אַנדערע, און אויסער דעם באַרן

געלט, וועלכעס האָט זיך נאָך געפונען אויף זיין באַנקקאָנטאָ, האָבן נאָך געמוזט זיין אַקציעס און פּאַפּירן אויף צען מיליאָן דאָלאַר, אָבער זיי זענען שפּורלאָז פאַרשוווּנדן.

ווערנע האָט דערקלערט, אַז דער פּאָטער האָט זיי מיט־גענומען און זיי פּאַר אומבאַקאַנטע צוועקן אויסגעגעבן, בערטי דאַקעגן האָט באַהויפּטעט אַז דאָס אַלץ איז שווינדל, און אַז ווערנע ראָסקאָ איז דער גרעסטער גנב פון דער וועלטגעשיכ־טע, ווייל ער האָט געהאַט דעם שליסל צום פּאָטערס קאַסע האָט ער פּשוט אַרויסגענומען פון דאָרט דעם אינהאַלט. איצט האָט בערטי אויסגעלאָזט איר כּעס צום ברודער:

„דו ביסט אין דעם שולדיק! ווערנע ווייסט, אַז דו וועסט דיין געלט פאַרווענדן אויף דעם, די איצטיקע אָרדנונג אומצו־וואַרפן, דערפאַר איז עס פון זיין זייט געווען זייער קלוג דאָס צונעמען ביי דיר.״

בוני האָט אפילו נישט געקענט אָפּלייקענען די וואַרשיינ־לעכקייט פון דער דאָזיקער השערה, ער האָט זיך עס געקענט גאַנץ גוט פאָרשטעלן, ווי ווערנע זאָגט צו זיך אַליין, אַז ער בוני, באַטייט אַ סאָציאַלע געפאַר, אַז בערטי איז אַ פּאַשוועג־דערין און די אלמנה איז אַן אָרעמע טפשה, אין דער צייט, ווען ער, ווערנע, דער טיכטיקער געשעפטסמאַן, וועט די פּאַ־פּירן שכלדיק פאַרווענדן: מער נאַפט פון דער ערד אַרויסבאַ־קומען.

ווען ער האָט זיך דערוווּסט פונם פּאָטערס טויט, האָט דעריבער ווערנע זיכער שטילערהייט אַריבערגענומען די פּאַ־פּירן פונם פּאָטערס קאַסע אין זיין אייגענע, נאָך איידער דער ירושה־שטייערקאָמיסאַר איז אָנגעקומען.

ווערנע באַטראַכט עס זיכער נישט פאַר אַ גנבה, נאָר פאַר אַ פאַרנונפטיקע האַנדלונג; עס איז ביי אים פּונקט ווי ער האָט ביי דער רעגירונג אירע פלאָט־רעזערוון צוגענומען, ווייל זי האָט נישט באַזעסן גענוג פאַרשטאַנד כּדי צו קענען זיי אויסבויען.

בערטי האָט געוואָלט קענן דעם פּאָטערס שותף אַ פּראָ־

צעס פארפירן, אים איינלאדן אלס עדות און צווינגען אויסצו־
זאגן אלץ איבער זיינע אייגענע ענינים.

בוני, אונטערגעשטיצט פון די אדוואקאטן, האט איר אפ־
גערעדט דערפון און גענומען אויף זיך אזוי ארום איר גאנצן
כעס.

ווערנע איז שטענדיק געווען געגוג פארזיכטיק, גארנישט
צו געבן שריפטלעך; וועט ער מוזן אויפטרעטן אלס עדות, אזוי
האט ער זיך שוין מסתמא צוגעגרייט א דערקלערונג, לגבי וועל־
כער זיי וועלן זיין הילפלאז. ער וועט זאגן, אז דער פאטער
האט אים די פאפירן אוועקגעגעבן, ווי וועלן זיי קענען דער־
ווייזן אז עס איז נישט אזוי? אפילו ווען זיי וועט זיך איינ־
געבן צו דערווייזן, אז ווערנעס מעקלער האט די פאפירן פאר־
קויפט, וועט דאס זיי נישט נוצן; ווערנע קען זאגן, אז ער
האט דאס געלט דעם פאטער אפגעגעבן, אדער אז ער ד'האט
לויט זיין פאראָרדנונג ספעקולירט און דאס אנגעווירן.

עס זענען פאראן הונדערטער תרוצים, וועלכע ער קען
אויסזוכן.

אויב אזוי מוזן מיר פשוט זיין צופרידן מיט דעם, וואס
דער דאזיקער שווינדלער באוויליקט אונדז צו געבן!" — האט
בערטי אויסגערופן, און די אדוואקאטן ד'האבן דערקלערט, אז
אזוי איז עס.

נאר אזוי ווי זיי האבן גענומען א פראצענט־האנאראר,
איז זייער עצה געווען אז ערלעכע.

# V

רחל האָט פאַרעפנטלעכט אַ קורצע נאָטיץ אין דער צייטונג וועגן בוניס צוריקקער פון אויסלאַנד און ציטירט זיינע ווערטער, אַז ער גיט אָפּ זיין חלק ירושה פאַר דער באַוועגונג.

די דאָזיקע דערקלערונג האָט געוועקט די אויפמערקזאַמקייט פון אַ קלוגער ייִנגער זשורנאַליסטין, וועלכע האָט וועגן דעם אָנגעשריבן אַ הומאָריסטיש אַרטיקל:

אַ רויטער מיליאָנער דער רעטער פון דער געזעלשאַפט!

זעט אויס, אַז עס איז געווען אַ גרויסע צאָל מענטשן, וועלכע האָבן געוווסט, ווי אַזוי די געזעלשאַפט צו ראַטעווען; אַלע האָבן זיך געוואָלט מיט בונין באַקענען און געלויערט אויף אים אין דער האַלע פונם האָטעל. איינער האָט געוווסט אַ זיכער היילמיטל קעגן קרעבס, דער צווייטער האָט געפונען דעם פּערפּעטואום מאָבילע, אַ דריטער האָט פאָרגעלייגט אָקסן צו האָדעווען אויף פלייש, אַ פערטער סקונקסן צוליב זייער פעל. אַ סך האָבן געוואָלט נישט דערלאָזן מער צו קיין קריג, אַנדערע ווידער—קאָלאָניעס גרינדן.

פיל זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז עס זענען פאַראַן די פאַרשידנאַרטיקסטע מעטאָדן דעם סאָציאַליזם צו רעאַליזירן. גרויסע דיכטער זענען געקומען, פילאָזאָפן מיט מאַנוסקריפּטן און

אַ מאַן, וועמען גאָט אַליין האָט זיך אַנטפּלעקט: דער דאָזיקער נייער נביא איז געווען איבער זעקס פוס די לענג און פון אַן אָרנטלעכער גרעב. ער האָט זיך אויפגעהויבן איבער בונין ווי אַ טורעם און האָט אים מיט אַ פליסטערנדיקער, ציטערדיקער שטים איבערגעגעבן, אַז די פון גאָט געזאָגטע ווערטער זענען געוואָרן פאַרשריבן און זיי געפינען זיך פאַרבאָרגן אין אַ פּייערקאַסע, קיין מענטשנאויג האָט זיי נאָך נישט געזען און וועט זיי אויך נישט זען.

אייניקע האָבן צו בונין געשריבן בריוו, זיי האָבן פאַרזענלעך אים נישט געקאָנט אויפזוכן, ווייל זיי זענען על־פּי־טעות פאַרהאַלטן געוואָרן אין משוגעים־הייזער, וועט נאָר בונין געלונגען זיי צו באַפרייען, אַזוי וועלן זיי דורך אים זייער שליחות פאַר דער וועלט אויספולן.

בוני אָבער האָט שוין אַ צייט לאַנג געאַרבעט איבער אַ פּלאַן און צונויפגערופן איצט זיינע פריינט אויסצוהערן זייער מיינונג: דעם אַלטן חיים מענציעס, וועלכער איז שוין לאַנג אין דער באַוועגונג טעטיק און האָט אַלע אירע פעלער מיטגעלעבט — חיים האָט ווידער געאַרבעט ביי דער באַקלייד־אינדוסטרי און האָט פאַרבראַכט זיין גאַנצע פרייע צייט, ווי געוויינלעך, אויף זיצונגען און פאַרזאַמלונגען — יעקב מענציעס, דעם בלאַסן סטודענט, וועלכער איז איין יאָר געווען לערער, דערנאָך אָבער צוליב זיינע איבערצייגונגען אָפּגעזאָגט געוואָרן און איצט אַ פאַרזיכערונגסאַגענט, — העררי זיגער, וועלכער האָט איצט געהאַט אַ פירמע פון נוס, — פּעטער נאַגעל, גרעגאַר ניקאַלאיעוו, וועלכער איז איצט געווען אַ רענטגענאסיסטענט, און דאַן ירווינג וועלכער איז אויף בוניס קאָסטן פון וואַשינגטאָן געקומען. זיי אַלע צוזאַמען מיט רחלען און בונין זענען געזעסן אין אַ צימער פונם האָטעל און אַרומגערעדט ווי אַזוי מען קען ראַטעווען די וועלט מיט אַ מיליאָן דאָלאַר.

בוני האָט באַשיידן דערקלערט, אַז ער האַלט זיין פּלאַן נישט פאַר דעם אַבסאָלוט בעסטן, נאָר פאַר דעם, וואָס זעט אים אויס אַלס דער בעסטער, ער וויל נישט צוועק, אָפּגעבנדיק

דאָס געלט און אַרויפּלייגנדיק די אַרבעט אויף אַנדערע. דאָס האָט ער נאָך פון זיין טאַטן געלערנט; ווייל מען עפּעס דער־גרייכן, אַזוי איז בויטיק געלט מיט אַ גוטער פאַרוואַלטונג.

„אויסערדעם ווייל איך עפּעס טון, איך בין שוין זאַט פון כסדר צוצוזען און רעדן. איך האָב צוערשט פון אַ גרוי־סער צייטונג געקלערט, אָבער איך פאַרשטיי זיך נישט אויף זשורנאַליסטיק. דאָס איינציקע אויף וואָס איך קען מיך, זענען יינגע מענטשן; איך בין געווען אויף דעם אוניווערסיטעט און ווייס גענוי ווי אַן אוניווערסיטעט דאַרף אויסזען און זעט נישט אויס, מיר אַלע — רחל, יעקב און די אַנדערע מיטגלידער פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט — פּרוּוון די יינגע גייסטער צו געווינען פאַר אונדז. ליידער געלינגט עס אונדז נאָר איינציקע שעה וועכנטלעך. דאָס אַלעס איבעריקע, וואָס גייט אַריין אינם לעבן פון דער יוגנט, די שול, אַרבעט, קינאָ, ליגט אין די הענט פון אונדזערע פיינט, איך וויל דעריבער איינציקע סטו־דענטן צונויפנעמען צו אַ געמיינזאַם לעבן, פּרוּוון אויפצושטעלן אַ סאָציאַליסטישע געביידע. דער ציל זאָל זיין, דינען דער באַ־וועגונג. רחל וועט מיט מיר מסכּים זיין, — די אַנדערע ווייס איך נישט, — ווייל איך באַהויפּט, אַז אונדזער באַוועגונג ליידט זייער פון איין זאַך; מיר האָבן נישט דעם דערפאָלגרייכן נייעם מאָראַלישן שטאַנדאַר. אַ סך פון אונדזערע אייגענע מיט־גלידער זענען שוואַך: די מיידלעך ווילן טראָגן זיידענע זאָקן און זיך מיט די בורזשואַזע פרויען אויסגלייכן: זיי גלויבן, אַז די פרייהייט באַשטייט אין דעם, וואָס זיי ועלן אָננעמען די שלעכטע מאַניערן פון די מענער. וואָלט באַטייט די באַוועגונג ווירקלעך אַלץ פאַר די סאָציאַליסטן, אַזוי וואָלטן זיי נישט אויס־געגעבן קיין געלט אויף טאַבאַק, אַלקאָהאָל און ביליקע עלעגאַנץ."

„דערמיט בין איך דערליידיקט," — האָט געזאָגט דער אַלטער חיים מענציעס, וועלכער האָט שוין זיין צענסענטציגאַר אָנגעצינדן.

בוניס פּלאַן איז געווען אַן אַרבעטער הוזכּשול אויף דעם לאַנד. דאָך האָט ער נישט געוואָלט זיין מיליאָן אויף שטאָל און

בעטאָן אויסגעבן, נאָר מיט געצעלטן אָנהייבן.

די געביידע זאָל אויפגעשטעלט ווערן דורך דער געמיינזאַמע אַרבעט פון די לערער מיט די שילער. אַלע שילער פון דער הויכשול זאָלן אַרבעטן טעגלעך פיר שעה קערפּערלעך און פיר שעה גייסטיק, טראָגן פשוטע אָנצוגער און מיט קיין שום עלעגאַנטער געזעלשאַפט זיך נישט צונויפקומען.

בּהנ׳ האָט געקלערט צו רעדן מיט די סטודענטן פון די פאַרשידענע הויכשולן און אוניווערסיטעטן, כּדי זיי אָפּצורייסן פון זייער פוטבאָל און זיי פאַר נייע צילן פאַראינטערעסירן.

אויך די פאַריינען זאָלן פאַר דער נייער הויכשול סטודענטן און סטודענטינס צושטעלן. עס האַנדלט זיך דאָ אין אַ זאַך, וואָס קאָן זיך שנעל אַנטוויקלען און וואָס פאָדערט ווייניק געלט. מיטן אויסנאַם פונם מאַטעריאַל, וועט אַלץ דורך די שילער פּראָדוצירט ווערן; עס וועט דאָ זיין אַ פאַרעם, אַ ווירטשאַפטשול, אַלע נויטיקע מלאכות וועלן דאָ געלערנט ווערן, און די סטודענטן וועלן טעגלעך פיר שעה קערפּערלעך אַרבעטן.

## VI

„וואָס האָלט איר דערפון?" — האָט בוני געפרעגט.

חיים מענציעס איז, ווי שטענדיק, געווען דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט עפּעס צו זאָגן. אפשר האָט אים דאָס דער־מאָנען דעם טאַבאַק באַליידיקט, יעדנפאַלס האָט ער דערקלערט:

„דאָס איז נישט מער ווי אַ קאָלאָניע, איר מעגט זי געבן דעם נאָמען הויכשול, דאָס ענדערט גאָרנישט, און די קאָלאָניעס זענען דאָס ערגסטע פאַר דער באַוועגונג, מען נעמט די מענטשן אַוועק און זיי לעבן פאַר זיך אַנדערש פון די איבעריקע אַר־בעטער. און צי זיי וועלן זיך פילן גוט, צי נישט — און זיי וועלן זיך זיכער נישט פילן גוט, — שטענדיק דענקען זיי פון אַנדערע זאַכן און נישט פון דעם קלאַסנקאַמף, דרויסן אויף דער וועלט."

„דאָס איז אמת," האָט בוני געענטפערט, „דאָך וועלן מיר דאָך נישט לעבן אַזוי אָפּגעריסן פון דער וועלט, און די דער־ציונג וועט דאָך נישט זיין פאַר דער קאָלאָניע, נאָר פאַר דער באַוועגונג. די יינגע מענטשן וועלן זיך דאָרט זיך דאַרפן אויסלער־נען, ווי אַזוי דער באַוועגונג אַמבעסטן צו העלפן."

„די מענטשן מוזן, כדי דער באַוועגונג צו קאָנען העלפן, שטענדיק זיך געפונען אין סאַמע מיט. נעמט מען זיי אויף אַ יאָר חודש אַוועק, אַזוי טויגן זיי זיך שוין מער נישט אויס, זיי

ווערן פאַרדאַרבן, באַקומען ליב פאַרגעניגנס און זעגען שוין מער קיין פראָלעטאַריער נישט."

"אָבער ביי אונדז וועט נישט זיין אַזוי באַקוועם חבר חיים..."

"הערט נאָר, וואָס ער זאָגט! ער וועט קריגן יינגע דאַמען און הערן צו פירן אַ לעבן, וואָס וועט אפילו פאַר אַ פּראָלעטאַריער נישט זיין באַקוועם!"

"זייט נאָר מודה, בוני," האָט געזאָגט הערי זיגער. — "איר וועט האָבן אַ היבשן, שענעם לאַנדגוט, ווו די יינגלעך און מיידלעך וועלן אין שולקראַגנס אַרומלויפן. זיי וועלן טאָקע אויף אַ ווײַלע ערנסטהאַפט אַרבעטן, אָבער זיי וועלן קיינמאָל נישט ווערן טעטיק. און אויב איר וועט ווירקלעך אויפשטעלן געביידעס און באַקומען, אַזוי וועט איר עס מוזן לאָזן דערליידיקן מיט דער הילף פון ווירקלעכע האַרטפּויסטיקע אַרבעטער. איך ווייס עס, מיר האָבן איצט גראָד, די צייט פון אַראָפּנעמען די גוס."

"איך וויל נישט קיין שענעם, קליינעם לאַנדגוט," — האָט זיך בוני פאַרטיידיקט, — "נאָר אַ שול, ווו די מענטשן וועלן זיך איבן פאַר דעם קלאַסנקאַמף. ווי וואָלט עס געווען מיט אַזאַ מעטאָדע: יעדער סטודענט איז מחויב ווייניקסטנס אַ חודש אין תּפיסה צו פאַרברענגען?"

"בראַוואָ!" — האָט אויסגעשריגן פעטר נאַגעל, — "דאָס איז געווען אַ קלוג וואָרט!"

"ווי אַזוי וועט ער עס מאַכן?" — האָט חיים שפּאַטיש געפרעגט. — "דורכדעם וואָס ער וועט פאָרן שנעלער, ווי עס איז געזעצלעך דערלויבט?"

"דורכדעם וואָס ער וועט אין אנגל-סיטי אויף אַ שטרייקפּאָסטן שטיין. אָדער ער וועט אויף אַן עק פון אַ גאַס אַ סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונג אָפּהאַלטן, ביז אַ פּאָליציאַנט וועט אים אַרעסטירן. איך דאַרף אייך נישט זאָגן ווי אַזוי מען קאָן אין קלאַסנקאַמף אַרעסטירט ווערן, חבר חיים."

„און די לערער?" — האָט זיך נאָכגעפרעגט גרעגאר בי־קאַלאיעוו.

„פאַר די לערער וועט זיין אַ געזעץ אַלע דריי, אָדער פינף יאָר איינמאָל."

„און דער גרינדער, ווי אָפט גילט דאָס געזעץ פאַר דעם גרינדער?" — האָט פעטר נאגעל געפרעגט מיט פאַרגעניגן.

דאַן ירווינג אָבער האָט געענטפערט, אַז דער גרינדער וועט מוזן ווארטן, ביז ער וועט זיך אויסליידיקן פון זיין גאַנצן געלט.

אַזוי האָבן זיי דעבאַטירט אַלע איינצלהייטן, הערי זיגער האָט געוואָלט וויסן, צי מען וועט קאָמוניסטן אויך צונעמען.

הערי איז מער נישט געווען קיין פאָליטיקער, נאָר אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט. עס וועט זיין אוממעגלעך, קעגן דעם גרעסטן ווילן פון די סאָציאַליסטן, צו האַלטן די באָלשעוויסטישע סטודענטן דערווייטערט פון דער דהויכשול, און ווען עס זאָל זיי אַפילו יאָ געלונגען, וועלן זייערע אידעען דאָך אַהין אַריינדרינגען.

בוני האָט אויף דער פראַגע געענטפערט מיט אויפקלערן זיין אידעאַל פון פרייען גייסט. פאַרוואָס זאָלן זיך נישט די סטודענטן אַליין דערציען און זעלבסטשטענדיק אָננעמען בע־שלוסן? די לערער דאַרפן זיי נאָר אויפקלערן, די סטודענטן קאָנען נאָכדעם וועגן אַלץ דעבאַטירן: יעדער קלאַס דאַרף זיין אַ פרייע טריבונע.

זיי זענען דאָך אַלע באַשטימט דער מיינונג אַז עס האָט נישט קיין זין אַ סעקציעאַנשטאַלט צו גרינדן, וועלכע זאָל איין לערע פראָפּאָגאַנדירן און די אַנדערע אויסשליסן, און יעדע לערע קאָן נאָר דורך אירען אַן אָנהענגער גוט איבערגעגעבן ווערן.

דערנאָך האָט חיים דער סקעפּטיקער געזאָגט:

„און ווי זעט עס אויס מיטן סעקסועלן?"

בוני האָט זיך מודה געווען, אַז די פראַגע האָט איבּ[illegible] שוין פאַרשאַפט זאָרגן.

„מיר וועלן זיך זיכער מוזן האלטן ביי דער בירגערלע־
כער מאראל.״

„אָ, מיין גאָט!״ — האָט אויסגערופן פעטער נאגעל. —
„מיט דעם זאָל די בורזשואזיע אָנהייבן.״

יעקב מענציעס, דער ביכערוואַרעם, האָט שוין אַמאָל גע־
לייענט וועגן דעם פּראָבלעם, און איצט האָט ער דערקלערט:

„יעדער סאָציאַליסטישע קאָלאָניע גייט צוגרונט צוליב דעם
דאָזיקן סעקסועלן פּראָבלעם.״

און זיין פאָטער האָט צוגעגעבן:

„יעדער אזא פּרווו אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם
וועט גיין צוגרונט צוליב דעם דאָזיקן פּראָבלעם, עס איז פאַר־
אַן נאָר איין מעגלעכקייט צו צווינגען דעם מאַן זיין גאַנץ לעבן
מיט איינאונאיינציקער פרוי צו לעבן: מען מוז זיי צוזאַמען אין
איין הויז פאַרמאַכן און זיי קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן. ווי באַלד
מען וועט זיי נאָר דערלויבן זיך צוזאַמענקומען מיט אַנדערע
מענטשן, אַזוי וועט דער מאַן שטענדיק אַנטדעקן אַז ער וויל
די פרוי, וועלכע איז נישט זיינע.״

„יאָ, אָבער לויט דער בירגערלעכער מאָראַל קאָנען זיך
די מענטשן דעמאָלט גטן.״

„געוויס, אָבער נישט אין קיין סאָציאַליסטישער קאָלאָניע.
וועט מען עס טון, אַזוי וועט עס באַלד הייסן, אַז די קאָלאָניע
איז אַ נעסט פון פרייע ליבע, אַלע צייטונגען וועלן דאָס באַלד
מודיע זיין אויף די ערשטע זייטן, און דער אַמעריקאַנישער
לעגיאָן וועט קומען און אָנפאַלן אויף איר.״

## VII

דער רעזולטאַט פון דער דעבאַטע איז געווען, אַז קיינער האָט נישט געגלייבט אין דעם דערפאָלג פון דער אונטערנעמונג דאָך זענען אַלע געווען גרייט צו העלפן, אויב בוני וועט נאָר פרווון עס פאַרווירקלעכן.

בוני האָט איבערגעגעבן, אַז ער זוכט שוין אַ גרונטשטיק מיט גוטע ערד און גוט וואַסער אַ פּופציק מייל ווייט פון אַנגל-סיטי.

ער וועט באַלד איינצאָלן, ווי נאָר ער וועט קריגן באַר געלט, דערווייל וויל ער די פּרטים אויסאַרבעטן.

ער וועט אויך זיך אָפּגעבן דריי יאָר, כּדי די דאָזיקע אונטערנעמונג אויף די פיס צו שטעלן, וועט אים געלונגען די ריכטיקע דיסציפּלין און עטיק איינצופירן, אַזוי וועט ער די אַנשטאַלט איבערלאָזן אויף איר אייגענער קאָנטראָל און נאָר די נויטיקע סומען איר געבן. מען וועט דאַרפן האָבן לערער, אָרגאַניזאַטאָרן און עס וועט דעריבער זיין אַרבעט פאַר אַלעמען.

דערווייל איז בוני געווען געצוווּנגען צו פירן ביידע געשפּרעכן מיט די אַדוואָקאַטן כּדי אָפּצוראַטעווען פונם פאַרמעגן, וואָס נאָר עס איז מעגלעך.

דאָס האָט געהייסן אומאויפהערלעכע מחלוקתן מיט בערטין, ווייל די אַנגעלעגנהייטן זענען געווען אויסערגעוויינלעך

פאַרוויקלט און זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער.

ווערנע האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן, אַז די ראָס יוניאָר מוזן באַקומען גענוג מיטלען פאַר די לויפנדיקע אויס־גאַבן.

זיי דאַרפן דעקן די הוצאות, וועלכע פאַלן אויס אויף זייער חלק, אָדער, אויב זיי געפעלט, וועט ער אָפּקויפן דעם פּאָרטאָפּמאַך, ווערנע האָט נאַטירלעך געקאָנט האַנדלען ווי אים איז געפעלן, ווייל די דירעקטאָרן פון דער ראָס יוניאָר־געזעל־שאַפט זענען געוועזן ער אַליין און נאָך אייניקע פון זיינע פאַר־טרוילעכע אָנגעשטעלטע, ער האָט פאָרגעשלאָגן די גרינדונג פון אַ נייער „פאַראַטיז־געזעלשאַפט".

אויך ביי איר זאָלן פאַרטרוילעכע אָנגעשטעלטע אַלס די־רעקטאָרן פיגורירן, און ווערנע וועט דעמאָלט קאָנען זיך אַליין פאַרקויפן פאַר זעקסהונדערט טויזנט דאָלאַר דעם פּארטקאָנטראַקט פון ראָס יוניאָר, וועלכער איז נאָך גילטיק געוועזן אויף צוואַנ־ציק יאָר און איז ווערט געוועזן אַ סך מיליאָנען.

„אויב איר קאָנט,"—האָט ווערנע געזאָגט,—„מאַכט מיר אַ בעסערן פאָרשלאַג."

בערטי האָט אָנגענומען די אויפפאָדערונג, האָט זיך גע־האַלטן אין איין פאַרשטענדיקן טעלעגראַפיש מיט איר מאַן אין פּאַריז, האָט אויפגעזוכט אירע רייכע פריינט—און האָט געמאַכט די פיינלעכע אַנטדעקונג, אַז מענטשן, וועלכע באַזיצן זעקסהונ־דערט טויזנט דאָלאַר באַר געלט, מאַכן געוויע אויספאָרשונגען, איידער זיי גיבן אויס דאָס געלט.

בערטי האָט געהאַט אַ סך אַרבעט און זאָרגן, צומערסטן אָבער האָט איר געערגערט, וואָס זי קען דאָס אַלץ נישט טון נאָר פאַר זיך, נאָר זי מוז זיך אויך טיילן מיט די פרוכטן פון אירע השתדלותן מיט דעם נאַרישן בונין און דער „שעדלעכער אַליז.

און אויך די ראָס־קאָנסאָלידאַטעט האָט מיטאַמאָל זיך אָנ־געהויבן נויטיקן אין געלט; ווערנע האָט געפאָדערט מען זאָל

דעקן די אַקציעס, כּדי די יורשים צו דער וואַנט צודרוקן און זיי פּאַלקאָם בּאַרויבּן.

גלייכצייטיק האָט ער אַרויסגערוקט פאָלגנדן פאָרשלאַג: דער פאָטער האָט אין דער רומעניש ער נאַפט אונטערנעמונג אַריינגעלייגט איין מיליאָן מיט איין פערטל בּאַר געלט, און ער איז גרייט פאַר דעם גלייכן געלט דאָס צוריק אָפּצוקויפן. די דאָקומענטן זענען געוואָרן אויסגעשטעלט, אַלע יורשים האָבּן געמוזט אונטערשרייבּן דעם קאָנטראַקט און זיי האָבּן עס אויך געטון.

דערנאָך האָט אויך געמוזט געבּן זיין צושטימונג דאָס געריכט. דאָס געלט פון דער רומענישער אונטערנעמונג וואָלט זיי געקאָנט אַרויסראַטעווען די אַקציעס פון דער ראָס-קאָנסאָלידאַטעט, האָט אָבער דאָס געריכט געשטעלט שוועריקייטן, געוואָלט אַן אייגנהענטיקע אונטערשריפט פון פרוי אַליז און דעם ענין אָפּגעשלעפּט.

קורץ, דאָס נויטיקע געלט האָט נישט געקאָנט געשאַפן ווערן און די ראָס-קאָנסאָלידאַטעט-אַקציעס פון די יורשים זענען געוואָרן פאַרקויפט צו שפּאָט פרייזן—צו חערנאָן ראָסקאָע.

אָ, ווי בּערטי האָט געשאָלטן און געליאַרעמט:

„ווערנע, דערדאָזיקער געמיינער חזיר, האָט אונדז בּאַשווינדלט! נישט גענוג, וואָס ער האָט צוגעגנבעט אַלע פּאַפּירן פונם טאַטן, ניין, ער וויל אונדז נאָך אויך דאָ בּאַרויבּן, האָט אונטערגעקויפט אַ ריכטער אונדז די בּאַוויליקונג נישט צו געבּן כּדי נאָך אַ פּעטן ביסן אַריינצוכאַפּן.“

בּערטי האָט געדראַט צו דערשיסן ווערנען ווי אַ הונט, פאַרשטענדלעך, אַז זי האָט די דראָאונג נישט אויסגעפירט און האָט זיך בּאַגנוגנט נאָר מיט דעם, וואָס זי האָט דעם ברודער אויסגעזידלט, וואָס ער איז געווען אַזוי אידיאָטיש זיך צו מאַכן דעם שטאַרקסטן מאַן, וועלכן זי קאָן נאָר, פאַר דעם גרעסטן שונא.

אינמיטן די דאָזיקע אַלע שוועריקייטן האָט בּוני בּאַקומען אַ בּריוו פון פרוי אַליז.

זי איז איבערצייגט, אַז די דאָזיקע עקלהאַפטע געלט־ענינים וועלן זיך נישט אַוועקשטעלן צווישן איר און אים און וועלן נישט בכוח זיין איבערצורייסן דעם הייליקן באַנד, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם אָנדענקן פונם ליבן יִם.

אין פּאַריז האָט זי אויפגעזוכט איר ליבלינג מעדיום, און אויף דעם דריטן סעאַנס האָט זיך יִם „מאַניפעסטירט." פון דעמאָלט אָן האָט אַליז זיינע ווערטער פאַרשריבן, זי האָט בונין צוגעשיקט אַ גאַנצן שטויס דאָקומענטן, ווי פּראָצעס־אַקטן, צוזאַמענגעבונדן מיט בלויע בענדעלעך פון ווייבערשער עלעגאַנץ.

אַליז האָט אויסגעדרוקט די האָפנונג, אַז אויך בוני וועט זיין ביי אַ מעדיום און וועט איר מיטטיילן אַלץ, וואָס דער ליבער יִם וועט אין זיין אַלטער היים זאָגן.

## קאַפּיטל איינאונצוואַנציק

# דער קרבן.

## I

בוני האָט געזוכט אַ פּלאַץ פאַר דער אַרבעטערהויכשול, צר האָט געמאַכט לאַנגע רייזעס איבער דעם לאַנד, און אַזוי ווי רחל האָט געזאָלט זיין איינע פון די פירערס, איז זי, פאַרשטענדלעך אויך מיטגעפאָרן. זיי האָבן געהאַט גענוי צייט צו פּלוידערן, און עס איז אויך געווען אַ סך וואָס אַרומצורעדן.

זיי האָבן שוין איינינקע פּלעצער באַטראַכט און האָבן געוואָלט נאָך איינינקע באַטראַכטן, וועלכע זענען געווען נאָך ווייטערער פון דער שטאָט, בוני האָט באַמערקט:

„מיר וועלן זייער שפּעט אַהיימקומען.“

רחל האָט געענטפערט:

„אויב עס וועט זיין שפּעט, וועלן מיר קאָנען אין אַ האָ[illegible]ל איבערנעכטיקן און מאָרגן ווייטער פאָרטזעצן אונדזער אַרבעט.“

„די מענטשן וועלן רעדן.“

רחל אָבער האָט דערקלערט אַז זי האָט פאַר מענטשלעכע רייד נישט קיין מורא.

זיי זענען אַלזאָ געפאָרן.

דער גרונטשטיק איז געלעגן בשכנות פון אַ דאָרף מיטן נאָמען מונט-האָפּ אין אַ קליינעם טאָל; פרישע אָפּגעשניטענע פעלדער האָבן זיך געצויגן אויף די אָפּהאַנגען פון די בערג-

לעך, עס איז געווען אָנהייב נאָוועמבער, אַ רעגן איז געפאַלן, די יינגע תּבואה האָט אָנגעהויבן אַרויסשפּראָצן פון דער ערד, און דאָס זיך כוואַליענדיקע לאַנד איז געווען גלייך צו די אָנ-געצויגענע מוסקולן פון אַ ריז מיט אַ סאַמעטווייכער גרינער הויט, דאָ איז געשטאַנען אַ קליין פויערן-הייזל מיט אַ פרוכטנ-גאָרטן און אַן אַרטעזישן ברונעם.

די באַלעבאַטים, זעט אויס, זענען אַוועקגעפאָרן אין שטאָט אַריין; בוני און רחל האָבן געקאָנט אומגעשטערט אַרומוואַרדערן און אַלץ באַטראַכטן, זיי האָבן אַנטדעקט אַ ריזיקן שייער.

„אָ, בוני, דאָ האָבן מיר אונדזער פאַרזאַמלונגס לאָקאַל! מיר דאַרפן נאָר לייגן אַ בריק און מיר וועלן קאָנען לכּבֿוד דער דערעפענונג דאָ טאַנצן!"

זיי זענען אַריין אין אַ פּאַרק מיט טונקעלע דעמבעס און בלאַס-גרויע סיקאָמאָרעס און האָבן געשפּאַנט אויף דעם פרישן גראָז, ווי אויף אַ טעפּוך.

דער טאָל איז געלעגן אָפן קעגן מערב, די זון איז נאָר וואָס אונטערגעגאַנגען, דער הימל איז געווען פאַרגאָסן מיט גאָלדענע פלאַמען, די וואַכטלען האָבן אַרויסגעלאָזט זייערע לעצ-טע אויסגעשרייען, און טיף אין בוניס האַרץ האָט געוויטיקט די איינזאַמקייט. ווייל די וואַכטלען האָבן באַטייט פאַר אים דער פאָטער, די שיינע בערגלעך פון פּאַראַדיז און דאָס גליק פון וועלכן ער האָט אומזיסט געטרוימט.

איצט אָבער האָט רחל געטרוימט.

„אָ, בוני. דאָ איז אַזוי שיין! גראָד דאָס, וואָס מיר דאַרפן. מונט-האָפּ הויכשול, די שול פון האָפענונג, מיר קאָנען גאָר קיין בעסערן נאָמען נישט געפינען."

בוני האָט געלאַכט.

„מיר וועלן דאָך נישט גיין קויפן קיין נאָמען, מען דאַרף די ערד פּרוּוון."

„וויפיל אַקער האָבן זיי געזאָגט?"

„זעקסהונדערטפערציק, איבער הונדערט זענען קולטיווירט.

דאָס איז מער פון דעם, וואָס מיר וועלן קענען אין אָנפאַנג באַארבעטן.״

„און נאָר אַכטאונזעכציקטויזנט דאָלאַר! דאָס איז אַ גוט געשעפט.״

רחל האָט זיך אויסגעלערנט צו דענקען אויף בוניס פירשט־לעכן שטייגער, צייט זי האָט אין זיין שנעלן אויטאָ אָנגעהויבן דורכפאָרן דאָס לאַנד.

„דער פרייז איז נישט צו הויך, אויב די ערד און דאָס וואַסער זענען דאָ גוט.״

„מיר קאָנען זען ווי עס וואַקסט דאָ אַלץ, איידער עס ווערט טונקל.״

„יאָ, מיר וועלן מאָרגן פרי צוריקקומען און מיט דעם פערמער איבעררעדן. אפשר איז ער אַ פאַכטער, דעמאָלט וועט ער אונדז דעם אמת זאָגן.״

נישט אומזיסט האָט בוני מיט זיין קלוגן אַלטן פאָטער אין זיין יוגנט ערד געקויפט.

# II

די נעפּלען האָבן איינגעהילט דעם טאָל פון נייע טרוי-
מען, אויף די בערגלעך האָבן זיך געשפּרייט פּורפּורנע שאָטנס,
בוני האָט געזאָגט:

„פון איין זאַך האָב איך צרות: איך האָב מורא פאַר אַ
סקאַנדאַל."

„וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?"

„מיר זענען שטענדיק צוזאַמען, פאָרן אַוועק פון שטאָט
און בלייבן איבער נאַכט."

„שטותים, בוני."

„ניין, איך בין ווירקלעך באַאומרויִקט, איך האָב געזאָגט
צו פּעטר נאַגעל, אַז מיר דאַרפן זיך ביי דער בירגערלעכער
מאָראַל האַלטן, און איצט הויבן מיר שוין אָן כאַ"ש. די מומע
עמאַ האָט בירגערלעכע אַנשויאונגען און אייער מוטער אויך.
מיר דאַרפן חתונה האָבן.

„אָ, בוני!"—זי האָט אים שטאַר אָנגעקוקט, דאָך איז עס
געווען צו טונקל אים צו קאָנען זען דעם אויסדרוק פון זיינע
אויגן,—„איר שפּאַסט?"

„רחל," — האָט בוני געענטפערט, — „זענט איר גרייט צו
ברענגען דעם קרבן כדי אָפּצוהיטן דעם גוטן שם פון אונדזער
אַנשטאַלט?"

ער איז צוגעגאַנגען צו איר נאָענטער, און דאָס מיידל האָט געשטאַמלט:

„בוני... דאָס... דאָס איז דאָך נישט אין ערנסט...?"

„איך זע ווירקלעך נישט קיין אַנדער אויסוועג."

„ניין, בוני."

„פאַרוואָס נישט?"

„ווייל... ווייל איר וועט דאָך נישט חתונה האָבן מיט קיין יידיש קינד."

„גוטער גאָט!"

„פאַרשטייט מיך נישט שלעכט. איך בין שטאָלץ מיט מיין ראַסע אָבער אייערע פריינט וועלן עס האַלטן פאַר אַן אומגליק."

„מיינע פריינט, רחל? ווו, צום טייוול, האָב איך פריינט אויסער דער באַוועגונג? און וואָס וואָלט געווען די באַוועגונג אָן די יידן?"

„אָבער בוני, אייער שוועסטער?"

„מיין שוועסטער איז נישט מיין פריינט, זי ד'האָט מיך אויך נישט געבעטן איך זאָל מיר אַ מאַן אויסצוזוכן."

רחל איז געבליבן שטיין שטיל נערוועז פאַרוויקלט די פינגער איינע אין די אַנדערע.

„בוני ווילט איר ווירקלעך, אָדער עס איז נאָר ביי אייך אַ פלוצימדיקער איינפאַל?..."

„געוויס, אָבער אַזאַ, וועלכן איך האָב שוין אָפטער געהאַט."

„וועט איר נישט חרטה האָבן?"

ער האָט געלאַכט:

„דאָס הענגט אָפּ פון אייער ענטפער."

„מאַכט נישט קיין וויצן, איר שרעקט מיך. די זאַך איז זייער ערנסט."

„פאַרוואָס פאַסט איר עס אַזוי אויף?"

„איך קען נישט אַנדערש, איר ווייסט נישט וואָס פאַר אַ שטימונג אַ מיידל האָט אין אַזאַ פאַל, איר דאַרפט נישט צו-

ליב אַ גרויסמוטיקן איינפאַל זיך מאַכן געבונדן און אפשר דערנאָך זיין אומגליקלעך. איר דאַרפט נישט חתונה האָבן מיט אַ בעל-מלאכהס אַ טאָכטער.״

„גוטער גאָט, רחל, מיין פאָטער איז געווען אַן אייזל-טרייבער.״

„יאָ, אָבער איר זענט אַן אַנגלאָזאַקס, אַ שטאָלצע ראַסע איר דאַרפט מיט אַ בלאָנדער הויכגעוואַקסענער פרוי חתונה-האָבן, וועלכע בלייבט אויף איר גאַנץ לעבן שיין און פּאַסט פאַר אַ סאַלאָן. מיר יידישע פרויען ווערן נאָך דעם צווייטן, אָדער דריטן קינד גראָב, און דעמאָלט וועט איר מיך שוין נישט האָבן גערן.״

בוני האָט אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער.

„אַלזאָ, ליבסטער, ווען איר ווילט דוקא זיין פייערלעך: איך האָב צופעליק נאָך קיינמאָל נישט געליבט קיין בלאָנדע פרוי, די ביידע, מיט וועלכע איך האָב געלעבט, זענען געווען אַזעלכע טונקעלע, ווי איר. איר ווייסט דאָך?״

„יאָ.״

„ווי איז געווען גענוג שיין, זי וועט עס אויך בלייבן, דאָס געהער צו איר באַרוף, אָבער איר שיינקייט האָט מיר ווי-ניק וואָס גענוצט, זי האָט מיר צוליב אַ רומענישן פּרינץ אַוועקגעוואָרפן.״

„פאַרוואָס, בוני?״

„ווייל איך האָב נישט געוואָלט ווערן אומטריי דער באַ-וועגונג.״

„אָ, ווי איך האַס די דאָזיקע פרוי!״ רחלס געלאַסענע שטים האָט געקלונגען אַזוי דראַמאַטיש, אַז בוני איז געוואָרן נייגעריק.

„איר האַסט ווין?״

„איך וואָלט זי געקאָנט דערווארגן.״

„ווייל זי האָט אייך געשלאָגן?״

„ניין, ווייל איך האָב געוווסט, אַז זי וויל אייך אָפּרייסן פון דער באַוועגונג, און איך האָב געגלויבט, אַז דאָס וועט איר

געלונגען. זי האָט באַזעסן אַלץ, וואָס איר פעלט."

בוני האָט געקלערט: ווי אויסטערליש, ווי האָט עס געווּסט און ער נישט, אָ די פרויען! אין דער הויך ד־האָט ער נאָר געזאָגט ליבעסווירדיק: „ניין, זי האָט נישט אַלץ געהאַט."

„וואָס האָב איך, בוני, וואָס באַטייט איך פאַר אייך?"

„איך וועל עס אייך זאָגן. איך בין שוין איבערזעטיקט פון כסדרדיקן שטרייטן. איר האָט גאָר קיין אַנונג נישט; מיין גאַנץ לעבן, צייט איך האָב אָנגעהויבן צו ווערן זעלבסטשטענדיק, איז געווען איין שטרייט מיט די מענטשן, וועלכע האָבן מיך ליב געהאַט און וועלכע האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן דאָס רעכט מיין גורל צו באַשטימען. איר ווייסט גאָרנישט וואָס פאַר אַ רויקייט מיך פולט אָן, ווען איך בין מיט אייך צוזאַמען, עס דאַכט זיך מיר, ווי איך זאָל זיך אָנשפאַרן אין ווייכע קישנס, איך האָב זיך געוואַקלט, ווייל איך בין אויף דעם נצחון מיט ווי טראַסי נישט איבעריק שטאָלץ און איך האָב נישט געוווּסט צי איר וועט וועלן נעמען אַ מאַן פון דער צווייטער, אייגנטלעך פון דער דריטער האַנט."

„בוני, די אַנדערע פרויען שטערן מיר נישט; פאַרשטענדלעך, אַז זיי וועלן אייך שטענדיק נאָכלויפן. פריילין טראַסי האָט מיר געמאַכט זאָרגן, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז זי האָט נאָר זיך ליב, און איך האָב מורא געהאַט, אַז איר וועט עס צו שפעט אַנטדעקן און דערביי צו גרונט גיין. ווייניקסטנס האָב איך מיר אַזוי איינגערעדט, דער אמת אָבער איז, אַז איך בין געוואָרן געל פון אייפערזוכט.

„אָבער, רחל? — האָסטו מיך ליב?"

„גלייך ווי דיך קאָן אַ פרוי נישט ליבן, די פראַגע איז: צי האָסטו מיך ליב?"

„יאָ, רחל, זייער."

„אַך, בוני," — רחלס שטים האָט געקלינגען נישט זייער פעסט —

„דו ווייזט עס אָבער נישט אַרויס."

דאָ האָט ער ערשט באַגריפן, אַז ער האָט אומזיסט גע

פּטרס די צייט, ער האָט זי גענומען אין זײַנע אָרעמס. זי האָט געוויינט אויף זיין ברוסט:

„אָ בוני, בוני, קאָן איך עס ווירקלעך גלויבן?"

כדי איר גלויבן צו פאַרשטאַרקן, האָט ער זי אָנגעהויבן צו קושן, זי איז שטענדיק געווען אַזאַ ערנסט, מאָראַליש מיידל, אַזאַ ענערגישע רעדאַקטאָרין, אַז בוני האָט שטענדיק פאַר איר אַ ביסל מורא געהאַט. איצט אָבער האָט ער אַנטדעקט, אַז רחל איז פּונקט די זעלבע, וואָס אַנדערע פרויען, וועלכע זענען געווען אין אים פאַרליבט. ווי נאָר זי האָט זיך איבערצייגט, אַז עס איז קיין טעות נישט, קיין חלום, האָט זי זיך משוגע פון גליק אָנגעקלאַמערט אין אים און געלאַכט און געוויינט אייני-צייטיק.

קושנדיק זי, האָט ער זיך דערמאָנט אין איר מוט, גע-דולד און ערלעכקייט; יאָ, עס לוינט זיך דאָס דאָזיקע מיידל גליקלעך צו מאַכן.

„אָ בוני, איך ליב דיך, איך ליב דיך!" — האָט זי גע-פליסטערט אין דער טונקלקייט, און אירע קושן האָבן געזאָגט מער פון אירע ווערטער.

„ליבע רחל," — האָט בוני געזאָגט מיט אַ גליקלעכן שמייכל, — „ווען דו געפונסט אַזוי אויס, טאָ וועלן מיר גיין אויפזוכן אַ פּאַסטאָר, אָדער אַ פרידנסריכטער."

„נאַרישער בוני! איך וויל נאָר וויסן, צי דו האָסט מיך ליב. וואָס גייען מיך אָן די פּאַסטאָרס אָדער פרידנסריכטער?"

ער האָט זי צוגעדרוקט פעסטער צו זיך און זייערע ליפּן האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ לאַנגן קוש.

# III

דעם צווייטן מאָרגן האָבן זיי אויפגעזוכט דעם פרידנס-ריכטער, גוס באַטראַכט דאָס לאַנד און צוריקגעפאָרן קיין אַנגל-סיטי.

בוני האָט אויפגעזוכט רותן כדי איר מיטצוטיילן פון זיין חתונה, דאָס האָט אים אַריינגעבראַכט אין אַ פאַרלעגנהייט.

בערטי און ווי האָבן אים איינגערעדט. אַז רות איז אין אים פאַרליבט שוין אפשר צען יאָר, רחל איז געווען אין דעם איבערצייגט, און די דאָזיקע פרויען האָבן שטענדיק אין זייערע קעגנזייטיקע מיינונגען געהאַט רעכט. אויסערדעם האָט ער גע-האַט נאָך עפעס, וואָס האָט אים אויף זיין צוריקרייזע פון פּאַ-ריז באַשעפטיקט אין וואָס ער האָט רחלן נישט דערציילט: דע-מאָלט האָט ער זיך געפרוווט אַנטשליסן מיט וועמען חתונה צו האָבן מיט רחלן צי מיט רותן. ער האָט געהאַט צו רותן די זעלבע שטילע סימפּאַטיע, וואָס זי צו אים, אָבער דאָ איז נאָך געווען פאַוול!

רות איז געווען צו געבונדן צו איר ברודער מיט איי-זערנע קייטן, און דאָס האָט גלייכצייטיק באַטייט די קאָמוניס-טישע באַוועגונג; דעריבער האָט בוני זיך געמוזט נאָכאַמאָל מיט דעם דאָזיקן פּראָבלעם צוזאַמענטרעפן.

פריער אָדער שפּעטער האָט ער דאָך געמוזט זיך אַנט-

שיידן צוצוטרעטן צו דער אָדער יענער פּאַרטיי: צי וויל ער אומוואַרפן דעם קאַפּיטאַליזם דורך שטימצעטל, אָדער דורך אַ דירעקטע אַקציע? איינס איז בונין געוואָרן קלאָר: די אַנט-שיידונג פון דער דאָזיקער פראַגע ליגט אין די הענט פון די קאַפּיטאַליסטן, זיי גרייטן זיך צו צו דעם נעכסטן קריג, און דאָס באַטייט פאַר אַלע מלחמה-פירנדיקע נאַציעס באַלשעוויזם, אויב נישט אין אָנהייב פון דעם קריג, איז ביי דער ענדע, די סאָציאַליסטן וועלן פּרווון צו דעם קריג נישט דערלאָזן, ווען דאָס זיי נישט געלונגען, דאַן וועט דאָס פּראָבלעם דורך דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל געלעזט ווערן.

דערווייל האָט בוני לויט זיין כאַראַקטער געצויגן גיכער צו די סאָציאַליסטן.

ער האָט נישט געוואָלט אַפּעלירן צו דעם געוואַלד, ער האָט עס נאָך נישט אַנערקענט, אַז די קעגנער האָבן גאָר קיין מורא נישט דאָס אָנצוווענדן.

וואָס האָט רות געפּילט, ווען זי האָט זיך פון בוניס חתונה דערוווּסט? יעדנפאַלס האָט זי נאָר אַרויסגעוויזן פרייד.

„איך האָב דאָס דערוואַרט, רחל איז אַ פּרעכטיק מיידל, זי שטימט אויך איין מיט אייערע אַנשויאונגען און דאָס איז די הויפּטזאַך.“

דערנאָך האָט זי דערציילט, אַז פּאַול קערט זיך אום דעם צווייטן טאָג אַהיים, און וועט רעדן אויף אַ פאַרזאַמלונג.

עס איז זיינע פּריינט געלונגען אויף אַ דיפּלאָמאַטישן אופן אָפּצודינגען דעם לאַבאָר-זאַל און איצט וועט ער האָבן די מעגלעכקייט איבערצוגעבן די אַרבעטער דאָס, וואָס ער האָט אין רוסלאַנד געזען, בוני מיט רחלען מוזן אומבאַדינגט קומען.

עס איז געווען דער זונטיק, וואָס פאַר די פּרעזידענט-וואַלן, די אַרבעטער האָבן פאַרשידענע וואַלרעדעס אויסגעהערט, דאָ אָבער האָט זיך עס געהאַנדלט אין עטוואָס אַנדערש, אין עטוואָס פיל וויכטיקערס פון די וואַלן.

ווי פיינטלעך עס זאָלן נישט זיין געשטימט צווישן זיך די אַרבעטערפירער אָבער דער פשוטער מיטגליד קאָן נישט זיין גלייכגילטיק צו דעם ווונדער, וואָס איז אויף דער צווייטער וועלט געשען: אין אַן אומגעהייער גרויסער מלוכה הערשן די פּראָלעטאַריער און שאַפן זייערע געזעצן און זייער קולטור.

פאַול קומט נאָר וואָס פון דאָרט, זיינע ווערטער זענען געווען לעבעדיק, די צוהערער האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זעען אַליין דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געזען.

אָ, דער צאָרן פון די קאַפּיטאַליסטישע בלעטער אויף דעם צווייטן טאָג! זיי האָבן טאַקע נישט איבערגעגעבן וועגן דער פאַרזאַמלונג, אָבער זיי האָבן פּראָטעסטירט קעגן איר און געליאַרעמט אין זייערע לייטאַרטיקלען.

די לאַ-פאָלעט-רויטע זענען שוין אַזוי אויך געגנוג חוצפּהדיק, דאָס אָבער שפּאַנט שוין אַריבער יעדער גרענעץ: אַ באַוווסטער מאָסקווער אַגענט, וועלכן מען האָט פון פראַנקרייך אַרויסגעשיקט, זאָל אָפּהאַלטן אין אַנגל-סיטי אַ פאַרזאַמלונג און די פאַריין-אָרגאַניזירטע אַרבעטער אויפהעצן צו רויטע אומרוען און בונטן! צו וואָס האָבן מיר פּאָליציי? ווו זענען אונדזערע פּאַטריאָטישע פאַרייניקונגען, אונדזער אַמעריקאַנישער לעגיאָן, ווי אויך די אַנדערע פאַרבאַנדן אָפּצוהיטן די רו און אָרדנונג?

בוני האָט אָנגעטעלעפאָנירט צו רותן, אַז ער וויל זיך זען מיט פּאַולען כּדי אַרומצורעדן מיט אים וועגן דער געפּלאַנטער הויכשול, רות האָט געענטפערט, אַז פּאַול איז אַוועק צום פּאָרט, כּדי דאָרט אָרגאַניזירן פאַרזאַמלונגען פאַר די פּאָרטאַרבעטער.

די דאָזיקע אַרבעטער האָבן אין דער צייט ווען בוני איז געווען אין פראַנקרייך, אַ לאַנגן שטרייק אויסגעפירט, זעקסהונדערט פון זיי האָט מען פון אַ דעמאָנסטראַציע אַרעסטירט, כּדי זיי „פון דעם זינגען אָפּצוגעוויינען”, אפשר צוואַנציק פון זייערע פירער האָט מען צו צען און צו צוואַנציק יאָר פאַרבעסערונגס-הויז פאַרמשפּט, און פּאַול האָט געמיינט, אַז

דאָס אַלץ איז שוין גענוג, אַז די איבעריקע זאָלן זיינע ווער־שער אויסהערן.

אין אָוונט האָבן די י. וו. ווס. געפייערט זייערן אַ יום־טוב און פּאַוול האָט געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט, כּדי מיט די פירער זיך צו באַקענען.

## IV

בוני האָט זיך געלאָזט איבערעדן פון בערטין זיך ווײַ־ זיקסטנס אויף אַ געוויסן אופן מאַכן נוצלעך: נאָכצופאָרשן די באַריכטן, וועלכע ווערנאָן ראָסקאָע דיהאָט פאָרגעלעגט איבער דעם פּראָספּעקט־היל־פעלד.

ווערנאָן האָט באַהויפּטעט, אַז אַ העלפט פון די קוואַלן פּראָדוצירן שוין מער נישט, בערטי האָט אָבער אין דעם נישט געגלויבט, זי האָט נישט געקאָנט אונטערשיידן קיין נאַפט־קוואַל פון אַ הינערשטייג, בוני אָבער ווייסט זיך דאָך יאָ אויף דעם, ער זאָל פאָרן קיין פּראָספּעקט־היל און דאָרט געוווּיער ווערן וואָס אַנדערע נאַפטאונטערנעמער האַלטן פון דעם פעלד.

בוני האָט מיטגענומען מיט זיך רחלען: זי האָט, פאַר־ שטענדלעך, איר ייִנגן מאַן באַגלייט אומעטום.

דער עלצטער מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט האָט דערווייל איבערגענומען די רעדאַקציע פון דער צייטונג, בוני האָט ווידער אַמאָל געפירט דעם אויטאָ מיט איין האַנט, אָבער רחל האָט מורא געהאַט, ווען ער איז צו שנעל געפאָרן, ווייל די געטער זענען זיך מתקנא אין אַזאַ גליק, ווי אירס.

רחל האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען קיין נאַפטפעלד פון דער נאָענט, בוני האָט זי צוגעפירט צו דעם „אַנטדעקערקוואַל״ האָט איר דערציילט ווי דעם הער קולווער האָט דער אויער־

פאַרבאַן געפּלאַצט, ווייל ער האָט מיטן קאָפּ דעם שטראָם געוואָלט איינהאַלטן, ער האָט איר אויך געוויזן דעם ערשטן קוואַל, וואָס דער פאָטער האָט געבויערט און ביי וועלכן ער אַליין האָט מיטגעאַרבעט.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם גרויסן רייכטום; דער פאָטער און אפשר נאָך אַ צוואַנציק אַנדערע מענטשן זענען דאָ רייך געוואָרן, דערפאַר אָבער זענען פאַראַן אין ביטש-סיטי טויזנטער מענטשן, וועמענס הייזער עס זענען שווער באַלאַסטעט געוואָרן מיט היפּאָטעקן, ווייל זיי האָבן ווערטלאָזע אַקציעס אָנגעקויפט, אויף אַזאַ אופן איז אויף פּראָספּעקט-היל געמאַכט געוואָרן צומערסטן געלט: אַנשטאָט נאַפט, האָט מען פאַרקויפט פּאַפּיר.

פּאַול האָט ריכטיק געזאָגט, באַהויפּטנדיק, אַז מען האָט מער געלט אין באָדן אריינגעלייגט, ווי מען האָט אַרויסגענומען.

דאָ איז געווען אַן אמתער נאַפט-אוצר, וועלכער וואָלט געקענט דרייסיק יאָר אָנהאַלטן, ליידער אָבער האָט מען הונדערטער קוואַלן געבויערט, אַזוי אַז עס האָט זיך שוין באַלד אויפגעהערט צו לוינען דאָס גאַנצע פּאָמפּעווען.

דאָס מאַכט אָן די געבענטשטע קאָנקורענץ, וועלכע מען לערנט אויף די נאַציאָנאַלעקאָנאָמישע קורסן צו ליבן און צו אַכטן. און וואָס פאַר אַ שוידערלעכע סטאַטיסטיק פון פאַרווונדערטע און געהרגעטע אַרבעטער.

בוני האָט געציילט די ראָס-קוואַלן; -אייניקע אַלטע אַרבעטער האָבן אים דערקענט און זיך מיט אים געגריסט.

ער האָט מיט זיי גערעדט און זייערע דערקלערונגען האָבן געשטימט מיט די דערקלערונגען פון ווערנען.

אָוונט-צו, ווען ער מיט רחלען האָבן זיך שוין צוגעגרייט אַוועקצוגיין, זענען זיי צוגעקומען צו אַן עלנט געצעלט, וועלכעס איז געווען שוואַרץ פון נאַפט-פלעקן און גרוי פון שטויב; אין הינטערהויף איז געשטאַנען אַ טאַנק און אַ צען פיס דערווייטערס אַ בויערטורם, אויף דער אַנדערער זייט האָט זיך גע-

פונען אַ שטאָל, אין וועלכן עס זענען געשטאַנען די לאָקאָמאָ־
בילן פון אַן אַנדער בויערטורם.

בוני איז געבליבן שטיין און איבערגעלייענט דעם נומער
אויף דעם געצעלט: „5746 לאָס־ראַבלס־בולוואַר!"

דאָ האָט געוווינט די פרוי קראַאַטרי, פּאַוולס מומע.

אין דעם הויז איז פאָרגעקומען די פאַרזאַמלונג פון די
פּאַכטער און דורך דעם פענסטער האָט ער צום ערשטן מאָל
פּאַוולס שטים דערהערט.

ער האָט דערציילט די געשיכטע פון יענעם אָוונט, גע־
שילדערט די פאַרשידענע פּערזאָנען, און ווי אַזוי זיי האָבן זיך
באַנומען, פּאַוול האָט געזאָגט, אַז דאָס איז געווען אַ קליינע
אין דעם וועלטקריג אַ גרויסע נאַפט־מלחמה, אין אַלעם איבע־
ריקן זענען זיי פּאָלקאָם גלייך.

ווען די ביידע האָבן נאָך גערעדט האָט זיך געעפנט די
טיר און אַ דיקע פרוי מיט אַ רויט פּנים און שמוציקן שלאַפ־
ראָק איז אַרויסגעגאַנגען.

„דאָס איז פרוי קראַאַטרי!"—האָט בוני אויסגערופן.

ער איז אַרויסגעשפּרינגען פונם אויטאָ:

„אַ גאָטהעלף, פרוי קראַאַטרי!"

זי האָט אים שוין אַזויפיל יאָרן נישט געזען, ער האָט
איר געמוזט זאָגן, ווער ער איז, אַזוי אויסגעוואַקסן, חתונה
געהאַט! מען קאָן עס קוים גלויבן, ניין. ווי די צייט פאַרגייט!
און הער ראָס איז טויט? פרוי קראַאַטריס מאַן האָט די טרוי־
עריקע ידיעה אין דער צייטונג געלייענט.

זי האָט געוווּסט אַז די ראָס זענען זייער רייך געוואָרן,
דערפאַר האָט איר דער באַזוך שטאַרק אויפגערעגט, זי האָט זיי
איינגעלאַדן אין שטוב אַריין, אַ ביסל באַאומרויקט, ווייל די
שטובן זענען נישט געווען אין אָרדנונג.

זיי האָבן אָנגענומען איר איינלאַדונג, דאָס צימער איז געווען
נישט געענדערט, עס האָט נאָר אויסגעזען קלענער און בלאַסער.
ער האָט אויך דערקענט דאָס פענצטער, ביי וועלכן ער האָט צום

ערשטן מאָל דערהערט פּאָולס פּליסנדיקע שטים, און אפילו אויך דעם לערבוך פון עטיקעט מיט דעם בלויען באַנד און גאָל-דענעם שניט, נעבן וועלכן עס איז געלעגן אַ גאַנצער שטויס פון אַקטן. באַמערקנדיק, אַז בוני קוקט אויף דעם, האָט זיך די פרוי קראַאַטרי אָנגערופן:

„דאָס זענען די אַקטן פון אונדזער גרונטשטיק, איך האָב זיי צוגענומען ביי אונדזער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט נאָר דאָס געלט צוגענומען און גאָרנישט געטון."

## V

בוני מיט רחלען האָבן אָפּגעגעסן אָוונטברויט און שפּאַצירט בײַ דעם ברעג.

עס איז געווען איינע פון יענע וואַרעמע נעכט, וועלכע טרעפן זיך נאָר צייטנווייז אין דרומקאַליפאָרניע; אַבער דעם ים האָט געגלאַנצט די לבנה. דער ברעג איז געווען העל באַלויכטן און אין דער קלאַנג פון אַן אָרקעסטער האָט געלאָקט די פאַרליבטע פּאָרלעך.

אויף דעם ברעג האָט זיך געפונען אַ גרויסער זאַל, וועלכער האָט געהערט צו דער שטאָט און ווו עס זענען פאָרגעקומען טאַנצן, אויך בוני מיט זיין יינגער פרוי האָבן געטאַנצט.

אָבער ווי נאָר דער אָרקעסטער איז שטיל געוואָרן, האָט אַ טעמפּער שווערער קלאַפּ דערשיטערט דעם זאַל, ווי אַ ווייטער דונער.

„וואָס איז דאָס?” — האָט רחל געפרעגט, — „אַן ערדציטערניש?”

„די האַרמאַטן,”—האָט בוני געענטפערט.

„האַרמאַטן?”—בוני האָט עס איר געמוזט דערקלערן: דער פלאָט מאַכט שיסאיבונגען.

בײַ דעם ברעג זענען געשטאַנען אפשר צוואַנציק קריגסשיפן.

ווער עס לעבט נאָענט נעבן דעם ברעג, דער קאָן הערן שיסן טאָג און נאַכט.

רחל האָט נישט געוואָלט מער טאַנצן.

זיי זענען געפאָרן לענגאויס דעם ברעג, ער ד'האָט זיך געצויגן אפשר אויף צוואַנציק מייל און האָט געפירט דורך שטעט, באַנסטאַציעס און אַרבעטער הייזער, דאָ האָבן די י. וו. ווס. געהאַט זייער הויפּטקוואַרטיר, ווו זיי פלעגן זיך צוזאַמענקומען אַרומצורעדן זייער פּראָגראַם.

רות האָט בונין געגעבן אַן אַדרעס פון אַ טונקעלער ענגער גאַס אין דעם אַרבעטערפערטל, דאָ האָט זיך געפונען אַ גרויסער זאַל, די פענצטער האָבן געלויכטן, עס האָבן זיך געהערט קלאַווירטענער און אַ זונגענדיקע קינדערשע שטים, בוני האָט אויסגעקוקט צווישן די פיל אויטאָס אַ ליידיק אָרט און געוואָלט אַהינפאָרן, אָבער רחל האָט אים געפּאַקט ביי דעם אָרעם:

„סטאָפּ!"

לענגאויס דער גאַס זענען געפאָרן אייניקע אויטאָס צו צוויי אין דער ריי, אַזוי, אַז זיי האָבן דעם גאַנצן וועג פאַרנומען.

פון זיי איז אַרויסגעשפּרונגען, אַ פּופציק מאַן מיט שטעקנס העק און שטאַלבאייזנס, זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף דעם אַריינגאַנג אין אַ מינוט שפּעטער איז די מוזיק פאַרשטומט געוואָרן, דערנאָך האָט מען דערהערט אַ געשריי, אַ ליאַרם. דאָס ברעכן גלעזער און שווערע קלעפּ.

זיי זענען אויף זיי אָנגעפאַלן!"—האָט בוני אויסגעשריגן און זיך געוואָלט וואַרפן אין שטוב אַריין.

אָבער רחל האָט אים אַרומגעוויקלט מיט אירע אָרעמס:

„ניין! ניין! בלייב רויק! וואָס ווילסטו דען קענען העלפן?"

„מיין גאָט, מיר מוזן עטוואָס טון!"

„דו ביסט נישט באַוואָפנט, דו קענסט די באַנדע נישט אויפהאַלטן. מען וועט דיך נאָך הרגענען, בלייב רויק!"

פון אינעווייניק האָט זיך געהערט אַ ווילד געשריי; דער

זאָל איז געווען איבערפולט און אַלע האָבן געשריגן מיט אַלע כוחות. ער האָט גאָר קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז זי זאָל זיין אַזוי שטאַרק.

„ניין, בוני, ניין! אין גאָטעס ווילן! טו עס צוליב מיר! איך בעט דיך, איך בעט דיך!"

זי האָט דערפילט איצט די שרעק, וועלכע וועט איר ביז אין טויט פאַרפאָלגן: אין אַ געוויסן טאָג וועט אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן קלאַסנקאַמף זיין אויך דער חוב פון איר מאַן זיך צו לאָזן טויטן. אָבער נאָך נישט איצט! נישט איצט, נישט אין אירע האָניק־וואָכן!

דאָס איינגאַנצן איז פאָרגעקומען ווי אַ ווירבלשטורם. די אָנגרייפער האָבן פאַרלאָזט דעם זאַל פונקט אַזוי שנעל, ווי זיי האָבן אים באַטרעטן; זיי האָבן געשלעפּט מיט זיך אפשר אַ האַלב טוץ געפאַנגענע, זיי אַריינגעוואָרפן אין די אויטאָס, וועמענס מאָטאָרן עס זענען נאָך געווען אין גאַנג, און זענען שנעל אַוועק מיטן וועג.

עס איז געוואָרן שטיל.

איצט האָט בוני ענדלעך געקאָנט אַרויסשפרונגען פון אויטאָ און זאַל אַריין.

רחל איז געלאָפן הינטער אים. ער האָט נאָר געהאַט איין געדאַנק, ווי אין יענער נאַכט, ווען ער איז אויף פרוי קראַאטריס הויף אַרומגעלאָפן און געשריגן „פּאַוול! פּאַוול!" באַשטימט האָבן די באַנדיטן מיטגענומען מיט זיך פּאַוולען און ווי אַזוי וועט ער אים קאָנען אָפּראַטעווען.

שוין אין דער טיר האָט ער דערזען אַ מאַן מיט אַ גרויסער וווּנד אין שטערן, פון וועלכער עס האָט געשטראָמט בלוט. ער האָט נישט געקענט זען און געשריגן:

„די פאַרשאָלטענע הינט? די פאַרשאָלטענע הינט!"

נעבן אים איז געשטאַנען אַ מאַן, וועלכער האָט באַקומען אַ מעסערשטאָך אין דער האַנט; אַ פרוי האָט צעריסן איר פאַלטאָ כדי צו מאַכן בענדער. אַ קליין מיידל איז געלעגן אויף דער

ערד און געבּרילט פון ווייטיק; עמעץ האָט איך אַראָפּגעצויגן די זאָקן מיט וועלכע עס האָט זיך מיטגעריסן די הויט.

„זיי האָבן אַריינגעוואָרפן דאָס קינד אין דעם קאָוועקעסל!"—האָט עמעץ אַריינגעזאָגט בונין אין אויער אַריין,—„יעזוס קריסטוס, זיי האָבן געוואָרפן די קינדער אין זידיקער קאַווע!"

אַ צעמישונג האָט געהערשט איבעראַל, פרויען זענען געלעגן אזיף דער ערד און היסטעריש געוויינט. עס איז נישט איבערגעבליבן קיין איין גאַנץ שטיקל מעבל, די שטילן זענען געווען צעהאַקט, די פּיאַנינאָ צעבּראָכן, די טישן אומגעוואָרפן, דער קעסל איבערגעקערט.

נאָך איידער מען האָט אים איבערגעקערט האָט מען אין אים דריי קינדער אַריינגעוואָרפן, זייער פלייש האָט זיך אָפּגעקאכט און זיי זענען שוין אויף אייביק פאַרבליבן קריפּלען.

צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ צעניאָריק מיידעלע, וועלכע האָט מיט אַ זיסע שטים געזונגען אַ סענטימענטאַלע באַלאַדע און רעוואָלוציאָנערע לידער.

דער פירער פון דער באַנדע האָט דאָס אַ שטויס געטון פון דער פּלאַטפּאָרם:

„מיר וועלן דיר שוין דאָס פאַרשאָלטענע מויל פאַרשטאָפּן."

וואָס האָט באַטייט דער דאָזיקער אָנפאַל? לויט דער פּרעסע איז עס געווען אַ רעזולטאַט פון פּאַטריאָטישער אויפרעגונג פון די מאַטראָסן. אויף איין קריגסשיף איז פאָרגעקומען אַן עקספּלאָזיע, ביי וועלכער עטלעכע מענטשן האָבן זייער לעבן פאַרלוירן, און די צייטונגען האָבן די ידיעה פאַרשפּרייט, אַז י. וו. וו. ס. האָבן געלאַכט פון פרייד. דאָס איז שוין אַן אַלט שפּיצל פון דער פּרעסע.

אינם אַלטן רוסלאַנד האָט מען די שוואַרצע מאה אויפגעהודערט דורך אַ בלוט-בלבול, אין ענגלאַנד דורך בריוו, וועלכע זענען מכלומרשט געשריבן געוואָרן פון סאָוועטישע פירערס און וועלכע זענען אין דער אמתן געפעלשט געוואָרן דורך דער ענגלישער רעגירונג כדי צו זיגן בשעת די וואַלן.

די בלעטער פון געזעץ און אָרדענונג האָבן דערקלערט, אַז דער דאָזיקער אָנפאַל איז אַ ספּאָנטאַנער. איינס אָבער האָט געווירקט אויפפאַלנד: ביי אַלע פריערדיקע פאַרזאַמלונגען פון די י. וו. ווס. האָבן זיך געפונען פּאָליציאַנטן, כדי צו פאַרפּראָטאָקאָלירן פאַרברעכערישע אויסדרוקן, אין דעם אָוונט אָבער איז קיין איין פּאָליציאַנט נישט געווען אין דער נאָענט, און קיינער איז פאַר דעם מערדערישן אָנפאַל נישט באַשטראָפט געוואָרן.

# VI

בוני האָט נישט דערוואַרט צו געפונען פּאַולן, פּלוצים האָט ער אים דערזען; פּאַול איז געלעגן אויף דער ערד זיין לינק אויג איז געווען אַ בלוטיקע מאַסע, ווען בוני האָט אים אָנגערופן ביי דעם נאָמען האָט ער קיין ענטפער נישט געגעבן. אָבער ער האָט נאָך געלעבט, ער האָט געכאָרכלט.

„אַ דאָקטאָר, אַ דאָקטאָר!” עס האָבן זיך געפונען אייניקע דאָקטוירים בשכנות און די מענטשן זענען געלאָפן זיי ברענגען

בוני האָט געקענט פון זיין אין ביטש-סיטי דעם נאָמען פון אַ כירורג. ער האָט צו אים אָנגעקלינגען, דער כירורג איז צום גליק געווען אין דער היים.

בוני האָט אים איבערגעגעבן וואָס עס איז געשען און דער כירורג האָט צוגעזאָגט באַלד צו קומען, ער האָט אָבער דערקלערט, אַז אין פאַל ווען דער שאַרבן איז צעשעדיקט, אַזוי וועט מען באַדאַרפן האָבן אַ דורכלייכטונג.

בוני האָט אָנגעקלינגען אין אַ רענטגענלאַבאָראַטאָריום און געהייסן באַלד קומען אַ רעטונגסוואָגן.

דער כירורג האָט פעסטגעשטעלט אַ געהירנצערשטערונג. פון הינטן אויפן קאָפּ זענען געווען שפורן פון אַ שטאַרקן קלאַפּ: אָדער פּאַול האָט געכאַפּט אַ קלאַפּ אין אויג און האָט צוריקפאַלנדיק זיך אָנגעשלאָגן אין קאָפּ, אָדער פאַרקערט.

יעדנפאלס מוז מען פאר אלעמען מאכן א רענטגענאויפנעם.

מען האט דעם באוווסטלאזן קערפער אוועקגעפירט אין א רענטגענאינסטיטוט, דער אויפנעם איז געמאכט געוואָרן, און דער כירורג האט געוויזן בונין מיט רחלען דעם ברוך, וועלכער האט זיך געצויגן פונם קארק ביז אין די אויערן, אויף דעם אָרט איז יעדע אָפעראַציע אויסגעשלאָסן. דאָ האנדלט זיך אין דעם, אין וואס פאר א מאס דאס געהירן איז צעשעדיקט; און דאס לאָזט זיך נישט באלד פעסטשטעלן. דעם פאציענט מוז מען האלטן אין פולקאָמער רויקייט.

אין שטאָט איז געווען א פריוואטקליניק, דאָרט איז איצט פאוול געלעגן, דאס אויג פארבונדן און דער קאָפ אין א פעטליע, כדי אויסצומיידן דעם מינדסטן דרוק אויף דעם צעשעדיקטן אָרט.

בוני און רחל זענען טרויעריק געזעסן נעבן זיין בעט.

רחל האט זיך פארטיידיקט קעגן בוניס געדאנקן.

„ליב הארץ, וועסטו דיר דיין לעבן לאנג מאכן פאָרווורפן, וואָס דו ביסט אויך אהין נישט אריינגעגאנגען און זיך אויך געלאָזט דעם שארבן צעשפאלטן?"

ניין, בוני האט געוווסט, אז ער וואלט דאס אומגליק נישט פארהיט, נאָר פארוואס ד'האט עס גראָד באדארפט זיין פאוולס קאָפ, דעם קלוגסטן קאָפ, וועלכן בוני ד'האָט נאָר ווען עס איז געקענט?

זיי האָבן נאָך געהאט אויף זיך א שווערן חוב צו דער־פילן. רחל האט אים דערמאָנט אין אים:

„מיר מוזן רותן מודיע זיין."

זי האט זיך אויפגעהויבן דאס צו טון: ביי דעם טעלעפאָן האט זיך געמאָלדן רחלס ברודער יעקב, וועלכער האט זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון א זיצונג: ער מוז באלד פאָרן צו רותן און זי אהער ברענגען.

אין צוויי שעה שפעטער איז שוין רות געלאָפן אויף די טרעפ ווייס ווי קרייד פון שרעק.

„ווי פילט ער זיך? ווי פילט ער זיך?"

ווען זי דערזעט ווידער פאולן, איז זי געבליבן שטיין.

„וואָס איז געשען?״

און ווען די ביידע האָבן עס איר געזאָגט:

„וועט ער נאָך בלייבן לעבן?״

זי איז צוגעגאַנגען נעענטער און האָט קיין אויג נישט אַראָפּגענומען פון פּאַולס געזיכט. זי האָט אויסגעשטרעקט די הענט און זיי צוריקגענומען, ווייל מען האָט פּאַולן נישט גע־טאָרט אָנרירן, דערנאָך אָבער האָבן זיך די הענט ווי פון זיך אַליין אויסגעשטרעקט נאָכאַמאָל פאָרויס.

פּלוצים איז זי אַנידערגעפאַלן אויף די קני, צוגעדעקט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און געוויינט און געוויינט.

בוני מיט רחלען האָבן געפּרוווט איר טרייסטן, אָבער זי האָט זיי ביידע כמעט ווי נישט באַמערקט, זי איז געווען אַליין אין דעם שרעקלעכן אָפּגרונט פון איר טרויער. בוני, וועלכער האָט זי באַאָבאַכט, האָט געפילט ווי עס פליסן אים הייסע טרערן איבער די באַקן.

עס איז געווען אומנאַטירלעך, אַז אַ מיידל זאָל אַזוי איר ברודער ליב האָבן, ווייניקסטנס האָט אַזוי געזאָגט ווי.

אָבער בוני האָט עס פאַרשטאַנען; אין איר קינדהייט איז רות געווען פאַרוואָרפן אויף די איינזאַמע בערגלעך, פון פּאַראַ־דיז. און פּאַול איז דעמאָלט געווען איר איינציקער פריינט און רעטונג פון דער פאַנאַטישער פאַמיליע און פון דעם פאָטער, וועלכער פלעגט איר שלאָגן, שוין דעמאָלט האָט רות געוווסט, אַז פּאַול איז אַ גרויסער מאַן: זי האָט אים אין די אַלע יאָרן באַגלייט, באַאָבאַכט, ווי זיין גייסט האָט זיך אַנטוויקלט, און איצט איז דער דאָזיקער גייסט צעשטערט געוואָרן פון אַ בעסטיע מיט אַן אייזערנעם שטאַנג.

## VII

עס איז שוין לאַנג געווען איבער האַלבע נאַכט, ווען רחל האָט געפּרוּווט בונין באַוועגן צו גיין.

זיי האָבן דאָך גאָרנישט געקאָנט טון נישט פאַר פּאַוולען און נישט פאַר רותן. בשכנות האָט זיך געפונען אַ קליינער האָטעל, דאָרט וועלן זיי אַ צימער אָפּנעמען. די וועכטערין וועט זיי קאָנען מודיע זיין אין פאַל ווען אין פּאַוולס צושטאַנד וועט פאָרקומען עפּעס אַן ענדערונג.

בוני האָט נאָכגעגעבן, ער האָט נישט געוואָלט גיין אומגערעכט צו רחלען, ער האָט געוווּסט, אַז זיין צוגייענונג צו פּאַוולען, דאָס אונטערוואַרפן זיך פון זיין גייסט אונטער פּאַוולס אָרט דענקען, גרענעצט זיך מיט עטוואָס אומנאַטירלעכס. יאָ, בפירוש האָט דאָס אים געזאָגט, שפּעטער ווי און איצט געפינט עס אויך אויך רחל.

בוני האָט נישט געקאָנט שלאָפן. אין בעט האָט ער רחלען דערקלערט אַלץ: פּאַוול האָט אים געגעבן קאַן אידעאַל, אַ שטרענגען האַרטן אידעאַל: אומאָפּהענגיק צו זיין אינם דענקען, האָבן פאַרשטענדעניש און זיין אַנטשלאָסן קעגנאיבער דעם לעבן און זיך נישט לאָזן אַראָפּפירן פונם גלייכן וועג דורך געלט, אָדער פאַרגעניגן. ער איז נישט געווען טריי, האָט געלעבט אין לוקסוס, זיך געיאָגט נאָך פרויען, אָבער האָט שטענדיק געהאַט

די בענקשאַפט, דעם ווילן צו זיין גלייך מיט פּאַולען.

און אין יעדן קריזיס פֿון לעבן איז פּאַול דערשינען: בוני האָט זיך געמאָסטן ביי זיינע האַנדלונגען מיט פּאַולן און אָנערקענט ווי דערפּאָלגלאָז עס איז געווען זיין אייגן שטרעבן.

פּאַול האָט אים אויפגעקלערט וועגן די אַרבעטער און זייערע געפילן, פּאַול איז געווען פאַר אים די פאַרקערפּערונג פון דעם אויפוואַכנדיקן פּראָלעטאַריאַט. פּאַולס גייסט איז געווען פאַר אים ווי אַ שיינוואַרפער, וועלכער האָט די וועלטלאַגע באַלויכטן און געוויזן בונין דאָס, וואָס ער האָט געמוזט וויסן.

איצט איז דאָס ליכט פאַרלאָשן, און בוני וועט ביי דעם טריבן שיין פון זיין אייגענעם ברענענדיקן לאַמטערן מוזן זען.

„ליבסטער, אפשר וועט ער ווידער ווערן געזונט,” — האָט רחל געפליסטערט, אָבער בוני האָט געקרעכצט—„ניין, ניין, ער וועט שטאַרבן.”

ווי אַ בליץ האָט ער דערזען פאַר זיינע אויגן דעם רענטגענאויפנעם פון פּאַולס געשפּאָלטענעם שאַרבן.

דאָס ליכט איז פאַרלאָשן, וויניקסטנס פאַר דער וועלט; אַ בעסטיע האָט עס מיט אַן אייזערנעם שטאַנג אויסגעלאָשן.

רחל האָט אַרומגעוויקלט אירע אָרעמס אַרום בונין און אים געפּרוּווט מיט צערטלעכקייט צו טרייסטן. נאַטירלעך איז דאָס געלונגען; ער האָט נישט געקאָנט איר ליבע אָפּשטויסן...

ענדלעך איז ער איינגעשלאָפן. רחל אָבער איז נישט געשלאָפן, זי איז שטיל געלעגן אין בוניס אָרעמס, ער האָט געציטערט אין שלאָף פּונקט אַזוי ווי זי האָט געציטערט ווען די האַרמאַטן האָבן אויסגעשאָסן.

וואָס האָט בוני געטון אין טרוים? האָט ער געקעמפט קעגן שטעקנס, העק און אייזערנע שטאַנגען? איז ער ווידער געלעגן מיטן פאָטער אונטער דעם דעמב בשעת דער ערדציטערניש? צי האָט ער געזען ווי ווערנאָן ראָסקאָע העצט קעגן פּאַולען, פייניקט אים און דראָט אים מיט אייזערנע שטאַנגען?

VIII

צומאָרגנס זענען בוני מיט רחלען אוועק אין שפּיטאָל, אַליין איז געווען נישט בעענדערט. פּאָול האָט שווער געאָטעמט און רות איז געזעסן נעבן דעם בעט, די אויגן אויף דעם ברו־דער געווענדט און די הענט פאַרבראָכן.

זי האָט אויסגעזען נאָך בלאַסער און אירע ליפּן האָבן געהאַלטן אין איין ציטערן. די שוועסטער האָבן איר געבעטן זיך צו צולעגן אָפּרוען, אָבער זי האָט נישט געוואָלט, זי איז שוין געוווינט צו קראַנקע, זי איז אַליין אַ שוועסטער.

דער כירורג איז געקומען, אָבער ער האָט נישט געקאָנט גאָרנישט טון, מען האָט געמוזט וואַרטן. בוני האָט אים אַוועק־גענומען אין דער זייט און זיך נאָכגעפרעגט, צי פּאָול קאָן נאָך געזונט ווערן.

„אוממעגלעך צו זאָגן. ווען ער וועט צוריק באַקומען דעם באַוווסטזיין, אַזוי קאָן ער געזונט ווערן. ווען אָבער ער וועט באַקומען אַ געהירנהויטאָנצינדונג אָדער אַ בלוט אויסגיסונג, אַזוי וועט ער שטאַרבן."

רחל האָט געמיינט, אַז מען מוז מודיע זיין דער פאַמיליע.

בוני האָט טעלעגראַפירט צו אַבעל וואטקינס קיין פּאַראַ־דיז און אים געבעטן אויף זיינע קאָסטן צו נעמען אַן אויטאָ און די פאַמיליע צו ברענגען.

ער האָט זיך איבערגעלייגט, צי עס איז זיין חוב אויך עלי וואטקינס מודיע צו זיין, אָבער ער ד'האָט באַשלאָסן דאָס נישט צו טון.

דערנאָך האָט ער געקויפט די מאָרגנצייטונגען און איבער-געלייענט אַ טריאומפירנדיקן באַריכט איבער די געשעענישן פון דעם פאַרגאַנגענעם אָוונט: די רויטע האָבן באַקומען אַ לעקציע, וועלכע איז זיי שוין פון לאַנג נויטיק, די רו און אָרדנונג אויף דעם ברעג איז שוין פאַרזיכערט.

עס איז געווען דער מאָרגן פונם וואַלטאָג.

דער סענאַטאָר לא-פאָלעט האָט קאַנדידירט מיט דער אונ-טערשטיצונג פון די סאָציאַליסטן: דער גרעסטער קלאַפּ האָבן געזאָלט זיין די נאַפּטרעוועלאַציעס. צוערשט האָט אויסגעזען, אַז די אַנטדעקער וועלן אויך האָבן דערפאָלג; די מאַסן האָבן זיך אינטערעסירט מיט דעם דאָזיקן ענין. אָבער די פיינט ד'האָבן נאָר געוואַרט אויף אַ גינסטיקן אויגנבליק.

די לעצטע פאָר וואָכן האָבן זיי אַלע זייערע רעזערוון געעפנט.

פאַרשטענדלעך האָט געשטעקט אין דעם דאָס געלט פון ווערנאָן ראָסקאָע און אַנדערע נאַפּטאונטערנעמער צוזאַמען מיט די באַנקירן און גרויסאינדוסטריעלער, פון די אַלע, וועלכע האָבן דורך דעם אונטערקויפן די רעגירונג געקאָנט עפּעס געווינען אָדער פאַרקערט פון דעם נישט אונטערקויפן געקאָנט עפּעס פאַרלירן.

עס איז אונטערגענומען געוואָרן אַ נייע פּופּציקמיליאָנען דאָלאַרנקאָמפּאַניע. אין יעדער שטאָט און דאָרף האָבן זיך גע-פונען קאָמיטעטן, וועלכע האָבן דעם וואָלטעראַר אָרגאַניזירט. די צענטראַלביוראָס פון דעם דאָזיקן וואָלטעראַר זענען געווען אין וואַשינגטאָן און אין ניו-יאָרק; די סחורה איז געוואָרן פּעק-ווייז פאַרפראַכטעוועט און צעשיקט צווישן אַלע אַגענטורן-צייטונגען, פלוגבלעטער, מאַסנפאַרזאַמלונגען, מוזיקקאַפּעליעס, אילו-מינאַציעס, פאַקלצוגן, ראַדיאָ און פילם. ווען לא-פאָלעט, דער רויטער- צעשטערער אויסגעוויילט ווערן, אַזוי איז די געזעל-

שאַפט פאַרניכטעט און די אַרבעטער בלייבן אָן אַרבעט.
דעריבער שטימט פאַר דעם שטאַרקן, שווייגנדיקן מלוכה-מאַן, דעם גרויסן, ווייסן, איידעלן פריינט פון אַלע פשוטע מענטשן, דעם „פּאָרזיכטיקן קולידזש"!
און איצט, ווען פּאַול וואַטקינס האָט אויסגעהויכט זיין נשמה, איז אין לאַנד געפאַלן אַ ווירבלשטורם פון שטימצעטלען, צענטע טויזנט שטימצעטלען אין אַ סעקונדע.
„דאָס פאָלק האָט זיין ווילן מאַניפעסטירט."

# IX

עס איז געווען ווארעם ווי אין זומער, די פענסטער פונעם שפיטאָלצימער זענען געווען אָפן. נישט ווייט איז געשטאַנען אַ הויז פון שכנים; אין דעם צימער קעגנאיבער איז געווען ביי דעם אָפענעם פענסטער אַ ראַדיאָ-אַפּאַראַט אָנגעשטעלט.

די באַוווינערין פון דעם צימער האָט געהערט צו יענע צווייהונדערטטויזנט הויזפרויען, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט זייער באַלעבאַטישקייט אונטער דער מוזיק פון „יעזוס, פריינט פון מיין נשמה," אָדער „מאמי, דו סירענע."

וואָס אַנבעלאַנגט דער איצטיקער הויזפרוי, האָט זי געהאַט אַן אַלאַרומנעמענדיקן געשמאַק, און די פיר, וועלכע האָבן ביי פּאַולס בעט געוואַכט, האָבן פאַרנומען שטיקלעך פון דעם אָרגלקאָנצערט אין דער ערשטער מעטאָדיסטישער קירך, אָדער פון דעם „פיגלי-וויגלי-גירלס-אָרקעסטר", אין דער צייט ווען די כוואַליע AXI האָט מודיע געווען אַז אין מזרח איז די וואַלבאַטייליקונג אַ גרויסע, און כוואַליע VZW האָט אָנגעבאָטן אויטאָמאָבילן פון דער צווייטער דהאַנט, אַן אומבאַקאַנטער רעדנער האָט אויפגעפאָדערט אַלע בירגער צו איילן צו דער וואַלאורנע, און פריילן עלווירע סמיטרעס, אַ קאָלאָראַטורסאָפּראַן, האָט געטרילערט:

„איך ליב דיך, מיין קוקלע, אַך יאָ, איך ליב דיך!"

עס האָט אָנגעטשעפּעניִרט די ביוראָ פון דער וואָרקערס פּאַרטיי און אויך פון די י. ווו. וו. ס.

עס האָבן זיך באַוויזן רעפּאָרטערס, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו בּוניס אויפגערעגטער שילדערונג פון דעם אָנפאַל, האָבן געמאַכט אייניקע נאָטיצן און דאָבן פאַרשטענדלעך גאָרנישט פאַרעפנטלעכט. די פּרעסע פון אַנגל-סיטי האָט געפירט אַ טאַקטיק, וואָס יעדער קינד האָט געקאָנט פאַרשטיין; זיי האָבן נישט פאַרעפנטלעכט קיין שום ידיעה, וועלכע וואָלט געקאָנט שאַדן ברענגען די געשעפטאינטערעסן.

מען האָט אָנגעקלונגען פון פּאַראַדיז: מעלי וואַטקינס, איצט שוין פרוי אַנדי בוגנער, איז געווען ביי דעם טעלעפאָן.

„די עלטערן מיט סאַדין זענען געגאַנגען אָפּריכטן אַ תפילה. איך ווייס נישט וווּ, כ'וועל פּרוּוון זיך דאָס דערוויסן. וואָס מאַכט פּאָול?"

ווען בוני האָט געענטפערט, האָט מעלי געפרעגט, צי מען האָט שוין מודיע געווען עלין.

„צי איר גלייבט, צי נישט, אָבער עלי איז אַ גרויסער היילער, ער האָט שוין אַ סאַך מענטשן אויסגעהיילט, מסתּמא וועט ער אויך קאָנען עפּעס טון פאַר זיין אייגענעם ברודער."

בוני האָט טעלעגראַפירט צו עלין און אים מודיע געווען פון פּאָולס צושטאַנד, אין אַ צוויי שעה שפּעטער איז געבליבן שטיין פאַר דעם שפּיטאָל אַ גרויסער פּרעכטיקער אויטאָ.

עלי וואַטקינס דער נביא פון דער דריטער אָפּנבאַרונג, האָט געטראָגן אַ קרעם פלאַנעלענעם אַנצוג, וועלכער האָט זיין הויכע געשטאַלט געמאַכט נאָך וווּנדערלעכער.

אין די דאָזיקע טעג פון רום און מאַכט האָט ער זיך געהאַלטן ווי אַ בישאָף. ער האָט קיינעם נישט געגעבן די האַנט און האָט נאָר אַ קוק געטון אויף יעדן מיט זיינע גרויסע, העלבלויע אויגן און געזאָגט:

„זאָל די ברכה פון גאָט רוען אויף אייך!"

צוגייענדיק צום ברודער, האָט ער אים באַטראַכט, נישט שטעלנדיק קיינעם קיין פראַגן; רענטגענאויפנאַמעס האָבן אים

נישט אינטערעסירט; גאָט ווייסט שוין וואָס אים איז. ענדלעך האָט ער געזאָגט:

״איך וועל מיט מיין ברודער בלייבן אַליין.״

עס איז נישט געווען קיין שום גרונט זיין ביטע נישט צו דערפילן, בוני, רחל און רות האָבן פאַרלאָזט דאָס צימער.

רותן איז געווען אַלצאיינס ווי זי האָט זיך געפונען. זי האָט שטאַר געקוקט פאַר זיך און אירע ליפן האָבן געציטערט: אַ בילד פון שרעקלעכע ליידן.

דער שפּיטאָל־דאָקטאָר האָט איר געבעטן צו טרינקען אַ ביסל מילך, רות האָט געפּרוווט, האָט אָבער נישט געקאָנט אַ־ראָפּשלינגען. אירע אויגן זענען געווען פול מיט טערן. קיינער האָט זי נישט געקאָנט טרייסטן. אָדער באַרויקן.

עלי איז אָפּגעפאָרן, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט: גאָטס וועגן קאָן קיין פּשוטער בשר־ודם נישט פאַרשטיין.

פּאָוולס צושטאַנד האָט זיך נישט געענדערט. רות האָט זיך צוריק אומגעקערט צו זיין בעט, אָבער איצט האָט שוין דער דאָקטאָר באַפוילן, אַז זי זאָל איינגעמען אַ שלאָף־פּראָשעק און זיך אָוועקלייגן, ער האָט נישט געוואָלט דערלויבן, אַז אין זיין שפּיטאָל זאָל אַ מענטש זיך אַליין אומברענגען. רות, וועלכע איז געווען געוווינט אויסצופאָלגן די באַפעלן פון די דאָקטוירים האָט זיך געלאָזט אָוועקפירן, און בוני מיט רחלען האָבן איבער־גענומען די וואַך.

# X

עס האָט אַראָפּגעגנידערט די נאַכט, דער איינוווינער פֿון דעם קעגנאיבערדיקן צימער איז געקומען אַהיים, האָט אָפּגעגעסן אָוונטברויט, זיך אַוועקגעזעצט געמיטלעך אין די ווייסע אַרבל ביי דעם פֿענצטער, די פּייקע אין מויל און זיך צוגעגרייט דעם עטער אויסצופּאָרשן.

אויף אַזאַ אופֿן האָבן בוני מיט רחלען דורך דעם ראַדיאָ זיך דערוווּסט פֿון די וואַלן, נישט דאַרפֿנדיק פֿאַרלאָזן זייער פּאָסטן, די פּופּציקמיליאָניקע דאָלאַרנקאָמפּאַניע האָט אָפּגעטון אַ גוט שטיקל אַרבעט: פֿון אומעטום האָט מען מודיע געווען, אַז דער שטאַרקער, שוויגנדיקער מלוכה־מאַן האָט מער שטימען פֿון די אַלע איבעריקע קאַנדידאַטן.

היות ווי דאָס דאָזיקע געשעעניש איז פֿאַר אַלע ראַדיאָ אונטערנעמערס, צייטונגען, קירכן און טעמפּלען זייער געווּנטשן געווען, זענען דאַריבער די ידיעות איבערגעגעבן געוואָרן מיט שמחה.

אויך די דריטע אָפּנבאַרונג ד־האָט אָנגעפּולט די לופֿט, עליס אָנהענגער האָבן זיך נישט אינטערעסירט מיט די וואַלן, ווייל זיי האָבן געהאָפֿט איינגיכן אַרויפֿצושווימען צו דער הימלישער מלוכה, וועלכע ווערט רעגירט לויט דעם מאָנאַרכיסטן פּרינציפּ.

צוערשט האָט זיך געהערט אַן אָרגלקאָנצערט און דערנאָך עליס שטים.

אַזוי אַרום האָבן זיך בוני מיט רחלען דערוווּסט וואָס איז געווען עליס ציל, באַוואוסטזיניק פּאָולען.

„ברידער, גאָט האָט מיר געגעבן אַ וווּנדערלעכן באַווייז פון זיין חסד צו מיר. איך האָב אַן עלטערן ברודער, דער חבר פון מיינע קינדעריאָרן. ער איז דערצויגן געוואָרן אין מורא פאַר גאָט און די שטים פונם אַלערהעכסטן האָט זיך אים פאַרטרויט אויף די בערגלעך, ווו מיר האָבן די טשערדעס פון אונדזער פאָטער אָפּגעהיט, מיר זענען געזעסן פאַסטוכער, געזעסן אונטער די פרייע הימלען און געבעטן פאַר די פאַרלוירענע פון דער וועלט.

„ברידער, מיין ברודער איז אויסגעוואַקסן און פאַרלאָזט די אמונה פון זיינע קינדעריאָרן, ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ שלעכטער געזעלשאַפט און האָט אָנגעהויבן אָפּחוזקן פון גאָטס וואָרט, די ליבע פון אונדזער דערלייזער יעזוס קריסטוס האָט מער נישט געלעבט אין זיין האַרצן, נאָר שנאה און האַס צו די, וועמען גאָט האָט זיין אמת אַנטפּלעקט. ברידער, דאָס שלעכטס וואָס מיין פאַרבלאָנדזשעטער ברודער האָט געוואָלט זען אויף אַנדערע, האָט אים אַליין געטראָפן; איצט ליגט ער אויף דעם טויטנבעט, נידערגעשלאָגן פון דיביידע ליידנשאַפטן, וועלכע ער האָט אין זיך אַליין אויפגעוועקט, עס איז געווען מיין ווייטיקלעכער חוב ביי זיין בעט צו זיין.

אָבער, מיינע פריינט, ווער קאָן גאָטס חכמה פאַרויסזען? ווער קאָן זיינע וועגן באַגרייפן? זיין ווילן איז געפעלן מיין געבעט אויסצוהערן, ער האָט דערלויבט מיין פאַרלוירענעם ברודער די אויגן צו עפענען, מיר ענטפער צו געבן, זיך מודה צו זיין אויף די זינד און חרטה האָבן.

„ברידער, פרייט אייך מיט מיר, ווייל איך האָב צוריקגעפונען דאָס שעפעלע, וועלכעס איך האָב פאַרלוירן. איך זאָג אייך, אַז מען פרייט זיך אין דהימל פיל מער איבער אַ זינדיקן, וועלכער האָט תשובה געטון, איידער איבער נײַנאוניינ-

צדיק צדיקים, וועלכע האָבן די תשובה נישט באַדאַרפט, הללויה הללויה !"

אין דער צייט פון דער רעדע האָבן זיך געהערט צווישנ־רופן און אַ געמורמל פון אַ גרויסער מאַסע. אויף דער טיר איז אַן אויפגערעגטע געשטאַנען רות וואַטקינס, זי האָט שטאַר בעקוקט אויף בונין און געפליסטערט:

„דאָס איז אַ ליגן !"

יאָ, בובי האָט געוווּסט, אַז עס איז אַ ליגן, אָבער ווי אַזוי זאָל ער עס באַווייזן און ווען עס זאָל אים אַפילו געלונ־גען צו באַווייזן, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? דער ראַדיאָ איז אַן איינזייטיקע זאַך, מען קען אים הערן, אָבער נישט אָפּענטפערן.

אין דעם באַשטייט זיין אומגעהייערע נוצן פאַר דעם קאַ־פּיטאַליסטישן סיסטעם. דער באַלעבאָס זיצט זיך אין דער היים און נעמט צו אַלץ, וואָס מען גיט אים, ווי אַ קינד וואָס מען זייגט, אויף אַזאַ פונדאַמענט לאָזט זיך אויפבויען די גרעסטע שקלאַפן־מלוכה אין דער געשיכטע.

# X

איצט האָט מען אין ראַדיאָ פאַרנומען ידיעות פון קאַלי־פאָרניע. דער רעדנער האָט געהאַט אַ ווייכע, ליידנשאַפטלעכע שטים, וועלכע האָט אים טויזנט דאָלאַר מאָנאַטלעך אַריינגע־בראַכט, אין אַ שטיל געלעכטער, וואָס האָט אים צום אָפּגאָט פון די קינדער געמאַכט.

מען האָט אים גערופן אָנקל פעטער און ער פרעגט די קינדער מעשהלעך דערציילן, איצט האָט ער זיין הומאָר אויף די וואָל־ידיעות פאַרווענדט:

„ראַזאַריאַ, קאַליפאָרניע. האַלאָ. די געבורטסשטאָט פון באָב בוקמאַנס, דעם סעקרעטאַר פון דער האַנדלסקאַמער. מיר וועלן זען וואָס באָב האָט אויפגעטון. ראַזאַריאַ: זיבנאונדרייסיק באַ־צירקן פון צווייאונפופציק, לאַ־פאָלעט 117, דייוויס 86, קולידזש 549, גוט, גוט. אין פאַל ווען בוב־בוקמאַן הערט גראָד איצט ראַדיאָ, אַזוי שיק איך אים איבער גליקוווּנטשן, איר האָט עס געמאַכט אויסגעצייכנט, הער בוב!”

און דערנאָך:

„פּאַראַדיז, קאַליפאָרניע, וואָס מיינט איר? דאָס שטעטל פונם סאַלאָנבאָלשעוויק ראָס יוגיאָר. דאָס איז דאָס יינגל, וועל־כער האָט פאַר די אַרעסטירטע, וועלכע ער רופט אָן פּאָליטישע קויציע געגעבן, און וועלכער גיט אַרויס אַ קליינע צייטונג

מיט דעם ציל די סטודענטן און סטודענטנס אויף רויט איבער־צופּאַרבן. מיר ווילן זען, וואָס די שטאָט פון דעם קליינעם בוני האָט אים צו זאָגן: פּאַראַדיז, קאַליפאָרניע, פערצן באַצירקן פון ביינאונצוואַנציק, לאַ־פּאַלמאַ 217, דייוויס 98, קולידזש 693, נאַ, נאַ, בוני, איר מוזט נאָך אָרנטלעך צואַרבעטן."

פּאַולס ליפּן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן און ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ שטילן קלאַנג. רות האָט זיך איינגעבויגן איבער אים:

"ער קערט זיך אום צום באַוואוסטזיין, רופט דעם דאָקטאָר!"

דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט זיך צוגעהערט, גע־פּרוווט פּאַולס פּולס און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, עס הענגט אינגאַנצן אָפּ דערפון, וואָס פאַר אַ טייל פון די געהירן עס איז אָנגערירט, מעגלעך, אַז די רעדצענטערס זענען פּאַרבליבן אומבאַשעדיקט. די קלאַנגען, וואָס ער האָט אַרויסגעבראַכט, האָבן נישט געהאַט קיין שום צוזאַמענהאַנג; פּאַול האָט אפשר נישט געוווּסט, וואָס ער האָט געזאָגט. ער קען אַזוי אַ פּאָר וואָכן בלייבן אין אַזאַ צושטאַנד.

רות האָט פונדעסטוועגן ווייטער זיך צוגעהערט, זי האָט געפּרוווט איין וואָרט כאַפּן, אפשר וויל פּאַול מיט איר רעדן, עפּעס בעטן איר, זי האָט געפּליסטערט:

"פּאַול, פּאַול, ווילסטו רעדן מיט מיר?"

די טענער זענען געוואָרן שטאַרקער און רחל האָט באַ־מערקט:

"דאָס איז אַ פרעמדע שפּראַך."

"עס מוז זיין רוסיש,"—האָט בוני געזאָגט,—"די איינציקע פרעמדע שפּראַך, וואָס פּאַול האָט געקענט."

עס האָט געווירקט שרעקלעך, גלייך אַ טויטער זאָל רעדן.

"דאַ זדראַסטוויעט רעוואָלוציאַ!"

ער האָט עס געהאַלטן אין איין איבערחזרן.

"דאָס מוז האָבן אַ שייכות מיט דער רעוואָלוציע,"—האָט בוני געמיינט. און דערנאָך:—"וויסיאַ וולאַסט סאָוויעטאַם!"

דאָס מוז עפּעס האָבן צו טון מיט די סאָוויעטן.

אזוי איז פאַריבער אַ שעה, פּלוצים האָט רות אויסגערופן:

„בוני מיר מוזן זיך דערוויסן, וואָס ער זאָגט. מיר מוזן עס, אפשר בעט ער אונדז עפּעס!"

רחל ד׳האָט געפּרוּווט אַזיר צו באַרויִקן. אָבער רות איז געוואָרן אַלץ אויפגערעגטער, רחל דאַרף זיך נישט אַריינמישן וואָס ווייסט זי פון ליידן?

„איך וויל וויסן וואָס פּאָול זאָגט, קאָנען מיר דען נישט געפונען קיינעם, וואָס זאָל פאַרשטיין רוסיש?"

בוני האָט טעלעפאָנירט צו גרעגאַר ניקאָלאַיעוון און אים געבעטן באַלד צו קומען.

אין אַ שעה אַרום איז געקומען גרעגאַר און זיי געזאָגט, אַז פּאָול וויל נישט רעדן מיט דער שוועסטער, נאָר ער פלייסט זיך נאָך אַלץ צו האַלטן אַ רעדע אין רוסיש און איבערגעבן די יינגע אַרבעטער פון אַמעריקע די טאַטן פון די יינגע אַר-בעטער אין רוסלאַנד.

## XII

פּאַול האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, און רות האָט אויסגעשריגן:

„ער קומט צו זיך!"

אָבער די וועכטערין האָט דערקלערט, אַז דאָס האָט נישט קיין שום באַדייטונג, ווייל דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך אפשר באַוועגן. זי האָט איבערגעמאָסטן פּאַולען די היץ, האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט.

פּאַולס הענט האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער דעק אַהין און אַהער, זיין קול איז געוואָרן אַלץ העכער און העכער ער האָט נאָך אַלץ גערעדט רוסיש. גרעגאר האָט זיי דערקלערט די ווערטער. פּאַול זעט אין היץ דעם רויטן פּלאַץ... חייל... סיביר... ער הערט אַרבעטער זינגען:

„זאָל לעבן די רעוואָלוציע!"

„די גאַנצע מאַכט פאַר די סאָוויעטן!"

XIII

פּאַול האָט אָנגעהויבן ווילד מיט די הענט צו שלאָגן;

ווען מען האָט געפּרוּווט אים צו צוהאַלטן, האָט ער זיך געווערט. צי האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עס האָבן אים געפּאַקט די שטרייקוועכטער אין פּאַראַדיז, אָדער די תּפיסה-וועכטער פון סאַן עלידאָ? ער האָט געקעמפּט ווי אַ משוגענער; בונדי האָט געהאַלטן איין האַנט זיינע און גרעגאָר די צווייטע; רות מיט רחלען האָבן זיך אָנגעקלאַמערט אין זיינע פיס; די וועכטערין איז געקומען צולויפן מיט אַ צוואַנגסהעמדל. מיט פיל מי האָבן זיי אים געבונדן, ער האָט זיך פאַרצווייפלט געווערט, זיין פּנים איז געוואָרן טונקלרויט, די אָדערן אויף זיין האַלדז האָבן זיך אָנגעבלאָזן

און ווידער האָבן די ראַדיאָ-כוואַליעס געבראַכט דעם ליאַרם פון הונדערטער זינגענדיקע און ברילנדיקע מענטשן, צייטנווייז אויך דאָס קלאַפּן פון טעלער און גלעזער.

עמעצער האָט געהאַלטן אַ רעדע, דאָך איז ער געווען אַזוי באַטרונקען, אַז ער האָט קוים געקענט רעדן; די צוהערער האָבן אים סיי ווי נישט פאַרשטאַנען, ווייל אויך זיי זענען געווען פולקאָם אָנגעשכורט. אויסרופן, ליאַרעמס, געלעכטערס, און דאָ ליידן.

דער רעדנער איז געווען שכור, דער ראַדיאָ אַליין איז

געווען שכור, אפילו גאָט אויף זיין טראָן איז אויך געווען שכור איבער דעם זיג פון דעם גרעסטן מאַן, וועלכן עס האָט זען בישט איז געהאַט אין זיינע צימערן דאָס ווייסע הויז. בוי... ני האַלב צעטומלט פון דערשעפונג האָט די גאַנצע סצענע בעזען דורך אַ נעפּל פון קלאַנג און באַוועגונג: דאָס שפּילן פון טראָמייטן, דאָס פלאַטערן פון די פאָנען, דאָס אויפלאַמען פון עלעקטרישע סיגנאַלן און דאָס טאַנצן פון די פינאַנסיסטן מיט זייערע געליבטע.

„מיין גאָט, מיין גאָט!"—האָט רות אויסגערופן,—„ער וויל מיט מיר רעדן."

אַ רגע האָט עס טאַקע געמאַכט דעם איינדרוק: פּאַוולס געזונט אויג האָט זיך געעפנט, און דאָס האָט געקוקט ווילד און שוידערלעך. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַרויסגעלאָזט אַ כאָרכלדיקן קלאַנג...

„ווען זי ליבט איז זי אַן אויוון,"—האָט דער ראַדיאָ גע־ברילט.

„פּאַוול, וואָס איז דיר?"—האָט רות געשריגן.

„דער אויוון לאָזט זיך נאָר מיט שטעקנס הייצן!"

פּאַוולס קאָפּ איז צוריק אַראָפּגעפאַלן באַזיגט. רות ביידע הענט פאַרלעגט, ווי זי זאָל בעטן צו אים, האָט אויסגעזען, גלייך זי זאָל אים מיט איר נשמה נאָכפאָלגן אין דעם וויטן אָרט, וווּ ער איז איצט געגאַנגען.

„ער איז טויט! ער איז טויט!"

רות האָט אַוועקגעלייגט איר האַנט אויף פּאַוולס האַרץ און אויסגעשריגן. זי איז געלאָפן צום פענצטער, נאָר בוני האָט איר רעכטצייטיק פאַרהאַלטן.

די וועכטערין האָט איר שנעל געמאַכט אַן איינשפּריצונג און אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז שוין רות געלעגן אויף אַ בעט, אויסערלעך פּונקט אַזוי טויט ווי דער ברודער.

דער ראַדיאָ האָט מודיע געווען:

„דער לעצטער ביולעטין פון ניו־יאָרק! קאַלווין קולידזש

האט באקומען די גרעסטע שטימענמערהייט, וועלכע עס דהאט נאך קיינמאל נישט דערגרייכט קיין שום אמעריקאנער פרעזי-דענט, כמעט אכצן מיליאן שטימען, א גוטע נאכט, פריינ[illegible] [illegible]ן זיעם ראדיאלאנד!

די קומאָניסטן האָבן געוואָלט איינאָרדנען, „אַ רויטע לויה״. עלי אָבער האָט דערצו נישט דערלאָזט: פאַחל האָט תשובה־געטון און זיך צוריק צו יעזוסן אומגעקערט, דערפאַר דאַרף מען אים מקבר זיין לויט דעם ריטואַל פון דער דריטער אפנבאַרונג.

אין דריי טעג שפעטער ד־האָט געשפּאַנט אַ קליינער צוג אויף איינעם פון די פּאַראַדיז בערגלעך.

דעם צוג האָט באַגלייט אַ גרויסע מאַסע.

בוני, רחל און אַ קליינע גרופע רויטע זענען געשטאַנען אין דער זייט: זיי האָבן געוווּסט, אַז מען האָט זיי דאָ נישט גערן. רות איז געשטאַנען מיט דער וויינענדיקער פאַמיליע ביי דעם קבר און נעבן איר אירע ביידע שוואָגערס, צוויי קרעפּטי־קע אַרבעטער, אַנדי בוגנער און זשערי בלעק, אָפּצוהיטן איר. זי איז געווען בלייך, ז׳אָך האָט עס אויסגעזען, ווי זי זאָל נישט פאַרשטיין די באַדייטונג פון דעם אויסגעגראָבענעם קבר.

אין דער צייט ווען עלי האָט גערעדט וועגן דעם פאַר־בלאָנדזשעטן זון, וועלכער האָט זיך אומגעקערט צוריק אַ היים, וועגן דעם פאַרלוירענעם און צוריקגעפונעם שעפעלע, האָט רות שטאַר געקוקט אויף די ווייסע וואָלקנס, וועלכע האָבן זיך לאַנג־זאַם באַוועגט איבער די ווייסע בערגלעך.

רות איז געוואָרן גאַנץ שטיל. זי האָט נאָר אַרומגעוואַנדערט אויף די בערגלעך און גערופן די שאָף, וועלכע ד'האָבן זיך דאָרט שוין מער נישט געפּאַשעט. צייטנווייז האָט זי גערופן פּאַוולן און אַמאָל אויך בונין. מען האָט זי געלאָזט אַזוי אַרומגיין, ביז זי האָט אין איין שענעם טאָג אָנגעהויבן רופן זשאַע גונדאַ.

די נאַפּטאַרבעטער, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט נייע בויערטורעמס און די אַלטע אָפּגעברענטע געריייניקט, זענען אויף דעם ראָס-יוניאָר-פעלד געווען פרעמד (איבעריקנס ד'האָט דאָס פעלד איצט שוין געהייסן ראָסקאָע-יוניאָר-פעלד, אײנער פון ראָסקאָעס פינף זין האָט עס איבערגענומען). די נייע אַרבעטער ד'האָבן קיינמאָל נישט געהערט פון זשאַע גונדאַ, וועלכער איז אין דעם ערשטן קוואַל אַריינגעפאַלן, דעריבער האָבן זיי אויך קיין אַכט נישט געלייגט אויף דעם אומגליקלעכן מיידל, וועלכעס האָט אַרומגעבלאָנדזשעט און זיין נאָמען גערופן.

ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָט די פאַמיליע באַמערקט, אַז רות איז נישטאָ.

ווען מען האָט איר אָנגעהויבן אַרומזוכן, האָט אײנער פון די אַרבעטער דערציילט, אַז רות האָט אַ גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין רופן דעם נאָמען זשאָע גונדאַ, מעלי האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט, און זיי ד'האָבן אין דעם ערשטן קוואַל אַראָפּגעלאָזט אַ פאַנגשער, וועלכע האָט ווירקלעך אַרויפגעבראַכט אַ שטיק פון רות קלייד. מען האָט די פאַנגשער נאָכאַמאָל אַראָפּגעלאָזט און איצט האָט זי שוין רות קערפּער אַרויפגעצויגן: עלי איז געקומען קיין פּאַראַדיז, און רות איז נעבן פּאַוולן באַגראָבן געוואָרן, בשכנות מיט זשאָע גונדאַס קבר.

איר קענט היינט נאָך זען די דאָזיקע מיט דראָט אַרומגעצוימטע קברים: דער נעכסטער בויערטורם הויבט זיך אויף דערווייטערט פון זיי אויף אַ שטח פון הונדערט פיס. אין איין שענעם טאָג וועלן פאַרשווינדן ווערן די ד'העסלעכע בויערטורעמס, די דראָטפאַרצוימונגען און אויך די קברים.

עס וועלן ווידער אַרומלויפן איבער די בערגלעך מיידלעך מיט נאַקעטע, ברוינע פיס און וועלן אפשר גליקלעכערע פרויען זיין, אויב עס וועט נאָר געלונגען די אַרבעטער צו שמידן אין קייטן דעם שוואַרצן, אכזריותדיקן ריז, וועלכער האָט נישט נאָר רות וואטקינס מיט איר ברודער געטויט.

# נאָכוואָרט פון אויטאָר.

מיש אויס די קאָרטן און צעטייל זיי אויפסניי: די קאָרטן ליגן גאַנץ אַנדערש, ווי ביי דעם פריערדיקן קאָן, און עס איז דאָך גענוי די זעלבע קאָרטן און דאָס זעלבע שפּיל און די זעלבע שטימונג; די שפּילערס זיצן אומעטיק און שטום, — איבער זייערע קעפּ אַ וואָלקן פון טאַבאַקרויך.

דאָס גילט אויך פאַר דער דאָזיקער דערציילונג, — אַ זיטנבילד פון דרומקאַליפאָרניע, ווו דער אויטאָר האָט אין משך פון זיין עלפיאָריקן אויפהאַלטן זיך דאָרט געהאַט גענוג געלעגנהייטן צו מאַכן באַאָבאַכטונגען, דאָס בילד אַנטשפּרעכט דעם אמת, און די גרויסע מאַסע פון איינצלהייטן איז געטריי איבערגעגעבן געוואָרן.

אָבער די קאָרטן זענען געוואָרן צעמישט; נעמען, ערטער, דאַטן, כאַראַקטערשטריכן, עפּיזאָדן—דאָס אַלץ איז געוואָרן „אויפסניי" אויסגעטיילט. די איינציקע פּערזאָנען, וועלכע מען קאָן ווירקלעך אין דעם בוך דערקענען, זענען די דריי פּרעזידענטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן. פאַרשטענדלעך אַז מען האָט דאָס שוין נישט געקאָנט „מישן". זאָל אָבער דער לעזער נישט פּטרן זיין צייט אומזיסט אויף צו אידענטיפיצירן נאַפטמאַגנאַטן און קינאָקעניגן, ווייל ער וועט דערמיט נאָר עמעצן טון אַן אומרעכט, און אויב ער וועט אפילו טרעפן אַזעלכן, וואָס האָט זיך אַ פינגער אָפּגעהאַקט, כדי די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט אָפּצונאַרן, איז עס אָבער נישט זיכער צי דער דאָזיקער האַלט אויס אַ געליבטע, אָדער צי ער האָט אַ באַאַמטן פונעם מיניסטעריום אונטערגעקויפט.